# עדגאַר עלען פּאו
# אויסגעוועהלטע ווערק

ערשטער באנד



# עדגאַר עלען פּאָ

# נאָוועלען

איבערזעצט פון ענגלישען דורך ל ע אָ ן  ע ל ב ע

פערלאג „אידיש" ניו-יאָרק

1920

# די מאסקע פון דעם רויטען טויט.

דער „רויטער טויט“ האט שוין פון לאנג פארוויסט דאס לאנד. קיין מגפה איז נאך ניט געווען אזוי פארדערבליך אדער אזוי שוידערליך. בלוט איז געווען זיין פארקערפערונג, און זיין זיגעל — די רויטקייט און דער שוידער פון בלוט. עס פלעגט אנכאפען שארפע וועהטאגען און פלוצלונג פארשווינדלען אין קאפ, און דערנאך פלעגט אהן א שיעור נעמען בלוטען פון די שווייסלעכלעד און דער קערפער פלעגט צעפאלען אין שטיקער. די שארלאך־רויטע פלעקען אויפ׳ן קערפער, און איבערהויפט אויפ׳ן פנים פון דעם קרבן — דאס איז געווען דער פעסט־צייכען, וואס פלעגט איהם לעגען אין חרם, אויסשליסענדיג איהם פון דער הילף און מיטגעפיהל פון זיינע מיטמענשען. און דאס אלעס, דער אנהויב, די אנטוויקלונג און דער אויסלאז פון דער קרענק, פלעגט געדויערען ניט מעהר, ווי א האלבע שטונדע.

אבער דער הערשער פראספערא איז געווע פרעהליך, אומדערשראקען און שארפזיניג. ווען זיין לאנד האט פארלארען שוין האלב פון דער באפעלקערונג, האט ער פאררופען צו זיך א טויזענד לוסטיגע און לייכטזיניגע פריינד פון צווישען די ריטער און דאמען פון זיין הויף, און ער האט זיך צוזאמען מיט זיי טיף באהאלטען אין איינעם פון זיינע באפעסטיגטע קלויסטערס. דאס איז געווען א גרויסע און פראכטפולע געביידע, געבויט נאכ׳ן קעניג׳ס אייגענעם משונה׳דיגען, דאך דערהויבענעם, געשמאק. א שטארקע און הויכע וואנט האט דעם שלאס ארומגערינגעלט. די וואנט האט געהאט אייזערנע טויערען. די הויפלייט, ווען זיי זיינען אריין אינוועניג, האבען מיט זיך געבראכט שמעלץ־אויוועַנס מיט שווערע האמערס און זיי האבען צונויפגעשמידט די פאררו־

קערם. זיי האָבען באַשלאָסען, ניט צו לאָזען ניט קיין איינגאַנג און ניט קיין אויסגאַנג פאַר די פּלוצלינגע אימפּולסען פון פאַר־צווייפלונג פון דרויסען, אָדער משוגעת פון אינווייניג. דער קלויס־טער איז געווען גוט באַזאָרגט מיט עסענוואַרג. מיט אַזעלכע באַ־וואָרענישען האָבען די הויפלייט זיך געקאָנט אויסלאַכען פון דער מגפה. און די וועלט פון דרויסען זאָל אַליין זאָרגען וועגען זיך. דער־ווייל איז געווען נאַריש צו דאגה'ן, אָדער צו טראַכטען. דער קעניג האָט באַזאָרגט אַלע מיטלען פון פאַרגעניגען. עס זיינען געווען קלאָונען, עס זיינען געווען בדחנים, עס זיינען געווען באַלעט־טענ־צערינס, עס זיינען געווען מוזיקאַנטען, עס איז געווען שעהנהייט, עס איז געווען וויין. דאָס אַלצדינג, און זיכערקייט, איז געווען אינווייניג. און דרויסען איז געווען דער „רויטער טויט“.

דאָס איז געווען צום סוף פון דעם פינפטען אָדער זעקסטען מאָנאַט פון זיין באַהאַלטען זיך, און בעת די מגפה האָט מיט רציחה געבושעוועט אינדרויסען, האָט דער קעניג פּראָספּעראָ גע־מאַכט פאַר זיינע טויזענד פריינד א מאַסקען־באַל פון אוי־סערגעוועהנליכען גלאַנץ און פּראַכט.

עס איז געווען א וואָויל־לוסטיגע סצענע, יענער מאַסקעראַד. אָבער לאָזט מיך אַפריהער דערצעהלען וועגען די צימערען, וואו דאָס איז פאָרגעקומען. זיבען איז געווען — א קייזערליכע דירה. אין א סך פּאַלאַצען אָבער בילדען אַזעלכע צימערען א לאַנגע און גלייכע אַלעע, בעת די פליגעל־טירען רוקען זיך אויףביידע זייטען כמעט הארט צו די ווענט, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע אויסזעהן ווערט קוים געשטערט. דאָ איז אָבער געווען גאַנץ אַנדערש. אַזוי ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען פון דעם דוכס'עס ליבע פאַר דאָס אומגעוועהנליכע. די צימערען זיינען געגאַנגען אַזוי ניט־רעגעלמעסיג, אַז דאָס אויג האָט געקאָנט כאַפּען פאַר איין מאָל בלויז עטוואָס מעהר ווי איינס. עס פלעגט זיך שאַרף פאַרקירע־ווען ביי יעדע צוואַנציג אָדער דרייסיג איילען, און ביי יעדעם מאָל פאַרקירעווען זיך איז געווען עפּעס א נייס, וואָס זאָל פאַרכאַפּען דאָס אויג. רעכטס און לינקס, אין דער מיט פון איטליכער וואַנט, האָט א הויך און שמאָל פענסטער, אין גאָטישען סטיל, אַרויסגע־

קוקט אין א פארמאכטען קארידאר, וואס האט זיך געדרעהט צוגלייך מיט די צימערען. די דאזיגע פענסטער זיינען געווען פון געפארבטען גלאז, און דער קאליר האט זיך געביטען וועדליג דעם הערשענדען קאליר פון די דעקאראציעס פון צימער, אין וועלכען דאס פענסטער האט זיך געפענט. למשל, די דעקאראציעס אין סאמען מזרח זיינען געווען בלוי, זיינען אויך די פענסטער אזוי בלוי געווען. דער צווייטער חדר איז געווען פורפעל־רויט. דער דריטער איז געווען דורכאויס גרין, און אזוי זיינען אויך געווען די פענסטער־ראמען. דער פערטער איז געווען אויסגעשטאט און באלויכטען מיט אראנזשען־קאליר, דער פינפטער מיט ווייסען, דער זעקסטער מיט פיאלעט. דער זיבעטער איז געווען געדיכט באשלאגען מיט שווארצע סאמעטענע טאפעטען, וועלכע זיינען געהאנגען איבער'ן גאנצען סופיט און ארונטער די ווענט, ארונטערלאזענדיג זיך אין שווערע פאלדען אויף א טעפיך פון דעם זעלביגען שטאף און קאליר. נאר אין דעם איין חדר האט דער קאליר פון די פענסטער ניט געשטימט מיט די דעקאראציעס. דא זיינען די שויבען געווען שארלאך־רויט, א טיפער בלוט־קאליר. אבער אין קיין צימער ניט, פון די אלע זיבען צימערען, איז ניט געווען קיין לאמפ אדער קאנדעלאבער צווישען דער מאסע גאלדענע ארנאמענטען, וואס זיינען געלעגען צעווארפען אומעטום, אדער ארונטערגעהאנגען פון דאך. עס איז ניט געווען קיין שום שיין פון א לאמפ אדער א ליכט ערגעץ אין א צימער. דערפאר אין די קארידארען, וואס זיינען געגאנגען נאך די צימערען, איז אנטקעגען יעדען פענסטער געשטאנען א שווערער דרייפוס, און אויף איהם א פייערטאפ, וועלכער האט דורכגעשלאגען זיינע שטראלען דורך די קאלירטע גלאז, און האט אויף אזא'נ'אופן העל באלויכטען דאס צימער. און אט אזוי זיינען ארויסגעקומען אהן א שיעור בריליאנטענע און פאנטאסטישע ערשיינונגען. אבער אין מערב פון שווארצען צימער איז דער עפעקט פון פייער־ליכט, וואס האט געשטראמט דורך די טונקעלע פארהאנגען, דורך די בלוט־געפארבטע שויבען, געווען שרעקליך ביז גאר, און האט ארויסגערופען אזא ווילדען קוק אויף די געזיכטער פון די וואס זיינען אריינ־

געקומען, אַז זעהר וועניג פון דער חברה האָבען גענוג מוט געהאַט גאָר אַ פּוס צו שטעלען דאָרט.

אַט אין דעם צימער איז דאָס אויך געשטאַנען ביי דער מערב־וואַנט אַ ריזיגער זייגער פון עבענהאָלץ. זיין פּערפּענדיקעל האָט זיך געוויגט הין און צוריק מיט אַ מעמפּען, שווערען, מאָנאָטאָנעם קלאַנג; און ווען דער מינוטען־ווייזער האָט געמאַכט זיין עיגול אַרום דעם ציפערבלאַט און די שטונדע האָט געדאַרפט שלאָגען, איז פון די מעשענע לונגען פון דעם זייגער אַרויסגעקומען אַ קלאַנג, וועלכער איז געווען קלאָר, הויך, טיף און אויסערגעוועהנליך מוזיקאַליש. אָבער דער קלאַנג האָט געהאַט אַזאַ מאָדנעם טאָן און אויסדרוק, דאָס ביי יעדער שטונדע פלעגען די מוזיקאַנטען פון דעם אָרקעסטער מוזיק פאַר אַ ווײַלע איבערהאַקען זייער שפּילען, אום צוצוהערען זיך צום קלאַנג, און אַזוי האָבען אויך די וואַלצערס געמוזט אָפּשטעלען זייער טאַנץ, און די גאַנצע לוסטיגע חברה איז אויף אַ ווײַלע צעמישט געוואָרען, און בעת דער זייגער האָט נאָך געהאַלטען אין קלינגען, האָט מען געקענט באַמערקען, ווי די לייכטזיניגסטע זיינען געוואָרען בלאַס, און די עלטערע און מעהר געזעצטע האָבען אַ פיהר געטאָן מיט זייערע הענט איבער זייערע שטערענס, אַזוי ווי די רעיונות וואָלטען ביי זיי צעמישט געוואָרען, אָדער זיי וואָלטען וועלען עפּעס נאָכדענקען. אָבער ווען די קלאַנגען האָבען אינגאַנצען אויפגעהערט, אַזוי האָט אַ לייכטער געלעכטער גלייך אָנגעכאַפּט די פאַרזאַמעלטע, די מוזיקאַנטען האָבען אַ קוק געטאָן איינע אויף די אַנדערע און געשמייכעלט, אַזוי ווי זיי וואָלטען עס געטאָן איבער זייער אייגענער נערוועזיטעט און נאַרישקייט, און זיי האָבען צווישען זיך אין דער שטיל אָפּגעמאַכט, אַז ווייטער זאָל דאָס קלינגען פון דעם זייגער מעהר ניט מאַכען אויף זיי אַזאַ ווירקונג; און דאָך, אַז עס זיינען אַריבער נאָך זעכציג מינוטען (וועלכע כאַפּען אַרום דריי טויזענד מיט זעקס הונדערט סעקונדען פון דער צ י י ט, וואָס פליהט), האָט דער זייגער ווידער געקלונגען, און דאַן איז געווען די זעלבע צעטומלעניש, שרעקעדיגקייט און נאָכדענקונג, ווי פריהער.

אבער טראָץ די אַלע זאַכען, איז עס געווען אַ פרעהליכע און פּראַכטפולע הוליאַנקע. די געשמאַקען פון דעם דוכס זיינען געווען מאָדנע. ער האָט געהאַט אַ פיין אויג פאַר פאַרבען און עפעקטען. ער האָט ניט געקוקט אויפ'ן פוץ פון דער הוילער מאָדע. זיינע פּלענער זיינען געווען געוואַגטע און פייערדיגע, און זיינע השגות האָבען געגליהט מיט באַרבאַרישען גלאַנץ. אַנדערע וואָלטען איהם געהאַלטען פאַר אַ משוגע'נעם. זיינע נאָכפאָלגער אָבער האָבען געפיהלט, אַז ער איז דאָס ניט. מען האָט געמוזט איהם הערען און זעהן און אָנריהרען, אום צו זיין ז י כ ע ר, אַז ער איז ניט משוגע.

די באַוועגליכע באַפּוצונגען פון די זיבען חדרים לכבוד דעם־דאָזיגען גרויסען פעסט — דאָס איז צום גרעסטען טייל געווען זיין קאָפּ; און עס איז געווען זיין אייגענער הערשערישער גע־שמאַק, וואָס האָט אַזוי כאַראַקטעריסטיש געמאַכט די מאַסקערא־דערס. איהר מעגט זיין זיכער, אַז זיי זיינען געווען משונה'דיג. עס איז געווען אַ סך גלאַנץ און שיין און פּיקאַנטקייט און אילו־זיע — וואָס פיעלעס פון דעם האָט מען שוין געזעהן אין „ערנאַני". עס זיינען געווען אַראַבעסקע פיגורען מיט ניט פּאַסיגע גלידער און אויסשטאַטונגען. עס זיינען געווען משוגע'נע פאַנטאַזיעס, אַזעל־כע, ווי אַ משוגע'נעם קען איינפאַלען. עס איז געווען אַ סך שעהנ־קייט, אַ סך צעלאָזענקייט, אַ סך אויסערגעוועהנליכעס, עטוואָס שרעקליכעס און ניט קיין ביסעל פון דעם, וואָס קען אַרויסרופען עקעל. הין און צוריק אין די זיבען חדרים זיינען פאַקטיש אַרומ־געגאַנגען מיט גע'גנב'עטע טריט מאַסען טרוימען. און די דאָזיגע טרוימען — האָבען זיך געדרעהט און געקאַרטשעט, קריגענדיג דעם קאָליר פון די צימערען און מאַכענדיג אַז די ווילדע מוזיק פון דעם אָרקעסטער זאָל זיך אויסדוכטען, ווי דער אָפּקלאַנג פון זייערע טריט. און באַלד שלאָגט דער זייגער פון עבענהאָלץ, וועלכער שטעהט אין דעם סאַמעטענעם זאַל. און דאַן, איז אויף איין ווייל־ע אַלעס שטיל, אַלעס שטום, און עס הערט זיך נאָר דער קול פון דעם זייגער. די טרוימען בלייבען שטעהן, ווי פאַרגליווערטע. אָבער די עכאָס פון דעם זייגער־קלאַנג פאַרשווינדען — זיי האָבען

נאָר אַ ווײַלע געדױערט — און אַ לײַכטער, האַלב־פֿאַרשטיקטער געלעכטער צעלאָזט זיך נאָך זײַער פֿאַרשווינדען. און דאַן ווידער נעמט די מוזיק שטײַגען, און די טרוימען לעבען און דרעהען זיך אַהין און אַהער, נאָך לוסטיגער ווי פֿריהער, קרײַגענדיג דעם קאָליר פֿון די פֿיעלע געפֿאַרבטע פֿענסטער, דורך וועלכע עס שטראָמען די שטראַלען פֿון דרײַפֿוס. אַבער קײנער פֿון די מאַס־קעס וואָגט איצט ניט צוצוגעהן צום צימער פֿון די זיבען, וואָס ליגט אין סאַמע מערב; ווארים די נאַכט נעמט פֿאַרשווינדען, און עס נעמט פֿליסען אַ גרעסערער שײַן דורך די בלוט־קאָלירטע שויבען, און די שוואַרצקײט פֿון די סײַבעל־פֿאַרהאַנגען ווערט בלאַסער, און דער, וועמעס פֿוס עס טרעט אַרויף אויפֿ'ן סײַבעלנעם טעפּיך, דערהערט פֿון דעם נאָהענטען עבען־זײַגער אַ פֿאַרשטיקטע קלינגערײַ, מעהר פֿײַערליך־עמפֿאַטיש, ווי עס קען גרײַכען צו די אויערען פֿון יענע, וועלכע זײַנען פֿאַרטאָן אין די מעהר ווײַטע לוסטיגקײטען פֿון די אַנדערע צימערען.

אַבער די דאָזיגע אַנדערע צימערען זײַנען געווען געדיכט געפּאַקט, און אין זײ האָט פֿיבעריש געקלאַפּט דאָס האַרץ פֿון לעבען. און די הוליאַנקע איז שטורעמדיג אַנגעגאַנגען, ביז דער זײַגער האָט ענדליך גענומען שלאָגען האַלבע נאַכט. און דאַן האָט די מוזיק אויפֿגעהערט צו שפּילען, ווי איך האָב שוין דער־צעהלט: און אַלעס האָט אומרוהיג זיך אָפּגעשטעלט, אַזוי ווי פֿריהער. אַבער איצט האָט דער זײַגער געדאַרפֿט שלאָגען צוועלף מאָל, און דערפֿאַר האָט עס אפֿשר אַזוי פּאַסירט, אַז מעהר רעיונות זײַנען געקראָכען אין די קעפּ פֿון די געלאַסענע צווישען די וואָס האָבען געהוליעט. און אַזוי האָט עס אפֿשר אויך פּאַ־סירט, וואָס אײדער די לעצטע עכאָס פֿון לעצטען קלאַנג זײַנען אָפּגעשטאָרבען, זײַנען געווען אַ סך מענשען צווישען דעם עולם, וועלכע האָבען געפֿונען צײַט צו באַמערקען די אַנוועזענהײט פֿון אַ מאַסקירטע געשטאַלט, וועלכע האָט פֿריהער קײנעמ'ס אויפֿ־מערקזאַמקײט ניט צוגעצויגען. און ווען דער קלאַנג וועגען דעם־דאָזיגען נײַעם אורח האָט זיך שושקענדיג אַליין פֿאַרשפּרײט אַרום און אַרום, האָט זיך ענדליך פֿון דער גאַנצער חברה אַרויס־

גערויסען א הודזשעריי, אדער א מורמלעריי, אויסדריקענדיג אומ־צופרידענהייט און איבעררּאשונג — דאן, צום סוף, שרעק, שוידער און עקעל.

אין א פלאץ פון פאנטאסטישע בילדער, אזעלכע ווי איך האב געשילדערט, קען מען זיך פארשטעלען, אז א געוועהנליכע ערשיי־נונג וואלט ניט געקאנט אנמאכען אזא רושם. אין דער אמת, די מאסקעראד פרייהייט פון דעם אווענט איז געווען כמעט אומ־באגרענעצט; אבער די געשטאלט, וועגען וועלכער דא רעדט זיך, האט אריבערגע׳הורדוס׳ט הורדוס׳ן און איז אריבער די גרענעצען פון אפילו דעם קעניג׳ס אומבאגרענעצטער עטיקעטע. אפילו ביי די קאלטסטע נפשות זיינען פאראן אין די הערצער סטרונעס, וועלכע גיבען זיך א צאפעל, ווי נאר מען ריהרט זיי אן. אפילו ביי דורכאוים פארלארענע מענשען, פאר וועמען לעבען און טויט איז איין שפאס, זיינען דא זאכען, איבער וועלכע עס לאזט זיך ניט שפאסען. עס האט ווירקליך אויסגעזעהן, די גאנצע קאמ־פאניע האט איצט טיף געפיהלט, אז אין דער קליידונג און אין דער האלטונג פון דעם אומבאקאנטען האט ניט געשטעקט, ניט קיין שכל און ניט קיין פאסיגקייט. עס איז געווען א גרויסע דארע פיגור, און איינגעהילט פון קאפ ביז די פיס אין תכריכים. די מאסקע, וועלכע האט באהאלטען דאס געזיכט, איז געמאכט געווארען אזוי עהנליך צו א בר־מינן, אז אפילו גוט צוקוקענדיג זיך, איז אויך שווער געווען צו דערקענען די פאלשקייט. און דאך האט דאס אלעס געקענט געדולדעט ווערען, אויב ניט גוטגעהייסען, פון די משוגע׳נע הוליאקעס ארום. אבער דער פארמאסקירטער איז אזוי ווייט, דאס ער האט מיט זיך געוואלט פאר־שטעלען דעם „רויטען טויט“. זיין קליידונג איז געווען באשפריצט אין בלוט, און זיין ברייטער שטערן, מיט די אלע געזיכטסצוגען, איז געווען באשפרינקעלט מיט שארלאך־רויטען שרעק.

ווען די אויגען פון קעניג פראספערא זיינען געפאלען אויף דער גייסטערהאפטער געשטאלט (וועלכע איז ארומגעגאנגען הין און צוריק צווישען די וואלצערס מיט לאנגזאמע פייערליכע טריט, ווי זי וואלט וועלען אויסהאלטען איינגאנצען איהר ראליע), האט

מען געקענט זעהן, ווי ער איז אין דעם ערשטען אויגענבליק שטארק אויפגעשוידערט געווארען, ווי אין א קאנוואולסיע, צי פאר שרעק אדער עקעל; אבער באלד איז זיין פנים אנגעצונדען געווארען מיט צארן.

— ווער וואגט דאס? — האט ער מיט א הייזעריגען קול גע־שריען אויף די הויפליים, וואס זיינען לעבען איהם געשטאנען, — ווער וואגט עס צו מאכען פון אונז אזוי חוזק? כאפט איהם און רייסט פון איהם ארונטער די מאסקע, אום מיר זאלען וויסען וועמען אויפצוהענגען גלייך מיט זונענאויפגאנג אויף דער פעסטונג־וואנט!

דער קעניג פראספערא איז געשטאנען אין דעם מזרח'דיגען, אדער בלויען צימער, בעת ער האט ארויסגעזאגט די ווערטער. זיי האבען געקלונגען הויך און דייטליך איבער אלע זיבען צימע־רען, ווארים דער קעניג איז געווען א דרייסטער, קרעפטיגער מאן, און די מוזיק איז אנטשוויגען געווארען ביים מאך פון זיין האנט.

אין בלויען צימער איז דאס דער קעניג געשטאנען מיט א גרופע בלאסע הויפלייט ביי זיין זייט. צוערשט, בעת ער האט ארויסגערעדט די ווערטער, האט די דאזיגע גרופע געמאכט א לייכטע באוועגונג, ווי א לאז צו טאן זיך צום אומגעבעטענעם גאסט, וועלכער איז אין דעם אויגענבליק אויך געווען נאהענט צו דער האנט, און דאן, מיט א בארעכענטען און שטאלצען גאנג, האט ער זיך נעהענטער גערוקט צום רעדנער. אבער די אימה, וואס די משוגע'נע געשטאלט פון דעם פארמאסקירטען האט ארויפ־געווארפען אויף אלעמען, איז געווען אזוי גרויס, דאס עס האט זיך קיינער ניט געפונען, וואס זאל אויסשטרעקען א האנד צו כא־פען איהם: איז ער זיך אומגעשטערט פארבייגעגאנגען אויף אן אייל ווייט פון דעם קעניג אליין; און בעת די צאהלרייכע פארזאמעלטע, אזוי ווי אלע דורך איין אימפולס, האבען זיך אוועקגערוקט פון מיטען די צימערען, שפארענדיג זיך צו די ווענט, איז ער זיך כסדר געגאנגען ווייטער, אבער מיט די זעלבע פייער־ליכע און געמאסטענע טריט, מיט וועלכע ער האט זיך אויסגעצייי־

כענט גלייך פון אנהויב, פון בלויען צימער צום פורפעל־רויטען. פון פורפעל־רויטען צום גרינעם, פון גרינעם צום אראנזשעווען, און פון דעם ווידער צום ווייסען, און פון דארט צום פיאלעטעווען, איידער אן אנטשלאסענע באוועגונג איז געמאכט געווארען צו כאפען איהם. ערשט דעמאלט האט דער קעניג פראספערא, אויפ־געקאכט פאר צארן און שאנדע איבער זיין אייגענער אויגענבליק־ליכער שרעקעדיגקייט, זיך האסטיג א לאז געטאן דורך די זעקס צימערען, אבער קיינער האט איהם ניט נאכגעפאלגט צוליב דעם טויט־שרעק, וואס האט אלעמען אנגעכאפט. ער האט געהאלטען אין דער הויך א בלאנקען קינזשאל, און מיט א האסטיגען אימפעט איז ער צוגעקומען ביי א דריי־פיער פוס נאהענט צו דעם צו־ריקטרעטענדען פארשויז, ערשט דער לעצטער, דערגרייכענדיג דעם סאמען עק פון דעם סאמעטענעם חדר, האט זיך פלוצלונג אומ־געקעהרט און זיך אוועקגעשטעלט פנים אל פנים צו זיין פאר־פאלגער. עס האט זיך דערהערט א שארפער אויסגעשריי — און דער קינזשאל איז גלאנצענדיג געפאלען אויפ׳ן סויבעלנעם טעפיך, אויף וועלכען עס איז דערנאך אויגענבליקליך געפאלען טויט דער קעניג פראספערא. דאן, אננעמענדיג זיך מיט ווילדען קוראזש פון פארצווייפלונג, האט זיך א קופע הוליאקעס גלייך א לאז געטאן אין שווארצען צימער אריין, און אנכאפענדיג דעם פאר־מאסקירטען, וועמעס גרויסע פיגור איז געשטאנען גלייך און בא־וועגלאז אין שאטען פון דעם עבען־זייגער, זיינען זיי געבליבען שטעהן מיט אפענע מיילער און אומאויסדריקליכען שרעק, דער־זעהענדיג, אז אין די תכריכים און הינטער דער טויטען־ארטיגער מאסקע, פון וועלכע זיי האבען א תל געמאכט, האט זיך קיין שום ממשות׳דיגע געשטאלט ניט געפונען.

איצטער איז שוין אנערקענט געווארען די אנוועזענהייט פון דעם „רויטען טויט“. ווי א גנב איז ער געקומען אין דער נאכט. און איינער נאכ׳ן אנדערען זיינען די הוליאקעס געפאלען אין די בלוט־באשמירטע זאלען, וואו זיי האבען געהוליעט, און איטליכער איז געשטארבען אין דער פארצווייפעלטער פאזע, ווי ער איז גע־פאלען. און דאס לעבען פון דעם עבען־זייגער איז אויסגעגאנגען

מיט'ן לעצטען פון די הוליאקעס. און די פלאַמען פון דעם דרייפוס זיינען אויסגעלאָשען געוואָרען. און פ י נ ס ט ע ר נ י ש און צ ע פ ו י ל מ ק י י ט און דער ר ו י ט ע ר ט ו י ט האָבען אומבאַשרענקט געהערשט איבער אַלעמען.

# דער שווארצער קאטער.

ניט איך ערוואַרט, ניט איך בעט, מען זאָל מיר גלויבען די ווילדסטע, דאָך די איינפאַכסטע געשיכטע, וועלכע איך וויל דאָ דערצעהלען. איך וואָלט אמת משוגע געווען צו ערוואַרטען דאָס, אין אַ פאַל, וואָס מיינע אייגענע חושים קענען עס ניט באַנעמען. דאָך משוגע בין איך ניט, און בין גאַנץ זיכער, אַז איך טרוים ניט. אָבער מאָרגען שטאַרב איך, און היינט וויל איך באַפרייען מיין זעלע פון שווערער לאַסט. מיין ערשטער צוועק איז, פאַרצולעגען פאַר דער וועלט איינפאַך, קורץ און אָהן פירושים אַ רייה פון בלויזע פאַמיליען־פאַסירונגען. אין זייערע פאָלגען האָבען די דאָזיגע פאַסירונגען מיך אויפגעשוידערט, מיך געפייניגט, מיך גע'פטר'ט. דאָך וועל איך ניט פּרובירען זיי צו דערקלערען. מיר האָבען זיי נאָר שרעק געגעבען; פאַר אַנדערע וועלען זיי אויס־זעהן ניט אַזוי שרעקליך, ווי זונדערבאַר. מיט דער צייט, אפשר, וועט זיך געפינען אַ מענש מיט אַזאַ פאַרשטאַנד, וועלכער וועט זעהן אין מיין האַלוציאַנאַציע גאַנץ געוועהנליכעם — אַ פאַרשטאַנד אַ מעהר געזעצטער, אַ מעהר לאָגישער און אַ סך ווענינער אויפ־גערעגטער ווי מיין אייגענער, וואָס וועט זעהן אין די אומ־שטענדען, וועלכע איך גיב דאָ איבער מיט אימה, ניט מעהר ווי אַ געוועהנליכע קייט פון זעהר נאַטירליכע אורזאַכען און ווירקונגען.

פון מיין קינדהייט אַן האָב איך זיך אויסגעצייכענט מיט מיין ווייכער און מענשליכער נאַטור. מיין ווייכהאַרציגקייט האָט זיך אפילו אַזוי געוואָרפען אין די אויגען, אַז מיינע חברים פלעגען פון מיר מאַכען חוכא־טלולא. איבערהויפט האָב איך ליב

געהאַט חיות, און מײנע עלטערן האָבן מיר געלאָזט האָבן אַ סך מינים חיות, צו שפּילן זיך מיט זײ. איך האָב די מעהרסטע צײט מײנע פאַרבראַכט מיט זײ, און איך בין קײנמאָל גליקליכער ניט געװען, װי בעת איך פלעג זײ עסן געבן, אָדער צערטלען זײ. די דאָזיגע אײגענטימליכע טבע איז געװאַקסען מיט מײנע יאָהרען, און װען איך בין שױן אַ מאַן געװאָרען, איז דאָס געװאָרען אײנער פון מײנע הױפּט־קװעלען פון פאַרגעניגען. פאַר די, װאָס האָבען געהאַט דאָס פאַרגעניגען אַפּצוגעבען זיך מיט אַ געטרײען און שאַרפזיניגען הונט, דאַרף איך קוים באַמיהען זיך צו דערקלערען, װאָס פאַר אַ מין שטאַרקע באַפרידיגונג מען האָט פון דעם. עס איז עפּעס דאָ אין דער אומאײגעננוציגער און זעלבסט־אױפאָפּפערנדער ליבע פון אַ חיה, װעלכע געהט גלײך אַרײן אין האַרצען פון יענעם, װאָס האָט געהאַט אָפט אַ געלעגענהײט אױס־צופּרואװען די פאַלשע פרײנדשאַפט און די אומ־ממשות'דיגע געטרײקײט פון אַ בשר־ודם.

איך האָב חתונה געהאַט פריה, און בין געװען גליקליך צו געפינען אין מײן װײב אַ נאַטור, ניט אומעהנליך צו מײנער. באַמערקענדיג מײן פאַרליבטקײט אין שטובינע בעשעפעניש'ן, האָט זי ניט דורכגעלאָזען קײן געלעגענהײט צו קריגען אַזעלכע פון דעם אַנגענעהמסטען מין. מיר האָבען געהאַט פױגלען, גאָלד־פישלאַך, אַ פײנעם הונט, קראַליקעס, אַ קלײנע מאַלפּע און אַ קאַטער.

דער לעצטער איז געװען אַ װאונדערבאַר גרױסע און שעהנע חיה, אינגאַנצען שװאַרץ, און קלוג ביז צו אַ דערשטױנענדען גראַד. רעדענדיג פון זײן פאַרשטאַנד, פלעגט מײן װײב, װעלכע איז אין האַרצען געװען ניט װעניג דורכגעדרונגען מיט אַבער־גלױבען, אָפט געבען אַנצוהערעניש װעגען דעם פאַרצײטיגען פאָלקס־באַגריף, לױט װעלכען אַלע שװאַרצע קעץ זײנען פאַר־שטעלטע מכשפות. ניט װײל זי איז געװען ערנסט אין דער דאָ־זיגער באַהױפּטונג — איך דערמאָן דאָס גאָר אינגאַנצען ניט צוליעב עפּעס, נאָר דערפאַר, װײל עס האָט זיך גראָד איצט געמאַכט אַזױ, אַז איך האָב זיך דערמאָנט װעגען דעם.

פלוטא — דאס איז געווען דעם קאַבער'ס נאָמען — איז געווען מיין באַליבט באַשעפעניש און חבר. איך אַליין האָב איהם עסען געגעבען, און וואו נאָר איך בין געגאַנגען ארום הויז, איז ער אימער מיט מיר געווען. עס פלעגט מיר שווער אָנקומען ניט צו דערלאָזען איהם מיר נאָכצוגעהן אפילו אין גאַס.

אונזער פריינדשאַפט האָט אויף אַזאַ אופן געדויערט עט־ליכע יאָהר, דורך וועלכער צייט מיין אַלגעמיינער טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער האָט (איך שעם זיך אויסצוזאָגען) מיט דער הילף פון'ם שטן פון שכרות דורכגעמאַכט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג צום ערגערען. פון טאָג צו טאָג בין איך געוואָרען אַלץ אָנגעבלאָ־זענער, אַלץ אויפגערעגטער, אַלץ ווינציגער געקימערט זיך ווע־גען די געפיהלען פון אַנדערע. איך האָב זיך ערלויבט צו געברוי־כען אַ ניט־פּאַסיגע שפּראַך צו מיין ווייב. ענדליך האָב איך אפילו געוואַלט געברויכט געגען איהם. מיינע ליבלינגען, פאַר־שטעהט זיך, האָבען אויך גענומען פיהלען די ענדערונג פון מיין כאַראַקטער. ניט נאָר האָב איך זיי פאַרנאַכלעסיגט, נאָר איך האָב זיי אויך שלעכטס געטאָן. פאַר פלוטאָ'ן, אָבער, האָב איך נאָך געהאַט גענוג איינזעהעניש, אַז איך זאָל איהם ניט שלעכטס טאָן, אַזוי ווי איך פלעג זיך ניט אָפּהאַלטען אַ טשעפּע צו טאָן די קראָליקעס, די מאַלפּע, אָדער אפילו דעם הונט, ווען זיי פלעגען צופעליג אָדער לאַשצענדיג זיך שטעלען מיר אין וועג. אָבער מיין קראַנקהייט האָט מיך אַלץ מעהר באַהערשט — איז דען פאַראַן נאָך אַזאַ קראַנקהייט, ווי אַלקאָהאָל? — און ענדליך האָט אפילו פלוטאָ, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבען צו ווערען עלטער, און פאָלגליך אויך עטוואָס קאַפּריזנע, — יאָ, אפילו פלוטאָ האָט אָנגעהויבען צו פיהלען די ווירקונג פון מיין בייזען גייסט.

איינמאָל ביינאַכט, צוריקקעהרענדיג זיך אהיים שטאַרק שכור פון מיין אַרומשלעפּען זיך איבער'ן שטאָדט, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דער קאָטער מיידט אוים צו ווייזען זיך מיר אויף די אויגען. איך האָב איהם אַ כאַפּ געטאָן, און ער, דערשרעקענדיג זיך, איך זאָל איהם עפּעס ניט טאָן, האָט ער מיר לייכט איינגע־ביסען אין האַנט מיט זיינע צייהן. דער צאָרן פון אַ טייוועל

האַט מיך גלייך אָנגעכאַפּט. איך האָב שוין ניט געוואוסט, אויף וואָסער וועלט איך בין. מיין אמת'ע נשמה, האָט אויסגעזעהן, איז גלייך ארויסגעפלויגען פון מיין גוף, און נאָך עפּעס שטאַרקערעס, ווי טייוולאַנישע בייזוויליגקייט, געשפּייזט פון בראַנפען, האָט דורכגעדרונגען אַלע פיברען פון מיין קערפּער. איך האָב ארויסגענומען פון מיין וועסטעל־קעשענע אַ פּען־מעסערעל, אויפגעפענט עס, האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס אָרימע באַשעפעניש ביים האַלז, און מיט אַ כיון ארויסגענומען איהם אַן אויג! דער פּנים פלאַמט מיר, עס שווידערט מיר שרייבענדיג וועגען אָט דער פאַרדאַמטער רציחה.

ווען דער פאַרשטאַנד האָט זיך צו מיר צוריקגעקעהרט מיט'ן פריהמאָרגען, נאָכדעם ווי איך האָב זיך אויסגעניכטערט פון די נעכטיגע שכרות, האָב איך איבערגעלעבט אַ געפיהל פון האַלב שרעק, האַלב חרטה איבער'ן פאַרברעכען, וואָס איך האָב באַגאַנגען: אָבער אין בעסטען פאַל איז דאָס געוועזן אַ שוואַך און צווייפעלהאַפט געפיהל, און דאָס הארץ איז געבליבען גאַרניט געריהרט. איך האָב זיך ווידער אריינגעלאָזען אין עקסצעסען, און האָב באַלד פאַרטרונקען אין ווין די גאַנצע עראינערונג אָן דער מעשה וואָס איך האָב אָפּגעטאָן.

דער קאַטער איז דערווייל ביסלעכווייז געזונט געוואָרען. אמת, עס איז געווען אַ שרעק צו קוקען אויף דאָס לעכעל, וואו דאָס פאַרלאָרענע אויג איז געזעסען, אָבער מעהר קיין שמערצען האָט ער, קענטיג, שוין ניט געליטען. ער איז ארומגעגאַנגען ארום הויז ווי געוועהנליך, אָבער, ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען, ער פלעגט אין טויט־שרעק אַנטלויפען, ווי ער פלעגט מיך דערזעהן. עס איז אין מיר נאָך עפּעס איבערגעבליבען פון מיין אַלט הארץ, אַז איך זאָל זיך צוערשט פיהלען געערגערט פון דעם, וואָס דאָס באַשעפעניש, וואָס האָט מיך אַמאָל אַזוי ליב געהאַט, זאָל איצט מיר ניט ליבען. אָבער אַט־אָ־דאָס געפיהל האָט באַלד אָפּגעטראָטען זיין פּלאַץ פאַר אויפרעגונג. און דאַן איז געקומען, ווי צום אומצוברעכענגען מיין ענדליכען און אומפאַרמיידליכען אונטערגאַנג, דער גייסט פון צו־להכעים. די פילאָזאָפיע קימערט זיך ניט

וועגען דעם דאָזיגען גייסט. דאָך בין איך ניט מעהר זיכער אין דעם, אַז מיין נשמה לעבט, ווי אין דעם אַז דאָס צו־להכעיס־געפיהל איז איינס פון די פרימיטיווע אימפולסען פונ׳ם מענשליכען הארצען — איינס פון די אומטיילבארע גאָר ערשטע אייגענשאַפטען, אָדער כעגטימענטען, וועלכע גיבען א ריכטונג צו דעם כאַראַקטער פון דעם מענשען. ווער האָט דאָס א הונדערט מאָל אויף זיך אַליין ניט געפיהלט, אַפּטוענדיג עפּעס שלעכטס אָדער אַ נאַרישקייט, אָהן אַ שום אורזאַך, נאָר ווייל ער ווייסט, אַז ער דאַרף דאָס ניט טאָן? האָבען מיר דען ניט אַן אייביגע נייגונג, אויף צו־להכעיס אונזער בעסטער אורטיילס־קראַפט, עובר צו זיין אויף אַ געזעץ, נאָר דערפאַר, ווייל דאָס איז אַ געזעץ? דער דאָזיגער גייסט פון צו־להכעיס, זאָג איך, איז געקומען צו דערענדיגען מיך אינגאַנצען. עס איז געווען דער טיפער פאַרלאַנג פון אַ נשמה, צו פייניגען זיך אַליין, צו באַגעהן גוואַלדטאַט קעגען דער אייגענער נאַטור, צו טאָן אומרעכט בלויז פון אומרעכט וועגען, און געטריבען מיך פאַרטצוזעצען דאָס רשעות, וואָס איך האָב געטאָן איבער דער אומשולדיגער חיה. איין פריהמאָרגען האָב איך גאַנץ קאַלטבלוטיג פאַרצויגען אַ פעטליע ארום זיין האַלז, און איהם אויפגעהאַנגען אויף אַ צווייג פון אַ בוים; אויפגעהאַנגען איהם מיט גיסענדיגע טייכען טרערען פון מיינע אויגען און מיט דער ביטערסטער חרטה אין מיין האַרצען; אויפגעהאַנגען איהם, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט מיך ליב געהאַט און ווייל איך האָב געפיהלט, אַז ער האָט מיך מיט קיין זאַך ניט באַליידיגט; אויפגעהאַנגען איהם, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז טוענדיג דאָס, טו איך אַן עבירה, אַ טויטליכע זינד, וועלכע וועט אַזוי שטעלען אין געפאַהר מיין אומשטערבליכע זעלע, אַז אויב דאָס וואָלט געווען מעגליך, וואָלט זי ניט געקענט דערגרייכען די אומענדליכע גנאָד פון דעם באַרעמהערציגסטען און שרעקליכסטען גאָט.

אין דער נאַכט פון דעם זעלבען טאָג, אין וועלכען די דאָזיגע העכסט־גרויזאַמע מעשה איז אָפּגעטאָן געוואָרען, בין איך אויפגעריסען געוואָרען פון שלאָף דורך אַ געשריי „עס ברענט!“ די

פאַרהאַנגנען פון מיין בעט זיינען געווען אין פלאַמען. דאָס גאַנצע הויז האָט געברענט. מיין ווייב, אַ דינסט און איך אַליין האָבען קוים מיט'ן לעבען זיך געראַטעוועט פון די פלאַמען. דער חורבן איז געווען פולשטענדיג. פון מיין גאַנצען וועלטליכען רייכטום איז אַ תל געוואָרען, און פון דעמאָלט אָן בין איך אינגאַנצען אָנגעפילט געוואָרען מיט יאוש.

איך בין גאַנץ ווייט פון דער שוואַכקייט צו זוכען אַ צוזאַ־מענקייטלונג פון אורזאַך און ווירקונג צווישען דעם אומגליק און דער רציחה. אָבער איך ברענג דאָ אַ קייט פון פאַקטען און איך וויל ניט לאָזען אומפאַלקאָמען אפילו אַ מעגליכען רינג. אויף מאָרגען נאָך דער שרפה האָב איך באַזוכט די חורבות. די ווענט, אַ חוץ איינע, זיינען געווען איינגעפאַלען. די איבערגעבליבענע וואַנט איז געווען אַן אינוועניגסטע, ניט קיין זעהר דיקע, וועלכע איז געשטאַנען אַן ערך אינמיטען הויז, און אַן וועלכער עס איז געווען אָנגעשפאַרט דער קאָפּ פון מיין בעט. דער טינק איז דאָ אין אַ גרויסער מאָס ביי געשטאַנען דעם כח פון'ם פייער, אַ פאַקט, וועלכען איך האָב צוגעשריבען צו דעם, וואָס דאָס איז ניט לאַנג געלעגט געוואָרען. ארום דער דאָזיגער וואַנט האָט זיך אַן עם רב צונויפגעקליבען, און פיעלע מענשען האָבען, ווי עס שיינט, עקזאַמינירט אַ באַזונדערען טייל פון דער וואַנט מיט אַ גענויער און טשיקאַוועך אויפמערקזאַמקייט. די ווערטער „זונ־דערבאַר!“ „מאָדנע!“ און אַנדערע עהנליכע אויסדריקען האָבען ארויסגערופען מיין נייגעריגקייט. איך בין צוגעגאַנגען און האָב דערזעהן ווי אויסגעשניצט אין באַרעליעף אויף'ן ווייסען אויבער־פלאַך די געשטאַלט פון אַ ריזיגער קאַץ. דער איינדרוק האָט זיך באַקומען מיט אַן אמת מערקווירדיגער פינקטליכקייט. עס איז געווען אַ שטריק ארום דעם האַלז פון'ם באַשעפעניש.

ווען איך האָב צוערשט דערזעהן דעם דאָזיגען געשפּענסט — ווייל פאַר ווייניגער ווי דאָס, האָב איך דאָס ניט געקענט באַטראַכ־טען — בין איך פאַרוואונדערט און דערשראָקען געוואָרען ביז גאָר. אָבער ענדליך האָב איך זיך באַדענקט. דער קאָטער, האָב איך זיך דערמאָנט, איז אויפגעהאַנגען געוואָרען אין אַ גאָרטען

דערביי ביים הויז. אז עס איז געווארען דער געשריי „עס ברענט !". איז דער דאזיגער גארטען גלייך אנגעפילט געווארען מיט אן עולם, און איינער פון זיי האט געמוזט מסתמא אפשניידען דעם קאטער פון בוים און איהם אריינגעווארפען דורך אן אפען פענסטער אין מיין צימער אריין. דאס איז ווארשיינליך געטאן געווארען מיט דער כוונה מיך אויפצואוועקען פון שלאף. דאס פאלען פון די אנדערע ווענט האט אריינגעקוועטשט דעם קרבן פון מיין אכזריות אין דער מאטעריע פון דעם פריש־געלעגטען טינק, און די וואפנע דערפון, מיט די פלאמען, און די אמאניאק פון דער נבלה — דאס אלעס צוזאמען האט ארויסגעבראכט די געשטאלט פון דעם קאטער אויף דער וואנט, ווי איך האב עס געזעהן.

כאטש איך האב מיר אזוי דערקלערט פאר מיין פארשטאנד, אויב ניט גאר פאר מיין געוויסען, דעם דערשטוינענדען פאקט, וואס איך האב דא נאר־וואס דערצעהלט, האט עס אבער ניט פארקלענערט דעם איינדרוק, וואס דאס האט געמאכט אויף מיין פאנטאזיע. מאנאטען־לאנג האב איך זיך ניט געקענט באפרייען פון דעם געשפענסט פונ'ם קאטער, און אין דעם משך צייט איז צוריקגעקומען אין מיין גייסט א האלב־געפיהל, וואס האט אויסגעדוכט צו זיין, אבער איז ניט געווען, חרטה. איך בין שוין אזוי ווייט געגאנגען, צו באדויערען דעם פארלוסט פון דער חיה, און צו זוכען ארום זיך, צווישען די שלעכטע ערטער, וועלכע איך האב איצט רק באזוכט, עפעס אן אנדער ליבלינג פון דעם זעלבען מין און פון עטוואס עהנליכען אויסזעהן, וואס זאל מיר קענען פארבייטען זיין פלאץ.

איינמאל ביינאכט, ווען איך בין געזעסען האלב באטויבט אין א פלאץ, וואס איז געווען מעהר ווי שענדליך, איז מיין אויפמערקזאמקייט פלוצלונג צוגעצויגען געווארען צו עפעס א שווארצער זאך, וואס איז געלעגען אנגעשפארט אויפ'ן קאפ פון איינער פון די גרויסע פעסער מיט דזשין, אדער מיט ראם, וועלכע זיינען געווען די הויפט־מעבעל פונ'ם הויז. איך האב עטליכע מינוטען נאכאנאנד געקוקט אויפ'ן אויבען פון אט־א־דער פאס, און וואס עס האט מיך איצט איבערראשט, איז געווען דער פאקט,

וואָס איך האָב פריהער ניט באַמערקט די זאַך, וואָס איז געלעגען דאַרויף. איך בין צוגעגאַנגען און האָב עס אַנגעריהרט מיט מיין האַנט. עס איז געווען אַ שוואַרצער קאָטער, זעהר אַ גרויסער, איינגאַנצען אַזוי גרויס ווי פּלוטאָ, און שטאַרק געראָטען אין איהם אין יעדער הינזיכט, אויסער אין איין זאַך. פּלוטאָ האָט ניט געהאַט קיין ווייסע האָר אויף קיין שום טייל פון זיין קערפּער, אָבער אָט דער קאָטער האָט געהאַט אַ גרויסען, כאָטש אומבאַשטימטען, פלעק פון ווייסע האָר, באַדעקענדיג כמעט דעם גאַנצען פלאַץ פון דער ברוסט.

ווען איך האָב איהם אַנגעריהרט, האָט ער זיך גלייך אויפגעשטעלט, מיט צופרידענהייט הויך אַ בורטשע געטאָן, זיך אַ ריב געטאָן אָן מיין האַנט, און איז, דאַכט זיך, געווען צופרידען מיט מיין אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז אַלזאָ געווען דאָס ריכטיגע באַשעפעניש, וואָס איך האָב געזוכט. איך האָב גלייך געבעטען דעם באַלעבאָס, ער זאָל עס מיר פאַרקויפען, אָבער ער האָט קיין שום תביעות אויף דעם ניט געמאַכט, האָט גאָרנישט געוואוסט פון דעם, האָט עס גאָר ביז אַהער ניט געזעהן.

איך האָב עס ווייטער געצערטעלט, און ווען איך האָב זיך געקליבען צו געהן אַהיים, האָט דאָס באַשעפעניש ארויסגעוויזען אַ נייגונג צו געהן מיט מיר. איך האָב איהם געלאָזען געהן מיט מיר, און אויפ'ן וועג האָב איך פון צייט צו צייט איינגעבויגען זיך און געגלעט איהם. ווען ער איז צוגעקומען צו מיין הויז, האָט ער זיך גלייך היימיש געמאַכט און איז באַלד געוואָרען שטאַרק באַליבט ביי מיין ווייב.

וואָס איז שייך מיר, האָב איך באַלד דערפיהלט, ווי עס וואַקסט אין מיר אַ שנאה צו איהם. דאָס איז געווען פונקט דער היפּוך פון דעם, וואָס איך האָב ערוואַרט; אָבער איך ווייס ניט, ווי אַזוי און פאַרוואָס דאָס איז געווען, וואָס זיין באַשיינפּערליכע ליבשאַפט צו מיר האָט גיכער מיר דערעסען און באַלעסטיגט. ביסלאַכווייז זיינען די דאָזיגע געפיהלען פון איבערדריסיגקייט און באַלעסטיגונג אַריבער אין אַ ביטערער שנאה. איך האָב

געווייכט פונ׳ם באַשעפעניש: אַ געוויסער געפיהל פון שאַנדע און די ערינערונג אַז מיין פריהערדיגער גרויזאַמער טאַט האָט מיך אָפּגעהאַלטען פון צו טאָן איהם עפּעס שלעכטס. איך האָב פאַר עטליכע וואָכען ניט אַ קלאַפּ געטאָן איהם, און אויך ניט געטשעפּעט אויף אַן אַנדער אופן. אָבער ביסלעכווייז, זעהר לאַנגזאַם, האָב איך אָנגעהויבען צו קוקען אויף איהם מיט אומאויסדריקבאַרען עקעל, און שטילערהייד צו וויכען פון זיין אַבשייליכער אַנוועזענהייט, ווי מען וויכט פון אַ מגפה.

וואָס עס האָט אָהן צווייפעל פאַרגרעסערט מיין שנאה צום באַשעפעניש איז געווען מיין אויסגעפינען אויף מאָרגען, נאָכדעם ווי איך האָב עס געבראַכט אַהיים, אַז פונקט ווי פּלוטאָ, איז אויך ער באַרויבט געוואָרען פון אַן אויג. דער דאָזיגער אומשטאַנד, אָבער, האָט איהם נאָך טייערער געמאַכט ביי מיין ווייב, וועלכע, ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָט פאַרמאָגט אין אַ הויכען גראַד יענעם מענשליכע געפיהל, וואָס איז אַמאָל געווען אַ שטריך אין מיין כאַראַקטער, מיט וועלכען איך האָב זיך אויסגעצייכענט, און וואָס איז געווען דער קוואַל פון פיעלע מיינע איינפאַכסטע און ריינסטע פאַרגעניגענס.

וואָס גרעסער אָבער מיין עקעל איז געוואָרען צום קאָטער, אַלץ גרעסער איז זיין ליעבשאַפט געוואָרען צו מיר. ער איז נאָכגעגאַנגען מיינע טריט מיט אַזאַ איינגעשפּאַרטקייט, אַז ס׳איז פּשוט שווער צו געבען דעם לעזער פאַרשטעהן דאָס. וואו איך פלעג זיך ניט זעצען, פלעגט ער אונטערקריכען אונטער מיין שטול, אָדער אַרויפשפּרינגען אויף מיינע קניע, באַדעקענדיג מיך מיט זיינע אַבשייליכע צערטליכקייטען. אַז איך פלעג זיך אויפשטעלען און נעהמען געהן, פלעגט ער זיך אַריינפּלאָנטערן צווישען מיינע פיס, אַז איך פלעג שיער ניט אומפאַלען, אָדער איינטשעפּענדיג זיך מיט זיינע לאַנגע און שאַרפע נעגעל אין מיינע קליידער, פלעגט ער אַזוי אַרויפקלעטערן צו מיר אויפ׳ן ברוסט. אין אַזעלכע צייטען, כאָטש עס האָט זיך מיר געחלש׳ט צו פּטר׳ן עס מיט איין קלאַפּ, פלעג איך זיך דאָך איינהאַלטען און ניט טאָן דאָס, טיילווייז צוליעב דעם וואָס איך פלעג זיך דערמאָנען אַן מיין

פריהערדיגען פארברעכען, אבער הויפטזעכליך — לאמיך זיך גלייך מודה זיין — צוליב דעם אבסאלוטען שרעק פאר דער חיה.

דער דאזיגער שרעק איז אייגענטליך ניט געווען קיין שרעק פאר עפעס א קערפערליכען בייז, און דאך ווייס איך אויך ניט, ווי דאס אנדערש צו דעפינירען. איך שעם זיך שיער ניט מודה צו זיין — יא, אפילו אין אט־א־דער פארברעכער־צעלע שעם איך זיך שיער ניט מודה צו זיין — אז דער שרעק און שוידער, מיט וועלכען די חיה האט מיך אנגעפילט, איז דערהויכט געווארען דורך איינע פון די ריינסטע כימערעס, וועלכע מען קען זיך פארשטע־לען. מיין ווייב האט מיך אויפמערקזאם געמאכט, מעהר ווי איין מאל, אויף דעם כאראקטער פון דעם סימן מיט די ווייסע האר, וועגען וועלכע איך האב גערעדט, און וואס איז געווען דער איינ־ציגער קענטיגער אונטערשייד צווישען דער זונדערבארער חיה און יענער, וועלכע איך האב גע׳פטר׳ט. דער לעזער וועט זיך דער־מאנען, אז דער דאזיגער סימן, כאטש א גרויסער, איז צוערשט געווען זעהר אומבאשטימט; אבער לאנגזאם גראדענווייז — גראדען כמעט אוממערקבארע, און וועלכע מיין פארשטאנד האט א לאנגע צייט געמאטערט זיך צו פארווארפען אלס פאנטאסטי־שע — איז דאס ענדליך שטארק קאנטיג געווארען. דאס האט איצט מיט זיך פארגעשטעלט עפעס אזוינס, וואס איך שוידער עס אנצורופען מיט׳ן נאמען, און אט־א־דאס האט מיר מעהר פון אלעם געעקעלט און געשראקען, און וואלט איך געוואגט, וואלט איך זעהן פטור צו ווערען פון דעם מאנסטער. נון, דאס איז געווען, זאג איך, דאס בילד פון אן אבשייליכער, פון א שוי־דערליכער זאך — פון דעם גאלגאן! א טרויעריגע און מורא־דיגע מאשין פון שרעק און פארברעכען, פון גסיסה און טויט!

און איצט בין איך ווירקליך געווארען אן אמת׳ע חורבה פון א מענשען, און א חיה רעה, וועמעס גלייכען איך האב מיט פאר־אכטונג גע׳פטר׳ט — א חיה רעה, וואס זאל מיר פארשאפען, מיר, דעם מענשען געפורעמט אין דער געשטאלט פון דעם אויי־בערשטען, אזוי פיעל אומערטרעגליכע יסורים! וועה געשריען! ניט בייטאג, ניט ביינאכט האב איך שוין מעהר ניט געוואוסט

די ברכה פון רוה! ביטאָג האָט מיך דאָס באַשעפעניש ניט אָפּגעלאָזען אויף אַ רגע ניט, און ביינאַכט פלעג איך זיך יעדע שעה אויפכאַפּען פון מאָדנע שרעקליכע חלומות, דערפיהלענדיג דעם הייסען אָטעם פונ׳ם באַשעפעניש אויף מיין פּנים, און זיין מורא׳דיגע וואָג, אַ פאַרקערפּערטען נאַכט־שרעק, וועלכען איך האָב קיין כח ניט געהאַט אָוועקצוטרייבען, איז געלעגען שווער אויף מיין האַרץ!

אונטער׳ן דרוק פון אַזעלכע יסורים איז דאָס שוואַכע איבערבלייבעניש פון גוטס אין מיר אָבגעשטאָרבען. בייזע מחשבות זיינען געוואָרען מיינע איינציגע אינטימע פריינד — די פינסטערסטע און די שלעכטסטע מחשבות. די געוועהנליכע אָנגעבלאָזענקייט פון מיין כאַראַקטער איז אַריבער אין אַ שטאַרקע שנאה צו אַלע זאַכען און צו דער גאַנצער מענשהייט, און פון די פּלוצליכע, אָפטע און אומקאָנטראָלירבאַרע אויסברוכען פון ווילדען צאָרן, צו וואָס איך האָב זיך איצט בלינד אָפּגעגעבען, האָט מיין זיך־ניט־באַקלאָגענדע ווייב מעהר פון אַלעמען מיט דער גרעסטער געדולד געליטען.

איינמאָל איז זי מיט מיר געגאַנגען נאָך עפּעס אין קעלער אַריין פון דער אַלטער געביידע, וואו אונזער אָרימקייט האָט אונז געצוואונגען צו וואוינען. דער קאָטער איז מיר נאָכגעגאַנגען אַראָפּ די שטאַרק־משופּע׳דיגע טרעפּ, און שיער ניט פאַלענדיג איבער איהם מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ, בין איך דערצאָרענט געוואָרען ביז צו משוגעת. אויפהויבענדיג אַ האַק און פאַרגעסענדיג אין מיין צאָרן די קינדערשע מורא, וועלכע האָט ביז אַהער אָפּגעהאַלטען מיין האַנט, האָב איך זיך געצילעוועט צו געבען דער חיה אַ קלאַפּ, וועלכער וואָלט אויגענבליק געוואָרען פאַטאַל, ווען עס לאָזט זיך אַראָפּ אַזוי ווי איך האָב געוואָלט. אָבער מיין ווייב׳ס האַנט האָט אָפּגעהאַלטען דעם דאָזיגען קלאַפּ. אַריינגעבראַכט אין אַן איבער־דעמאָנישען צאָרן דורך מיין ווייב׳ס אַריינמישען זיך, האָב איך אַרויסגעריסען פון איהר די האַנט און האָב אַריינגעלאָזען די האַק איהר אין מאַרך אַריין, זי איז געפאַלען טויט אויפ׳ן אָרט אָהן אַ קרעכץ אפילו.

אָפּטוענדיג דעם דאָזיגען אבשייליכען מאָרד, האָב איך גלייך גענומען טראַכטען און פּלאַנעווען, ווי אַזוי צו באַהאַלטען דעם קערפּער. איך האָב געוואוסט, אַז איך קען עס ניט אַוועקנעהמען פון הויז, ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט, סיידען ריזיקירענדיג באַמערקט צו ווערען פון די שכנים. אַ סך פּלענער איז מיר אַריין אין קאָפּ. איין מאָל איז מיר איינגעפאַלען צעשניידען דעם קער־פּער אין די קלענסטע שטיקלאַך און צו פאַרברענען דאָס. אַ צווייטען מאָל האָב איך באַשלאָסען אויסצוגראָבען אַ גרוב פאַר דעם אין דעם באָדען פון דעם קעלער. ווידער האָב איך געטראַכט וועגען אַריינוואַרפען דעם קערפּער אינ׳ם ברונים פון הויף; איינ־צופּאַקען דאָס אין אַ קעסטעל, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען סחורה, מיט דער געוועהנליכער איינאָרדנונג, און אַזוי קריגען אַ טרעגער, וואָס זאָל דאָס צונעהמען פון הויז. ענדליך איז מיר איינגעפאַ־לען אַ פּלאַן, וועלכען איך האָב באַטראַכט אַלס דעם בעסטען פון די אַלע. איך האָב באַשלאָסען איינצומויערן דאָס אין אַ וואַנט אין קעלער, אַזוי ווי די מאָנאַכען אין מיטעל־אַלטער, ווי עס שרייבט זיך, פּלעגען טאָן מיט זייערע קרבנות.

פאַר אַזאַ צוועק איז דער קעלער געווען ווי אָנגעמאָסטען. זיי־נע ווענט זיינען געווען שוואַך אויפגעשטעלט, און זיי זיינען ניט לאַנג איבערגעטינקעוועט געוואָרען מיט אַ פּראָסטען טינק, וואָס די פייכטקייט פון דער לופט האָט ניט געלאָזט פאַרהאַר־טעוועט ווערען. נאָכמעהר, אין איין וואַנט האָט עפּעס אַרויסגע־שטאַרצעט, אַזוי ווי דאָרטען וואָלט געווען כלומר׳שט אַ קוימען, אָדער אַ קאַמין, וואָס איז אויסגעפילט געוואָרען און אָפּגעמאַכט אַזוי, אַז עס זאָל גלייך זיין מיט די איבעריגע פונ׳ם קעלער. ביי מיר איז קיין שום ספק ניט געווען, אַז איך קען גלייך אַרויסנעה־מען די ציגעל אויף אָט דעם פּלאַץ, אַריינמאַכען דעם קערפּער, און פאַרמאַכען צוריק די וואַנט ווי געווען, אַזוי, אַז קיין שום אויג זאָל גאָרנישט ניט קענען פאַרדעכטיגען.

און אין דער אויסרעכענונג האָב איך זיך ניט גענאַרט. מיט דער הילף פון אַ ברעכשטאַנג האָב איך לייכט אַרויסגענומען די ציגעל, און אַריינלעגנדיג פאָרזיכטיג דעם קערפּער, אָנשפּאַרענ־

דיג דאָס צו דער אינוועניגסטער וואַנט. האָב איך דאָס אַזוי צו־געהאַלטען, ביז איך האָב מיט וועניג מיה צוריק פאַרמאַכט די וואַנט, אַזוי ווי זי איז צום אָנפאַנג געווען. קריגענדיג וואַפּנע, זאַמד און האָר, האָב איך מיט כל המעגליכער פאַרזיכטיגקייט צו־געפּראַוועט אַ טינק, וואָס זאָל זיך ניט אונטערשיידען פון'ם אַלטען טינק, און איך בין מיט דעם זעהר זאָרגפעלטיג איבערגע־גאַנגען איבער דער ניי געמויערטער וואַנט. ווען איך בין פאַר־טיג געוואָרען, האָב איך געפיהלט אין זיך אַז אַלעס איז כשורה. אויף דער וואַנט איז גאָרנישט ניט געווען קענטיג אַז מען האָט עס געטשעפּעט. די מיסט וואָס אויף דער ערד האָב איך אויפגע־קליבען מיט דער פּינקטליכסטער פאַרזיכטיגקייט. איך האָב נצחונ'דיג זיך אַרומגעקוקט און זיך אָנגערופען צו זיך אַליין: „יאָ, דאָ וועניגסטענס איז מיין אַרבייט ניט אומזיסט געווען“.

דער נעקסטער שריט מיינער איז געווען אויפצוזוכען די בעסטיע, וועלכע איז געווען די סיבה פון אַזוי פיעל צרות, וואָרים איך האָב ענדליך פעסט באַשלאָסען צו דער'הרג'ענען דאָס. וואָלט איך אימשטאַנד געווען צו טרעפען דאָס גלייך אויף דער הייסער מינוט, וואָלט קיין שום צווייפעל ניט געקענט זיין וועגען זיין שיקזאַל. אָבער עס האָט אויסגעזעהן, אַז דאָס כיטרע באַשעפ־ניש איז באַאומרוהיגט געוואָרען פון דער מעשה וואָס איך האָב פריהער פאַר כעס אָפּגעטאָן, און דאָס האָט געזעהן ניט צו ווייזען זיך מיר אויף די אויגען אין מיין איצטיגער שטימונג. עס איז אוממעגליך צו שילדערן אָדער פאַרצושטעלען זיך דאָס טיפע, גליקזעליגע געפיהל פון דערלייכטערונג, וואָס די אַבוועזענהייט פון'ם עקעלהאַפטען באַשעפניש האָט אַרויסגערופען ביי מיר אין הארצען. דאָס האָט זיך ניט באַוויזען אויך ביינאַכט, און אַזוי האָב איך וועניגסטענס איין נאַכט, זינט דאָס איז צו מיר אין הויז אַריין, שטאַרק און רוהיג געשלאָפען; יאָ, געשלאָפען אפילו מיט דער לאַסט פון מאָרד אויף מיין זעלע.

דער צווייטער און דער דריטער טאָג איז אַוועק, און מיין פּייניגער איז נאָך ניט געקומען. איך האָב ווידער פריי געאָטעמט. דער מאָנסטער איז אין שרעק אויף אייביג אַנטלאָפען פון'ם פּלאַץ.

איך וועל איהם מעהר ניט אַנקוקען! צו מיין גליק איז קיין שיעור ניט געווען! די שולד פון מיין פינסטערער טאַט האָט מיך ווענינ באַאומרוהיגט. מען האָט מיר יאָ געשטעלט עפּעס איינינע פראַ־גען, אָבער איך האָב אויף זיי גלייך געענטפערט. מען האָט אַפילו געזוכט אומעטום, אָבער פאַרשטעהט זיך, מען האָט גאָר־נישט ניט געפונען. איך בין געווען זיכער מיט מיין צוקינפטיגער גליקזעליגקייט.

אויפ׳ן פערטען טאָג פונ׳ם מאָרד איז אַ פּאַרטיע פּאָליציי־ לייט גאָר אומגעריכט אַנגעקומען אין מיין הויז און גענומען ווי־ דער שטאַרק זוכען אומעטום. אָבער אַזוי ווי איך בין געווען זי־ כער, אַז זיי וועלען בשום אופן ניט געפינען דעם פּלאַץ, וואו איך האָב באַהאַלטען דעם קערפּער, האָב איך קיין שום פאַרלעגענהייט ניט געפיהלט. די בעאַמטע האָבען מיר געזאָגט, איך זאָל מיט זיי געהן זוכען. זיי האָבען קיין שום לאָך, קיין שום ווינקעל ניט דורכגעלאָזען. ענדליך צום דריטען אָדער פערטען מאָל זיינען זיי אַרונטער אין קעלער. איך האָב מיט קיין גליד ניט אַ ציטער געטאָן. מיין האַרץ האָט רוהיג געקלאַפּט, אַזוי ווי ביי איינעם, וואָס שלאָפט אין אומשולד. איך בין אַרומגעגאַנגען אין קעלער פון עק ביז עק. איך האָב צוזאַמענגעלעגט מיינע הענט אויפ׳ן האַרצען, און האָב זיך רוהיג אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק. די פּאָליציי איז געווען פאָלשטענדיג צופרידען, און זיך געקליבען שוין אַוועקצוגעהן. די פרייד אין מיין האַרצען איז געווען צו שטאַרק, אום דאָס איינצוהאַלטען. מיר האָט זיך גע׳חלש׳ט זאָגען כאָטש איין וואָרט, אַרויסצואווייזען מיין נצחון און צו מאַכען נאָך אַ מאָל זיכער זייער זיכערקייט אין מיין אונשולד.

„מיינע העררען!“ האָב איך ענדליך געזאָגט, בעת די פּאַר־ טיע איז אַרויף די טרעפּ, „מיר פרעהט זעהר, וואָס איך האָב באַרוהיגט אייער פאַרדאַכט. איך ווינש אייך אַל׳דאָס גוטס און אַ ביסעל מעהר איידעלקייט. און פאַרביינגעהענדיג, מיינע הער־ רען, וויל איך אייך זאָגען, אַז דאָס — דאָס איז אַ זעהר גוט אויפ־ געשטעלט הויז“ (אינ׳ם ווילדען חשק צו זאָגען עפּעס לייכט, האָב איך קוים געוואוסט וואָס איך רעד), „איך מעג זאָגען, אַן אייב־

געצייכענט גוט הויז. אַט־אַ־די ווענט — איהר געהט שוין, מיינע הערדען? — אַט די ווענט זיינען פעסט צוזאַמענגעשטעלט", — און דאָ, ווי צעקאָכט פאַר בראַוואַדאַ, האָב איך מיט כח אַראָפּגעלאָזען דעם שטעקען, וואָס איך האָב געהאַלטען אין מיין האַנט, אויף יענעם סאַמען טייל פון וואַנט, אין וועלכער עס איז געווען פאַרשטעקט דער קערפּער פון דער ווייב פון מיין שוים.

אָבער זאָל גאָט באַשירמען און באַשיצען מיך פון די נעגעל פונ'ם שטן! עס איז נאָך ניט פאַרשטומט געוואָרען דער ווידער־קול פון מיינע קלעפּ, ווי אַ שטימע האָט מיר געענטפערט פונ'ם קבר אַרויס! — אַ געשריי, צוערשט פאַרשטיקט און געבראָכען, אַזוי ווי דאָס קרעכצען פון אַ קינד, און דאָן זיך שנעל אויפגעהויבען, וועהרענדיג איין לאַנגער, הויכער און אומאויפהערליכער שרייען, אינגאַנצען אַנאָמאַל און אוממענשליך — אַ וואָיען, אַ יאָמער־געשריי, האַלב פון שרעק און האַלב פון נצחון, אַזאַ וואָס עס קען נאָר אַרויס פון גיהנום, צוזאַמען אי פון די העלזער פון די פאַר'משפט'ע אין זייער אַגאָניע און אי פון די טייוואָלים, וואָס פרעהען זיך ביז גאָר מיט די יסורים פון יענע.

וואָס איך אַליין האָב געטראַכט, איז נאַריש צו רעדען. אָהן כחות האָב איך זיך צוגעשלעפּט צו דער אַנטקעגענדיגער וואַנט. אויף איין אויגענבליק איז די פאַרטיע אויף די טרעפּ געבליבען שטעהן באַוועגלאָז, ווי פאַר אויסערסטען שרעק און אימה. אין דעם אַנדער אויגענבליק האָבען אַ טוץ געזונטע הענט געאַרבייט ביי דער וואַנט. איך בין געפאַלען, מיט מיין קערפּער אָן דער ערד. דער טויטער קערפּער, שוין היבש צעפוילט און באַדעקט מיט פאַרגליווערט בלוט, איז געשטאַנען גלייך פאַר די אויגען פון די צוזעהער. אויפ'ן קאָפּ, מיט אַ רויט געעפענטען מויל און איין־איינציגען אויג, וואָס האָט געברענט ווי פייער, איז געזעסען די אַבשייליכע בעסטיע, וועמעס כיטרעקייט עס האָט מיך געטריבען צום מאָרד, און וועמעס פאַר'מסר'ענדע שטימע עס האָט מיך איבערגעגעבען צום תליון אין האַנט.

# אַ האַרץ אַ מסור.

אמת! נערוועז, זעהר, זעהר שרעקליך נערוועז בין איך גע־וועזן און איך בין; אָבער פאַרוואָס זאָלט איהר זאָגען, אַז איך בין משוגע? די קרענק האָט פאַרשאַרפט מיינע חושים, ניט אָפּגעטויט, ניט אָפּגעטעמפּט. מעהר פון אַלעם איז דער חוש השמיעה געוואָרען שאַרף. איך האָב אַלעם געהערט וואָס אין ה׳מעל און וואָס אין דער ערד. איך האָב געהערט אַ סך זאַכען וואָס אין גיהנום. היינט ווי אַזוי בין איך משוגע? האָרכט! און באַמערקט, ווי געזונט, ווי קאַלט איך קען דערצעהלען אייך די גאַנצע געשיכטע.

ס׳איז אוממעגליך צו זאָגען, ווי אַזוי איז דאָס צוערשט דער געדאַנק מיר אַריין אין זינען; אָבער אַז עס איז שוין אַריין, האָט עס מיך פאַרפאָלגט טאָג און נאַכט. קיין שום אָבזיכט איז דערביי ניט געוועזן. קיין שום ליידענשאַפט. איך האָב ליב גע־האַט דעם אַלטען מאַן. ער האָט קיין מאָל מיר קיין אומרעכט ניט געטאָן. ער האָט מיך קיינמאָל ניט באַליידיגט. נאָך זיין געלט האָב איך זיך ניט געיאָגט. איך רעכענ, זיין אויג איז שולדיג גע־וועזן! יאָ, זיין אויג! איין אויג זיינס איז געוועזן עהנליך צו אַ קאָרשונ׳ס אויג — אַ בלאַס בלוי אויג, מיט אַ בעלעם פאַרצוי־גען. ווען דאָס איז נאָר געפאַלען אויף מיר, איז מיין בלוט אין מיר פאַרקיהלט געוואָרען; און אָט אַזוי שטופּענווייז — נאָך צוביסלאַך — האָב איך באַשלאָסען צו נעהמען דאָס לעבען פון דעם אַלטען מאַן, און אויף אַזאַ אופן פּטור ווערען פונ׳ם אויג אויף אייביג.

יאָ, דאָס איז די געשיכטע. איהר דענקט, אַז איך בין משוגע. משוגעים ווייסען גאָרנישט. איהר האָט אָבער מ י ך געדאַרפט

זעהן. איהר האָט געדאַרפט זעהן, ווי קלוג איך בין אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבייט, מיט וואָס פאַר אַ פאָרזיכטיגקייט, מיט וואָס פאַר אַנ'אויסגערעכענטקייט, מיט וואָס פאַר אַ פאַרשטעלטקייט איך האָב דאָס גענומען אַרבייטען! איך בין קיינמאָל ניט געווען פריינדליכער צום אַלטען מאַן, ווי דורך דער גאַנצער וואָך, איידער איך האָב איהם דער'הרג'עט. און יעדע נאַכט, אַרום האַלבע נאַכט, האָב איך אויפגעהויבען די קליאַמקע פון זיין טיר און געעפענט — אָה, ווי שטיל איך האָב דאָס געטאָן! און דאַן, ווען איך האָב אויפגעעפענט אויף אַזוי פיעל, אַז איך זאָל קענען דעם קאָפּ דורכשפּאַרען, האָב איך אַריינגערוקט אַ טונקעלע לאַנטערנע, איינגאַנצען פאַרמאַכט, אַזוי פאַרמאַכט, אַז קיין ליכט האָט ניט אַרויסגעשיינט, און דאַן האָב איך דורכגעשפּאַרט מיין קאָפּ. אָה, איהר וואָלט לאַכען, זעהענדיג ווי קלוג איך האָב עס דורכגעשפּאַרט! איך האָב עס אַריינגערוקט פּאַמעליך, זעהר, זעהר פּאַמעליך, אום ניט צו שטערען דעם אַלטען מאַנ'ס שלאָף. עס האָט מיר גענומען אַ שטונדע אַריינצורוקען מיין גאַנצען קאָפּ אין דער עפענונג אַזוי ווייט, אַז איך זאָל איהם קענען זעהן, ווי ער ליגט אויפ'ן בעט. הא! וואָלט אַ משוגע'נער געהאַט אויף אַזוי פיעל פאַרשטאַנד? און דערנאָך, ווען מיין קאָפּ איז שוין געווען ווייט אין צימער, האָב איך געמאַכט די לאַמטערנע אַזוי פינסטער —, איך האָב עס אַזוי פאָרזיכטיג געטאָן (וואָרים די זאַווייעסעס פון טיר האָבען אַ סקריפּ געטאָן) — איך האָב עס געמאַכט אַזוי, אַז איין שטראַל נאָר זאָל פאַלען אויפ'ן קאָרשונען־אויג. און דאָס האָב איך געטאָן זיבען נעכט נאָכאַנאַנד — נאַכט אין נאַכט, פּונקט אום האַלבע נאַכט — אָבער איך האָב דאָס אויג אימער געפונען צוגעמאַכט, און דעריבער איז געווען אוממעגליך צו טאָן די אַרבייט, וואָרים ניט דער אַלטער מאַן האָט מיך געערגערט, נאָר זיין „בייז אויג". און יעדען פריהמאָרגען, ווי עס פלעגט ווערען טאָג, פלעג איך דרייסט אַריין אין צימער און מוטיג רעדען מיט איהם, רופענדיג איהם מיט אַ האַרציגען טאָן ביים נאָמען, און פרעגען איהם, ווי אַזוי האָט ער די נאַכט געשלאָפען. זעהט איהר דאָך, אַז ער וואָלט ווירקליך געדאַרפט זיין אַ גרויסער חכם,

דער זקן, צו פאַרדעכטיגען, אַז יעדע נאַכט, פּונקט צוועלף, כאַפּ איך אַ קוק אויף איהם בעת ער שלאָפט.

די אַכטע נאַכט בין איך געווען מעהר פאָרזיכטיג ווי אימער ביים עפענען די טיר. אַ מינוטען־ווייזער פון אַ זייגער ריהרט זיך פיעל שנעלער ווי מיין האַנט האָט זיך געריהרט. איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געפיהלט, ווי גרויס מיינע קרעפטען זיינען. ווי גרויס מיין שאַרפזיניגקייט איז. איך האָב קוים געקענט איינ־האַלטען מיינע געפיהלען פון נצחון. דער איין געדאַנק, אַז איך בין דאָרטען געווען, ביסלעכווייז עפענענדיג די טיר, און איהם האָט זיך אפילו ניט גע'חלומ'ט פון מיינע באַהאַלטענע מעשים אָדער מחשבות! איך האָב זיך געשטיקט אין זיך פאַר געלעכטער, טראַכטענדיג פון דעם: און אפשר האָט ער דערהערט, וואָרים ער האָט זיך אַ קעהר געטאָן פּלוצלונג אין בעט, ווי ער וואָלט זיך דערשראָקען. איהר קענט דאָך מסתמא רעכענען, אַז איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן אויף צוריק, — זאָג איך אייך, אַז ניין. זיין צימער איז געווען שוואַרץ ווי פּעך, מיט אַ געדיכטער פינסטער־ניש (וואָרים די לאָדען זיינען געווען האַרט פאַרמאַכט אויס מורא פאַר רויבער), האָב איך געוואוסט, אַז ער קען ניט זעהן, ווי די טיר איז אָפען, און איך האָב זי אַלץ געשטופּט און גע־שטופּט.

איך האָב שוין מיין קאָפּ געהאַט אינוועניג, און האָב שוין געוואָלט עפענען די לאַנטערנע, ערשט מיין גראָבער פינגער האָט אַ מאַך געטאָן מיט'ן בלעכענעם פאַררוקער, און דער אַלטער מאַן איז אויפגעשפּרונגען אין בעט, אויסשרייענדיג: „ווער איז דאָס?“

איך האָב זיך געהאַלטען גאַנץ שטיל און גאָרנישט געזאָגט. פאַר אַ גאַנצע שטונדע צייט האָב איך מיט קיין מוסקעל ניט אַ ריהר געטאָן, און דערווייל הער איך ניט, ער זאָל זיך צוריקלעגען. ער איז נאָך געזעסען אין בעט און האָט זיך צוגעהערט, פּינקט ווי איך פּלעג טאָן נאַכט אין נאַכט צוהערענדיג זיך צו די טויטען־זייגערס אין וואַנט.

באַלד האָב איך דערהערט אַ לייכטען קרעכץ, און איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז געווען דער קרעכץ פון טויט־שרעק. עס

איז ניט געווען קיין קרעכץ פון פיין אדער קומער. אה, ניין! עס איז געווען דער שטילער פארשטיקטער קלאנג, וועלכער רייסט זיך ארויס פון דער טיפעניש פון דער נשמה, בעת זי ווערט איבער־פילט מיט אימה. איך האב גוט געקענט דעם קלאנג. א סך נעכט, פונקט אום האלבע נאכט, ווען די גאנצע וועלט פלעגט שלאפען, פלעגט עס ארויסציהען פון מיין אייגענער ברוסט, פאר־טיפענדיג, מיט זייער שוידערליכען ווידערקול, די שרעקען, וואס פלעגען מיך משוגע מאכען. איך זאג אייך, אז איך האב עס גוט געקענט. איך האב געוואוסט, וואס דער אלטער מאן האט גע־פיהלט און איך האב אויף איהם רחמנות געהאט, כאטש איך האט אין הארצען געשטיקט זיך פאר געלעכטער. איך האב געוואוסט אז ער איז געלעגען וואכעדיג זינט ער האט דערהערט דעם ער־שטען לייכטען גערויש, בעת ער האט זיך איבערגעקעהרט אין בעט. זיין מורא איז פון דאן אן געוואקסען אין איהם. ער האט זיך געמאטערט פארצושטעלען זיך, אז זיין מורא איז אן אומזיס־טע, אבער ער האט ניט געקאנט. ער האט געטאן און גערעדט צו זיך: „עס איז גארנישט, דאס איז דער ווינט אין קוימען, דאס איז נאר א א מויז איבערגעלאפען דעם דיל“, אדער: „דאס האט נאר א גריל איין מאל א צוויטשער געטאן“. יא, ער האט געזוכט צו טרייסטען זיך מיט די דאזיגע השערות, אבער ס'איז אלץ אומזיסט געווען. א ל ץ א ו מ ז י ס ט, ווייל דער טויט, דערנעהנטערענדיג זיך צו איהם, האט זיך צו איהם צוגע־גנב'עט מיט זיין שווארצען שאטען, און איינגעוויקעלט דעם קרבן. און דאס האט דער שמערצליכער איינפלוס פון דעם אומבאמערק־טען שאטען איהם געמאכט צו פיהלען, — כאטש ער האט ניט געזעהן און ניט געהערט — צו פ י ה ל ע ן די אנוועזענהייט פון מיין קאפ אין צימער.

ווען איך האב אפגעווארט א לאנגע צייט, זעהר געדולדיג, און האב ניט געהערט איהם אוועקלעגענדיג זיך, האב איך באשלא־סען צו עפענען א קליין, גאר א קליין שפעלטעל אין דער לאנ־טערנע. האב איך געעפענט — איהר קענט זיך גאר ניט פאר־שטעלען, ווי גע'גנב'עט, ווי גע'גנב'עט איך האב דאס געטאן, —

ביז עס האט ענדליך זיך ארויסגעשפארט פון שפאלט איין איינציגער טונקעלער שטראל, אזוי ווי דער פאדים פון א שפין, און איז געפאלען אויפ׳ן קארשונען־אויג.

עס איז געווען אפען — ברייט, ברייט אפען — און איך בין ווילד געווארען קוקענדיג אויף דעם. איך האב עס גאנץ דייטליך געזעהן — אין גאנצען טונקעל־בלוי, מיט אן אבשייליך הייטעל פארצויגען איבער דעם, וואס האט פארקיהלט דעם סאמען מארך פון מיינע ביינער: אבער איך האב מעהר גארנישט געקענט זעהן פון דעם אלטען מאנ׳ס פנים אדער פערזאן, ווארים, איך האב געלאזט פאלען דעם שטראל, ווי אינסטינקטיוו, פונקט אויפ׳ן פארפלוכטען ארט.

און איצטער זעהט איהר, האב איך ניט געזאגט, אז דאס וואס איהר נעהמט אן על פי טעות פאר משוגעת, איז ניט מעהר ווי איבערגעשארפטקייט פון די חושים? זאג איך אייך, אז עס איז דערגאנגען צו מיינע אויערן א שטילער, טעמפער, שנעלער קלאנג, אזוי ווי פון א זייגער, בעת ער איז איינגעוויקעלט אין וואטע. איך האב דעם קלאנג אויך גוט געקענט. דאס האט געקלאפט דעם אלטען מאנ׳ס הארץ. דאס האט מיך נאך מעהר אריינגעבראכט אין צארן, פונקט ווי דאס קלאפען פין א פויק מונטערט אויף דעם סאלדאט.

אבער אפילו דאן האב איך זיך איינגעהאלטען און בין געווען שטיל. איך האב קוים געאטעמט. איך האב באוועגלאז געהאלטען די לאנטערנע. איך האב געוואלט זעהן, ווי לאנג וועל איך קענען האלטען דעם שטראל גלייך אויפ׳ן אויג. דערווייל איז דאס העלישע קלאפען פון הארץ שטארקער געווארען. מיט יעדער רגע האט עס געקלאפט אלץ שנעלער און שנעלער, אלץ העכער און העכער. דעם זקנ׳ס שרעק האט געמוזט זיין ביז גאר! איך זאג, אז מיט יעדען מאמענט האט עס געקלאפט אלץ העכער און העכער — באמערקט איהר גוט, וואס איך זאג? איך האב אייך געזאגט, אז איך בין נערוועז: בין איך עס. נו, אזוי שפעט אין דער נאכט, אין דער שרעקליכער שטילקייט פון יענעם אלטען הויז, האט אזא מאדנער גערויש ארויסגערופען אין מיר אן אומקאנטראליר־

בארען שרעק. דאך, פאר א צייט פון נאך עטליכע מינוטען, האב איך זיך איינגעהאלטען און בין געשטאנען שטיל. אבער עס האט גענומען קלאפען אלץ שטארקער און שטארקער! איך האב גע־מיינט, דאס הארץ וועט צעפלאצט ווערען. און דא האט מיך א נייער שרעק אנגעכאפט — א שכן קען דערהערען דעם קלאנג! דעם זקנ'ס שטונדע איז געקומען! מיט א הויכען אויסגעשריי האב איך אויפגעעפענט די לאנטערנע און אריינגעשפרונגען אין צימער. ער האט א געשריי געטאן איין מאל — איין מאל נאר. אין איין רגע האב איך איהם אראפגעשלעפט אויפ'ן דיל, און האב אויף איהם ארויפגעווארפען דאס שווערע בעט. איך האב דאן לוסטיג געשמייכעלט, וואס די ארבייט איז שוין אויף אזוי פיעל אפגעטאן. אבער מינוטען לאנג נאך האט דאס הארץ געקלאפט מיט א פארשטיקטען קלאנג. דאס אבער האט מיר ניט געקימערט: איבער'ן וואנט וואלט מען עס ניט געקענט הערען. ענדליך האט עס אויפגעהערט. דער אלטער מאן איז געווען טויט. איך האב אראפגענומען דאס בעט און עקזא־מינירט דעם קערפער. יא, ער איז געווען טויט ווי א שטיין. איך האב ארויפגעלעגט מיין האנט אויף זיין הארץ, און עס גע־האלטען מינוטען לאנג. עס האט ניט געקלאפט. ער איז געווען טויט ווי א שטיין. זיין אויג וועט מיך שוין מעהר ניט באאומרו־היגען.

אויב איהר קלערט נאך אלץ, אז איך בין משוגע, וועט איהר עס שוין מעהר ניט קלערען, ווען איך וועל אייך שילדערן, וואס פאר א קלוגע פארזיכטס־מיטלען איך האב אנגענומען, אום דעם קערפער צו באהאלטען. די נאכט איז געקומען צו איהר ענדע, און איך האב געארבייט אין איילעניש, אבער שטיל. די ערשטע זאך האב איך צעשניטען דעם קערפער גלידערווייז. איך האב אב־געשניטען דעם קאפ, די הענט און די פיס.

איך האב דאן אויפגעהויבען דריי ברעטער פונ'ם דיל פון צי־מער און האב אלעס אריינגעלעגט צווישען די קלעצער. דאן האב איך די ברעטער צוריקגעלעגט אויף זייער ארט אזוי געשיקט, אזוי קונציג, אז קיין שום מענשליך אויג — אפילו ניט ז י י נ ס —

וואלט געקענט פארדעכטיגען, אז עפעס איז ניט גלאט. עס איז גארנישט ניט געווען וואס צו אויסוואשען — קיין שום פלעק, קיין שום בלוט־פלעק. איך בין געווען זעהר פארזיכטיג אין דעם פרט. א צעבער האט אלעס צוגענומען — כא! כא!

ווען איך בין פארטיג געווארען מיט דער גאנצער ארבייט, איז שוין געווען פיער דער זייגער — נאך פינסטער ווי אין האל־בער נאכט. ווען דער גלאק האט געשלאגען פיער, האט זיך דער־הערט א קלאפ אין דער טיר פון דרויסען. איך בין ארונטער עפע־נען מיט א לייכט הארץ, — ווארים פאר וואס האב איך איצט מורא צו האבען? עס זיינען אריין דריי מענשען, וועלכע האבען זיך פארגעשטעלט מיט אמת'ער ליבליכקייט אלס פאליציי־באאמ־טע. א שכן האט דערהערט א געשריי ביינאכט; עס איז געווא־רען פארדעכטיג, אז עפעס א מיאוס'ע מעשה איז געשעהן; מען האט גלייך מודיע געווען אין פאליציי־אמט, און זיי (די פאליציי־לייט) זיינען געשיקט געווארען צו מאכען א הויז־זוכונג.

איך האב געשמייכעלט: ווארים וואס האב איך מורא צו האבען? איך האב די העררען געזאגט: ווילקאמען! דער אויסגעשריי, האב איך געזאגט, איז געווען מיין אייגענער — פון שלאף איז דאס געווען. דער אלטער מאן, האב איך דערמאנט, איז ניטא היע. איך האב מיינע געסט ארומגעפיהרט איבער'ן גאנ־צען הויז. איך האב זיי געהייסען זוכען — ג ו ט זוכען. צום סוף האב איך זיי אריינגעפיהרט אין ז י י ן צימער. איך האב זיי געוויזען זיינע אוצרות, גאנץ, ניט געריהרט. פאר התפעלות, וואס איך בין אזוי זיכער געווען, האב איך אריינגע־בראכט שטולען אין צימער, און איך האב זיי געבעטען אפרוהען פון זייער מידקייט, או איך אליין, אין דער ווילדער דרייסט־קייט פון מיין פאלקאמענעם טריאומף, האב מיר אוועקגעשטעלט מיין שטול צום זעצען זיך אויפ'ן זעלבען פלאץ דארט וואו ס'איז אונטען געלעגען באגראבען דער קערפער פון דעם קרבן.

די פאליציי־באאמטע האבען זיך צופרידענגעשטעלט. מיין ה א ל ט ע ן ז י ך האט זיי איבערצייגט. איך בין געווען מאדנע רוהיג. זיי זיינען געזעסען, און אין דער צייט וואס איך

האב געענטפערט גאנץ לעבעדיג, האבען זיי געפלוידערט פון געוועהנליכע זאכען. אבער אינגיכען האב איך דערפיהלט, ווי איך ווער בלאס און איך האב גע'חלש'ט, זיי זאלען שוין אוועקגעהן. עס האט מיר וועה געטאן דער קאפ, און עס האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז עס קלינגט מיר אין די אויערן; אבער זיי זיינען נאך געזעסען און האבען געפלוידערט. דאס קלינגען איז געווארען דייטליכער — עס האט געהאלטען אין איין קלינגען און אלץ העכער און העכער. איך האב גענומען רעדען אהן אן אפהאלט, אום לויז צו ווערען פון דעם געפיהל, אבער עס האט געקלונגען און געקלונגען, און אלץ דייטליכער און דייטליכער, ביז איך האב ענדליך אויסגעפונען, אז דאס גערויש איז גארניט אין מיינע אויערן.

עס איז קיין שום ספק ניט געווען, אז איך בין געווארען זעהר בלייך, אבער איך האב גערעדט פליסיגער און מיט א העכערען קול. דאך האט זיך דער קלאנג פארשטארקט — און וואס האב איך געקענט טאן? עס איז געווען *א שטילער, טעמפער, שנעלער קלאנג — פיעל עהנליך צום קלאנג פון א זייגער, וואס איז איינגעוויקעלט אין וואטע*. איך האב שווער געאטעמט — און דאך האבען דאס די באאמטע ניט געהערט. איך האב גערעדט שנעלער, קרעפטיגער, אבער דער גערויש האט זיך כסדר פארגרעסערט. איך האב זיך אויפגעהויבען און ארגומענטירט וועגען קלייניגקייטען, אויף א הויכען טאן און מיט שטארקע זשעסטיקולאציעס, אבער דער גערויש איז כסדר גרעסער געווארען. פארוואס געהען זיי ניט אוועק? איך האב ארומגעשפרייזט איבערן צימער מיט שווערע טריט, אזוי ווי איך וואלט שטארק אויפגערעגט געווארען פון די באאבאכטונגען פון די מענער — אבער דער גערויש איז כסדר גרעסער געווארען. אך גאט! וואס *קען* איך טאן? איך האב גע'כעס'ט, געליארעמט, געשאלטען. איך האב א כאפ געטאן דעם שטול, אויף וועלכען איך בין געזעסען, און א זעץ געטאן מיט איהם איבער די ברעטער, אבער דער גערויש האט זיך אויפגעהויבען איבער אלעס און איז כסדר גרעסער געווארען. ער איז געווארען העכער, העכער, *הע*־

כ ע ר ! און די מענער האָבען נאָך אַלץ פריינדליך געפלוידערט און געשמייכעלט. איז עס מעגליך, אַז זיי האָבען ניט געהערט? אַלמעכטיגער גאָט ! — ניין, ניין ! זיי האָבען יאָ געהערט ! זיי האָבען פאַרדעכטיגט ! זיי האָבען ג ע װ ו א ו ס ט ! זיי האָבען חוזק געמאַכט איבער מיין שרעק ! דאָס האָב איך גע־טראַכט און דאָס טראַכט איך. אָבער אַלצדינג װאָלט געװען בע־סער איידער די דאָזיגע עינויים ! אַלצדינג װאָלט געװען דער־טרעגליכער איידער דער דאָזיגער שפּאָט ! איך האָב שוין מעהר ניט געקענט פאַרטראָגען אָט די היפּאָקריטישע שמייכלען ! איך האָב געפיהלט, אַז איך מוז א געשריי טאָן, אָדער שטאַרבען — און אָט — װידער ! האָרכט ! העכער ! העכער ! העכער ! הע־כער ! העכער ! ה ע כ ע ר !

— לומפּען ! — האָב איך אויסגעשריען, — פאַרשטעלט זיך מעהר ניט ! איך בין זיך מודה, אַז איך האָב דאָס געטאָן ! רייסט אויף די ברעטער ! אָט דאָ, אָט דאָ ! זיין אָבשייליך האַרץ קלאַפּט דאָס !

# וויליאם ווילסאן.

> "What say at it, what say **conscience** grim
> That spectre in my path?"
>
> משעמבערליינ'ס „פאראנידא".

לאמיך זיך רופען דערוויל וויליאם ווילסאן. דאס ריינע בלאט, וואס ליגט פאר מיר, דארף ניט באפלעקט ווערען מיט מיין אמת'ן נאמען. ער איז שוין געוועזן צופיעל צילבערעט פאר דער פאראכטונג, פאר'ן שוידער, פאר'ן האס פון מיין שטאם. האבען ניט די צארנדיגע ווינטען פארטראגען אין די ווייטסטע ערטער פונ'ם ערד-קוגעל דעם שענדליכען נאמען, וועלכער האט צו זיך קיין גלייכען ניט? א, אויסוואורף פון אלע אויסווארפען, די זינדיגסטע! ביזטו דען ניט אויף אייביג טויט פאר דער ערד, מיט איהר עהרע, מיט איהרע בלומען, מיט איהרע גאלדענע שטרעבונגען? און טוט דען ניט הענגען אייביג א וואלקען, א גערדיכטער, א פינסטערער און אומענדליכער צווישען דיינע האפענונגען און דעם הימעל?

איך וועל דא היינט, אפילו ווען איך זאל קענען, ניט אפגעבען דין־וחשבון פון מיינע לעצטע יאהרען פון אומבאשרייבליכען עלענד און פון אומפארגלייכליכען פארברעכען. אט די עפאכע — די דאזיגע לעצטע יאהרען — האט פון זיך אליין זיך פלוצלונג דערהויבען צו פארדארבענקייט, און מיין איצטיגער צוועק איז נאר דעם אורשפרונג דערפון צו באצייכענען. מענשען ווערען געוועהנליך פארדארבען שטופענווייז. פון מיר איז די גאנצע טוגענד אין איין כהרף־עין ארונטערגעפאלען ווי א שלייער פונ'ם קערפער.

פון פאַרהעלטניסמעסיג אומבאַדייטענדע רשעות, בין איך מיט׳ן שפּרייז פון אַ ריז אַריבער צו נאָך גרעסערע גרויזאַמקייטען, ווי פון אַן עלאַה־גאַבאַלוס. וואָס פאַר אַ געלעגענהייט, וואָס פאַר אַ פאַסירונג עס האָט געפיהרט צו דעם דאָזיגען איבעל, — האָט מיט מיר מיטלייד בעת איך דערצעהל עס. דער טויט דערנעהנטערט זיך, און דער שאָטען, וואָס לויפט איהם פאַראויס, האָט געוואָרפען אַ מילדערענדען איינפלוס איבער מיין גייסט. אין מיין דורכ־געהן דורכ׳ן טונקעלען טאָל לעבען איך נאָכ׳ן מיטגעפיהל — איך האָב שיער ניט געזאָגט רחמנות — פון מיינע מיטמענשען. איך וואָלט זיין צופרידען, זיי זאָלען גלויבען, אַז איך בין אין אַ געוויסער מאָס געווען דער שקלאַף פון אומשטענדען, וואָס זיינען ניט ביים מענשען אין די הענט. איך וואָלט וועלען, זיי זאָלען פאַר מיר אויסזוכען אין די דעטאַלען וואָס איך וועל געבען דאָ, עפּעס אַ קליינעם אַאַזיס פון פ אַ ט אַ ל י ט ע ט צווישען דער ווילדערניש פון אירטום. איך וואָלט וועלען, זיי זאָלען צוגעבען — וואָס זיי קענען ניט צוריקהאַלטען זיך פון צוצוגעבען — אַז כאָטש דער נסיון איז אפשר אויך פריהער געווען גרויס, איז דער מענש פריהער קיינמאָל א ז ו י, לכל־הפּחות, ניט געפּרואווט געוואָרען, זיכער, קיינמאָל א ז ו י ניט געפאַלען. און דערפאַר איז עס, וואָס ער האָט קיינמאָל אַזוי ניט געליטען? האָב איך דען ווירקליך ניט געלעבט ווי אין אַ חלום? און שטאַרב איך דען איצט ניט אַ קרבן פאַר דעם שוידער און געהיימנים פון די ווילדסטע פון אַלע ערדישע וויזיאָנען?

איך שטאַם אַפּ פון אַ גזע, וועלכע האָט זיך תמיד אויסגע־צייכענט מיט איהר איינגעבילדעטען און זיך לייכט־אויפרעגענדען טעמפּעראַמענט, און אין מיין פריהסטער קינדהייט האָב איך שוין געוויזען סימנים, אַז איך האָב אינגאַנצען גע׳ירש׳ענט דעם פאַ־מיליען־כאַראַקטער. וואָס עלטער איך בין געוואָרען, אַלץ שטאַר־קער האָט זיך דאָס ענטוויקעלט, ווערענדיג צוליעב פיעלע טעמים אַן אורזאַך פון ערנסטער זאָרג פאַר מיינע פריינד און פון זיכערען שאָדען פאַר מיר אַליין. איך בין געוואַקסען אַן עקשן, איבער־געגעבען צו די ווילדסטע קאַפּריזען, און אַ קרבן צו די אומקאָנ

טראָלירבאַרסטע ליידענשאַפטען. שוואַכזיניג און באַפאַלען מיט אָרגאַנישע קראַנקייטען אַזעלכע ווי מיינע, האָבען מיינע עלטערן ווייניג וואָס געקענט טאָן אַפּצוהאַלטען די שלעכטע נייגונגען, מיט וועלכע איך האָב זיך אויסגעצייכענט. איינציגע שוואַכע און שלעכט־געווענדטע באַמיהונגען האָבען זיך געענדיגט מיט אַ פאָלשטענדיגען דורכפאַל פאַר זיי, און געוויס, מיט אַ טאָטאַלען טריאומף פאַר מיר. פון דענסטמאָל אָן איז מיין שטימע געוואָרען אַ געזעץ פאַר'ן הויז־געזינד, און אין דעם עלטער, וואָס ווייניג קינדער פאַרלאָזען זייערע געה־וועגעלאַך, בין איך שוין איבערגעלאָזען געוואָרען צו דער השגחה פון מיין אייגענעם ווילען און איך בין געוואָרען אין אַלעם, אויסער אין נאָמען, דער באַלעבאָס פון מיינע אייגענע האַנדלונגען.

מיינע פריהסטע ערינערונגען פון אַ שול־לעבען זיינען פאַר־בונדען מיט אַ גרויס, אומגעלומפּערט עליזאַבעטיש הויז אין אַ נעבעלדיגען דאָרף אין ענגלאַנד, וואו ס'איז געווען אַ גרויסע צאָהל ריזיגע סוקעוואַטע בוימער, און וואו אַלע הייזער האָבען אויסגע־קוקט שטאַרק פאַרצייטיג. ווירקליך, עס איז געווען אַ פאַנטאַס־טישער און גייסט־באַרוהיגענדער פּלאַץ, אָט יענעם בבוד'יגע אַלטע שטעטעל. ביים איצטיגען מאָמענט פיהל איך אין מיין פאַנטאַזיע די דערפרישענדע קיהלקייט פון זיינע טיף־שאָטענדיגע אַלעען, זאַפּ איין די ריחות פון זיינע טויזענדער קוסטעס, און ווער דורכגעדרונגען פון דאָס ניי מיט אומבאַשטימבאַרער פרייד פון דעם טיפען דומפען טאָן פון דעם קירכענגלאָק, וואָס קלינגט יעדע שטונדע מיט אַ מעלאַנכאָלישען און פּלוצלונגען ברום איבער דער שטילקייט פון דער בין־השמשות'דיגער אַטמאָספערע, אין וועלכער דער פאַרצירטער גאָטישער קירכען־טורעם ליגט איינגע־גראָבען און איינגעשלאָפען.

עס פאַרשאַפט מיר אפשר אזוי פיעל פאַרגעניגען, ווי איך קען איצטער אויף וואָסער עס איז אופן פיהלען, אָפּצושטעלען זיך אויף גענויע ערינערונגען פון דער שולע און איהרע עסקים, איינגע־וויקעלט אין עלענד ווי איך בין, — אוי, עלענד! שוין צו רעאַ־לער — וועט מען מיר פאַרצייהען, פאַרוואָס איך זוך טרייסט, יוי קליין און צייטווייליג דאָס זאָל ניט זיין, אין דער שוואַכקייט פון

עטליכע איינצעלהייטען, וואָס זיינען אויסער׳ן ווענ. נאָכמעהר-
אַמ די דורכאויס טריוויאַלע דעטאַלען, און זאָגאָר לעבערליכע
אין זיך אַליין, ווערען אין מיין פאַנטאַזיע צופעליג וויכטיג, אַלס
פאַרבונדען מיט אַ צייט און מיט אַן אָרט, ווען און וואו איך
דערקען די ערשטע אומזיכערע וואַרנונגען פון דעם שיקזאַל, וואָס
האָט זיך דערנאָך אַזוי ביז גאָר ארויפגעלעגט אויף מיר. לאָמיר
אַלזא דערמאָנען זיך.

דאָס הויז, האָב איך געזאָגט, איז געווען אַלט און אומרעגעל-
מעסיג. דער פּלאַץ איז געווען גרויס, און אַרום און אַרום איז
געווען אַ הויכע סאָלידע געמויערטע וואַנט, באַדעקט מיט אַ שיכט
פון צעמענט און צעבראָכענע גלאָז. דאָס דאָזיגע פעסטונגס-ווערק,
וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ תפיסה, האָט געבילדעט די גרעניץ
פון אונזער טעריטאָריע. דאָס, וואָס געפינט זיך הינטער דעם,
האָבען מיר געזעהן נאָר דריי מאָל אַ וואָך — איין מאָל יעדען
שבת נאָכמיטאָג, ווען געפיהרט פון צוויי באַהעלפערס, האָבען מיר
געמעגט געהן פּאָר אַ קורצען שפּאַציר אַלע צוזאַמען איבער
אַ דערבייאיגען פעלד, און צוויי מאָל יעדען זונטאָג, מאַרשירענדיג
אויף דעם זעלבען פאָרמעלען אופן אין דער פריה און אין אָווענט
צו דער גאָטעסדיענסט אין דער איין-איינציגער קירכע פון׳ם דאָרף.
פון אַמ דער קירכע איז דאָס דער דירעקטאָר פון אונזער שולע
געווען דער פּאַסטאָר. מיט וואָס פאַר אַ טיפען גייסט פון פאַר-
וואונדערונג און פאַרווירונג ביז איך געווען געוועהנט צו באַטראַכ-
טען איהם פון אונזער ווייטער באַנק אין דער גאַלערעע פון דער
קירכע, ווי ער פּלעגט מיט יום-טוב׳דיגע און לאַנגזאַמע טריט אַרויף
אויף דער בימה! אַמ דער בכבוד׳ער מאַן, מיט אַזאַ אַנגעצווי-
גענער מילדקייט אויף זיין געזיכט, מיט אַזעלכע גלאַנציגע און
גלח׳יש פּלאַטערנדיגע קליידער, מיט אַזאַ פּינקטליך אַנגעפּודרע-
וועטען פּאַריק, אַזוי שטרענג און אַזוי וואַזשנע — קען ער דאָס זיין
דער זעלבער וואָס האָט ערשט ניט לאַנג מיט אַ זויערען פּנים און
אין פאַרשמאַלצענע בגדים דורכגעפיהרט מיט דער ווירע אין האַנט
די דראַקאָנישע געזעצען פון דער אַקאַדעמיע? אָ, ריזיגער פּאַ-
ראַדאָקס, צו דורכאויס מאָנסטערהאַפט, צו קענען לייזען דיך!

איז א ווינקעל פון דער שווערער וואנט האט בייז ארויס־געקוקט נאך א שווערערער טויער. עס איז געווען איינגעפעסטיגט און באשלאגען מיט אייזערנע ריגלען, און פארשפיצט מיט שמיע־כיגע אייזערנע שטאקעטען. וואס פאר אן איינדרוק פון טיפער אימה דאס האט ארויסגערופען! עס איז קיינמאל ניט געעפענט געווארען א חוץ פאר די דריי פעריאדישע ארויסגאנגען און אריינ־גאנגען, וועלכע זיינען אויבען דערמאנט געווארען. היינט, איז יעדען סקריפ פון זיינע מעכטיגע זאוויעסעם האבען מיר געפונען גאנצע סודות — א וועלט פון זאכען פאר ערנסטער באמערקונג, אדער פאר נאך מעהר ערנסטער נאכדענקונג.

דער גרויסער פלאץ, אין וועלכען מיר זיינען געווען איינ־געצאמט, איז געווען אומרעגעלמעסיג אין דער פארמע, האבענדיג פיעלע געראמע פארטיפונגען. דריי אדער פיער פון די דאזיגע פארטיפונגען האבען צונויפגעשטעלט דעם שפיל־פלאץ. עס איז געווען פלאך און באדעקט מיט דינע הארטע זאמד־שטיינדלאך. איך געדענק גוט, אז עס האט ניט געהאט ניט קיין בוימער, ניט קיין בענק, אדער עפעס עהנליכעס. פארשטעהט זיך, עס איז גע־ווען הינטער'ן הויז. פארענט איז געווען א קליין גערטענדעל, פארפלאנצט מיט בוקסבוימלאך און אנדערע קוסטעס. אבער דורך אט דעם הייליגען פלאץ פלעגען מיר, באמת, דורכגעהן נאר ביי זעלטענע געלעגענהייטען, אזוי ווי ביים אנקומען אין שולע אדער ביים אוועקגעהן פון דארט צום לעצטען מאל, אדער אפשר ווען ווער פון די עלטערן אדער א פריינד פלעגט קומען נאך אונז, פלעגן מיר מיט פרייד געהן דורך דארט אהיים אויף וויהנאכטען אדער אויף די מיטענזומערדיגע יום־טובים.

אבער דאס הויז! — ווי אלטפרענקיש די געביידע איז ניט געווען, פאר מיר איז עס באמת געווען א צויבער־פאלאץ. עס איז ווירקליך קיין ענד ניט געווען צו די געדרעהטע צימערען, צו די אומבאגרייפליכע אפטיילונגען אויף אפטיילונגען. ווען מען גיט זיך א כאפ, איז געווען שווער צו זאגען מיט א זיכערקייט, אויף וועלכען פון די צוויי שטאקען מען געפינט זיך. פון איין צימער צום אנדערען האט מען זיכער געקענט געפינען דריי אדער

פיער טרעפ אויף ארויפצוגעהן אדער אראפצוגעהן. היינט די זייטיגע אפטיילונגען זיינען געווען אהן א שיעור, אומבאגרייפליך און אזוי געדרעהט איינע אין די אנדערע, אז אונזערע פינקט־ליכסטע השגות בנוגע דאס גאנצע הויז זיינען געווען ניט זעהר ווייט פארשידען פון אונזערע באגריפען מכח דעם אין־סוף. פאר די פינף יאהר וואס איך בין דארט געווען, בין איך קיינמאל ניט געווען אימשטאנד גענוי צו דערגעהן, ווי ווייט עס איז געלעגען דאס קליינע שלאפצימער, וואס איז געווען באשטימט פאר מיר און נאך אכטצעהן אדער צוואנציג אנדערע שילער.

דאס שול־צימער איז געווען דאס גרעסטע אינ׳ם הויז — ניין, עס האט זיך מיר אפגעדוכט, אז אין דער גאנצער וועלט. עס איז געווען זעהר לאנג, שמאל און שרעקליך נידעריג מיט פארשפיצטע גאטישע פענסטער און א דעמבענעם סופיט. אין א ווייטען און שרעק־אנווארפענדען ווינקעל איז געווען א פיערקאנטיגער אפגע־צאמטער ארט פון אכט אדער צעהן פוס, און דארט איז געווען דער קדשי־קדשים, די „צווישען־שטונדען“, פון אונזער דירעקטאר, דעם רעווערענד דר. בראנסבי. עס איז געווען א סאלידער בנין מיט א מאסיווער טיר, וואס איידער זי זאל זיין אפען אין דער אפוועזענהייט פון דעם גלח, וואלטען מיר בעסער אלע וועלען אומקומען דורך די Peine forte et dure אין אנדערע ווינקלען זיינען געווען צוויי עהנליכע קאסטענס, אמת, ווייט ניט אזעלכע חשוב׳ע, אבער נאך אלץ אזעלכע, פאר וועלכע מען דארף פיהלען א יראת־הכבוד. איינער פון די, איז געווען די בימה פון דעם „קלאסישען“ באהעלפער, און דער אנדערער — פון דעם „ענגלישען און מאטעמאטישען“. פאנאנדערגעווארפען איבער׳ן צימער, איבערקרייצענדיג היז און צוריק איז אן אומענד־ליכען תהו־ובהו, זיינען געווען בענק און שרייב־טישען, שווארצע, אלט־פרענקישע און אפגעניצטע, שרעקליך פארלעגט מיט פיעל־געבלעטערטע ביכער, און אזוי פיעל באצייכענט מיט איניציאלען, נעמען אין דער גאנצער לענג, אויסטערלישע פיגורען און אנדערע פארפילפאכטע באמיהונגען פון דעם מעסער, אז זיי האבען אינ־גאנצען פארלארען אפילו דאס ביסעל פון דער אריגינעלער פארמע,

וואָס זיי האָבען געקאָנט האָבען אין די לאַנג אָוועקגעגאַנגענע מעג.
אַ גרויסער עמער מיט וואַסער איז געשטאַנען אין איין עק צימער,
און אַ זייגער פון משונה'דיגער גרויס — אין דעם אַנדער עק.

איינגעשלאָסען אין די מאַסיווע ווענט פון אַט דער בכבוד'יגער אַקאַדעמיע, האָב איך פאַרבראַכט, דאַך ניט אין לאַנגווייליגקייט אָדער איבערדריסיגקייט, די יאָהרען פון דעם דריטען פינפער פון מיין לעבען. דער פרוכטבאַרער מאַרד פון קינדהייט דאַרף ניט האָבען קיין אויסערליכע וועלט פון פאַסירונגען צו פאַרנעהמען עם אָדער צו אַמוזירען: און די דאַכט זיך טרויעריגע מאָנאָטאָניגקייט פון אַ שולע איז אָנגעפילט מיט מעהר אינטענסיווער אויפרעגונג, ווי מיין רייפערע יוגענד האָט געקענט ציהען פון לוקסוס, אָדער מיין פולער מענליכקייט — פון פאַרברעכען. דאָך מוז איך גלויבען, אַז מיין ערשטע גייסטיגע אַנטוויקלונג האָט געהאַט אין זיך פיעל פון דעם אומגעוועהנליכען — און אַפילו פון דעם משונה'דיגען. אויף מענשען בכלל לאָזען די פאַסירונגען פון דער פריהסטער עקזיסטענץ זעלטען איבער אַ באַשטימטען איינדרוק אין דעם צייטיגען עלטער. אַלעס איז גרויער שאָטען — אַ שוואַכע און אומרעגעלמעסיגע ערינערונג, אַן אומקלאָרע ווידעראויפזאַמלונג פון שוואַכע פאַרגעניגענס און פאַנטאַסמאַגאָרישע שמערצען. מיט מיר איז אָבער ניט אַזוי. אין קינדהייט האָב איך געמוזט פיהלען מיט דער ענערגיע פון אַ מאַן, דאָס וואָס איך געפין איצט אָפגעשטעמפעלט אויף מיין זכרון אין אַזעלכע לעבעדיגע, טיפע און דויערהאַפטע שורות, אַזוי ווי די עקזערגען פון די קאַרטאַגענישע מעדאַלען.

דאָך פאַקטיש — פאַקטיש פאַר דער וועלט — ווי ווייניג עס איז דאָרטען געווען צו געדענקען! דאָס אויפשטעהן אין דער פריה, דאָס געהן בייננאַכט שלאָפען, דאָס חזר'ן, די רעקלאַמירונגען, די פעריאָדישע „האַלבע טעג" און די אינספעקציעס, דער שפּילפּלאַץ מיט זיין טומעל, צייט־פאַרטרייב, אינטריגעס, — די אַלע זאַכען, דורך גייסטיגען כשוף לאַנג־פאַרגעסענע, זיינען געמאַכט געוואָרען צונויפצובינדען אַ ווילדערניש פון עמפינדונגען, אַ וועלט

פון רייכע אינצידענטען, אַן אוניווערזום פון פאַרשיידענע עמאַצי־עס, פון אויפרעגונג, די העכסטע ליידענשאַפטליכע און גייסט־אויפ־ריהרענדע.
“Oh, le bon temps, que ce cieècle de fer!”

ווירקליך, די היציגקייט, דער ענטוזיאַזם און די העזה׳דיגקייט פון מיין כאַראַקטער האָט מיך איינגיכען אויסגעצייכענט צווישען מיינע שול־חברים, און דורך לאַנגזאַמע אָבער נאַטירליכע גראַדאַציעס האָט עס מיר געגעבען אַן איבערגעוויכט איבער אַלע, וואָס זיינען ניט פיעל עלטער געווען פון מיר, — איבער אַלע, מיט איין איינציגער אויסנאַם. די דאָזיגע אויסנאַם איז געפונען געוואָרען אין דער פּערזאָן פון אַ שילער, וועלכער איז, אמת, ניט געווען מיינער אַ קרוב, אָבער ער האָט געטראָגען דעם זעלבען ערשטען נאָמען און פאַמיליען־נאָמען, וואָס איך — אַן אומשטאַנד, וואָס איז אין דער אמת׳ען פון די קליינע חידושים: וואָרים ניט אַכטענדיג אויף דער אַדעליגער אָפּשטאַמונג, איז מיין נאָמען גע־ווען איינער פון יענע אַלטעגליכע נעמען, וועלכע שיינען צו זיין פון קדמונים אָן, ווי דורך אַ חזקה, דאָס אַלגעמיינע אייגענטום פון דעם המון. אין דער דאָזיגער דערצעהלונג האָב איך דעריבער זיך אָנגערופען וויליאַם ווילסאָן, — אַן אויסגעטראַכטער נאָמען, ניט גאָר אומעהנליך צו דעם אמת׳ען. פון די אַלע, וועלכע האָ־בען, אויף דער שול־שפּראַך, צונויפגעשטעלט אונזער „כיתה“, איז מיין נאָמען־חבר געווען דער איינער, וואָס האָט געוואַגט צו קאָנ־קורירען מיט מיר אין די לימודים פון דעם קלאַס, אין די שפּיע־לערייען און שטרייטיגקייטען פון שפּיל־פּלאַץ, ניט וועלען בלינד גלויבען אין מיינע באַהויפּטונגען, וואָס איך פלעג מאַכען, און אונטערוואַרפען זיך צו מיין ווילען — געוואַגט ווירקליך צו שטעלען זיך אַנטקעגען מיינע מוטווילליגע באַפעהלען אין וואָסער הינזיכט עס זאָל ניט זיין. אויב עס איז דאָ אויף דער ערד אַן אַלערהעכ־סטער און אומבאַדינגטער דעספּאָטיזם, איז דאָס דער דעספּאָטיזם פון אַ הערשער־גייסט אין אינגעלשע יאָהרען איבער די וועניגער ענערגישע גייסטער פון זיינע חברים.

ווילסאָן׳ס מרידה איז געווען פאַר מיר אַ קוואַל פון דער גרעסטער פאַרלעגענהייט. און נאָך מעהר איז דאָס געווען, יואָס

טראַץ דעם קוראַזש, וואָס איך פלעג עפּענטליך אַרויסווייזן אַנט־קעגען איהם און זיינע פּרעטענזיעס, האָב איך אין דער שטיל גע־פּיהלט, אַז איך האָב מורא פאַר איהם, און ווי איך האָב ניט גע־וואָלט, האָב איך געמוזט קלערען, אַז דאָס וואָס עס גיט זיך איהם אַזוי לייכט איין צו האַלטען זיך גלייך מיט מיר, איז אין דער אמת'ען אַ סימן, אַז ער שטעהט העכער פאַר מיר: וואָרים, אום ניט באַזיגט צו ווערען, מוז איך כסדר קעמפען. דאָך, די דאָזיגע איבערמאַכט — זאָל זיין אפילו גלייכקייט — איז אין דער אמת'ען פון קיינעם ניט אַנערקענט געוואָרען, אַ חוץ פון מיר אַליין. אונזערע חברים, עפּעס דורך אַן אומדערקלערבאַרע בלינד־קייט, האָבען, דאַכט זיך, אפילו גאָרניט פאַרדעכטיגט דאָס. ווירק־ליך, זיין קאָנקורענץ, זיין ווידערשטאַנד, און דערהויפּט זיין העזה'דיג און איינגע'עקשנ'ט שטעלען זיך אַנטקעגען מיינע אַנ־זיכטען, האָבען זיך ניט אַזוי געוואָרפען אין די אויגען. עס האָט אויסגעזעהן, אַז איהם פעהלט אי די אַמביציע, וועלכע האָט מיך געטריבען, אי די ליידענשאַפטליכע קראַפט פון פאַרשטאַנד, וועלכע האָט מיך אימשטאַנד געמאַכט זיך אויסצוצייכענען. אין זיין קאָנקורענץ איז ער אפשר געטריבען געוואָרען דורכאויס פון אַ קאַפּריזנעם וואונש צו־להכעיס צו טאָן, צו דערשטוינען, אָדער מיר עגמת־נפש אָנצוטאָן, כאָטש עס זיינען געווען צייטען, ווען איך האָב ניט־ווילענדיג געמוזט באַמערקען מיט אַ געפיהל, צוזאַ־מענגעשטעלט פון פאַרוואונדערונג, דערנידעריגונג און באַליידיגונג, אַז אין זיין שעדיגען, בעליידיגען, אָדער ווידערשפּרעכען האָט ער אַריינגעמישט אַ העכסט־אומפּאַסיגע און זיבער העכסט־אומגע־ווינשטע ל י ב ל י כ ע האַלטונג. איך האָב נאָר געקענט באַ־גרייפען, אַז אַט די מאָדנע אויפפיהרונג שטאַמט פון אַ פאָלקאָ־מענער זעלבסטנאַרעריי, אָננעמענדיג דאָס וואולגאַרע אויסזעהן פון אַ באַשירמער און באַשיצער.

אפשר איז עס געווען אָט דער לעצטער שטריך אין ווילסאָן'ס אויפפיהרונג, צוזאַמען מיט דעם וואָס מיר האָבען איין נאָמען געטראָגען, און דער הוילער צופאַל, וואָס מיר זיינען אין איין טאָג אָנגעקומען אין שולע, — אפשר איז דאָס אַלעס געווען, וואָס

האָט געמאַכט צו דענקען די עלטערע קלאַסען פון דער אַקאַדעמיע, אַז מיר זיינען ברידער. אַזעלכע זיינען זיך ניט נוהג זעהר פּינקט־ליך חוקר ודורש זיין וועגען די עסקים פון זייערע אינגערע חברים. איך האָב פריהער געזאָגט, אַדער איך האָב געדראַפּט זאָגען, אַז ווילסאָן איז אפילו אין דעם ווייטסטען גראַד ניט געווען פאַרבונ־דען מיט מיין משפחה. אָבער דאָס איז זיכער, אַז ווען מיר וואָלטען געווען ברידער, וואָלטען מיר געמוזט זיין אַ צוויי־לינג, וואָרים נאָכדעם, ווי איך האָב פאַרלאָזען דר. בראַנסבי'ס שולע, האָב איך זיך צופעליג דערוואוסט, אַז מיין נאָמען־חבר איז גע־באָרען געוואָרען דעם 19טען יאַנואַר 1813 — און דאָס איז שוין עטוואָס אַ מערקווירדיגע צוזאַמענטרעפונג, וואָרים דאָס איז פּונקט דער טאָג, אין וועלכען איך בין אויך געבאָרען געוואָרען.

עס קען אויסקומען זונדערבאַר, וואָס טראָץ מיין שטענדיגע זאָרג, וועלכע ווילסאָן'ס קאָנקורענץ פלעגט מיר פאַרשאַפען, און טראָץ זיין אומדערטרעגליכען גייסט פון קידער־ווידער, האָב איך בשום אופן ביי זיך ניט געקענט פּועל'ן גאָר אינגאַנצען צו האַ־סען איהם. עס איז זיכער, אַז כמעט אַלע טאָג האָבען מיר געהאַט צווישען זיך אַ קריג, וואו ער, נאָכגעבענדיג מיר אין דער עפענטליכקייט דעם לאָרבער־קראַנץ פון אַ זיגער, האָט אָבער אויף וועלכען עס איז אופן געמאַכט מיר צו פיהלען, אַז פאַרדינען האָט ער עס פאַרדינט. דאָס, אַ געפיהל פון שטאָלץ פון מיין זייט און אַ ווירקליכע ווירדיגע האַלטונג פון זיין זייט, האָט ניט דער־לאָזען, אַז מיר זאָלען זיין ברוגז, כאָטש עס זיינען געווען אַ סך פּונקטען פון שטאַרקער עהנליכקייט אין אונזערע טעמפּעראַמענ־טען, וועלכע האָבען געאַרבייט אַרויסצורופען אין מיר אַ געפיהל, וואָס נאָר אונזער לאַגע אַליין אפשר האָט ניט דערלאָזען, אַז דאָס זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ פריינדשאַפט. עס איז ווירקליך שווער צו דעפינירען, אַדער אפילו צו שילדערען, מיינע ריכטיגע געפיה־לען צו איהם. זיי האָבען געבילדעט אַ בונטענפאַרביגע און פאַר־שיידענאַרטיגע געמישעכץ — אַ געוויסע קאַפּריזנע פריינדשאַפט, וועלכע איז אָבער ניט געווען קיין האַס; עטוואָס אַכטונג, מעהר רעספּעקט, אַ סך מורא, מיט אַ וועלט פון פיינליכער נייגעריגקייט.

פאר'ן מאראליסט וועט זיין איבעריג נאך צוצוגעבען אז ווילסאן און איך זיינען געווען די אומצעשיידבארסטע חברים.

עס איז אהן צווייפעל געווען דער אנאמאלער צושטאנד צווישען אונז, וואס האט פארוואנדעלט אלע מיינע אטאקעס אויף איהם (און זיי זיינען געווען א סך, אדער אפען אדער פארשטעלט) אין א קוואל פון שפאט אדער שפיצלעך (וועלכע האבען פארשאפט שמערץ, כלומר'שט אויסזעהענדיג ניט מעהר, ווי א שפאס) איידער אין א מעהר ערנסטע און אן אנטשלאסענע פיינדשאפט. אבער מיינע באמיהונגען אין דעם פרט האבען זיך פאר קיין פאל ניט אין גלייכער מאס זיך איינגעגעבען, אפילו ווען מיינע פלענער זיינען געווען די שארפזיניגסט-געפלאנטע. ווארים מיין נאמען חבר האט געהאט פיעלעס אין זיין כאראקטער פון יענער איינפאכער און רוהיגער הארטקייט, וואס הנאה-האבענדיג פון דער שטענדיגקייט פון זיינע אייגענע וויצען, האט ער לחלוטין ניט געלאזען, אז מען זאל פון איהם אליין לאכען. איך האב אבער געקענט געפינען נאר איין אנגרייפבארען פונקט, און דאס איז געווען אזא, וואס באשטעהענדיג פון א פערזענליכער אייגענטימליכקייט, וועלכע שטאמט אפשר פון אן ארגאנישער קראנקהייט, וואלט עס געשאנעוועט געווארען פון אבי-וועלכען געגנער, וואס זוכט ניט, אזוי ווי איך, חוזק צו מאכען פון יענעם: מיין געגנער האט געהאט א פעהלער אין די שפרעד-ארגאנען, וואס האט איהם קיינמאל ניט דערלאזען אויפהייבען זיין שטימע *העכער פון א זעהר נידעריגען פליסטער*. איך האב קיינמאל ניט דורכגעלאזען די קלענסטע געלעגענהייט, וואס איז געווען אין מיין מאכט, צו באנוצען זיך מיט אט דעם פעהלער זיינעם.

ווילסאן האט געהאט א סך אופנים, ווי אפצורעכענען זיך מיט מיר: עס איז אבער געווען איין פארמע פון זיינע שפיצלעך, וואס האט מיך באאומרוהיגט אהן א שיעור. ווי אזוי זיין שארפזיניגקייט האט צוערשט בכלל אויסגעפונען, אז אזא קלייניגקייט קען מיך ערגערען, איז א פראגע, וואס איך קען קיינמאל ניט פארענטפערען: אבער אויסגעפינענדיג דאס, האט ער געטאן און

באַלעסטיגט מיך דערמיט. איך האָב אימער געפיהלט א ווידער־ווילען צו מיין ניט־עלעגאַנטען פאַמיליען־נאָמען, און צו זיין זעהר איינפאַכען, אויב ניט פלעבעאישען, פאַרנאָמען. די ווערטער זיינען געווען גיפט פאַר מיינע אויערען, און ווען אין דעם טאָג פון מיין אַנקומען, איז א צווייטער וויליאם ווילסאָן אויך אַנגעקו־מען אין דער אקאַדעמיע, בין איך אויף איהם געווען בייז, פאַר־וואָס ער טראָגט דעם נאָמען, און טאָפּעלט איבערדריסיג בין איך געווען מיט דעם נאָמען, ווייל א פרעמדער טראָגט איהם, וועלכער וועט זיין די אורזאַך פון זיין צווייענדיגער ווידערהאָלונג, וועלכער וועט שטענדיג זיין אין מיין אַנוועזענהייט, און וועמעס עסקים. אין דער געוועהנליכער רוטינע פון די שול־געשעפטען, מוזען אומ־פאַרמיידליך, צוליב דער אבשייליכער צוזאַמענטרעפונג, אָפט פאַרמישט ווערען מיט מיינע עסקים.

דאָס געפיהל פון ערגערונג, וואָס איז אזוי ארויסגעקומען, איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער מיט יעמווידער אומשטאַנד, וואָס האָט געניינגט צו באַווייזען די עהנליכקייט, מאָראַלישע אָדער פיזישע, צווישען מיין געגנער און מיר. איך האָב דענסטמאָל נאָך ניט אויסגעפונען דעם מערקווירדיגען פאַקט, וואָס מיר זיינעןביידע געווען פון איינע יאָהרען, אָבער איך האָב געזעהן, אז מיר זיינען ביידע געווען פון איין הויך, און איך האָב באַמערקט, אז מיר זיינען אפילו מאָדנע עהנליך געווען אין דער אַלגעמיינער קאָנ־טור פון פּערזאָן און געזיכטסציגען. מיך האָט אויך זעהר גע־ערגערט דער קלאַנג וועגען קרובה'שאַפט, וואָס האָט זיך פאַר־שפּרייט אין די העכערע קלאַסען. מיט איין וואָרט, קיין זאַך האָט מיך ניט געקענט מעהר ערנסט באַאומרוהיגען (כאָטש איך האָב פאַרזיכטיג באַהאַלטען די באַאומרוהיגונג), ווי וועלכע עס איז אַנדייטונג וועגען עהנליכקייט אין גייסט, פּערזאָן אָדער אומ־שטענדען, וואָס עקזיסטירט צווישען אונז ביידען. אָבער אין דער אמת, האָב איך קיין אורזאַך ניט געהאַט צו גלויבען, אז (מיט דער אויסנאַם פון דער געשיכטע וועגען קרובה'שאַפט און אין דעם פאַל פון ווילסאָן'ען אַליין) די דאָזיגע עהנליכקייט איז גאָר ווען געמאַכט געוואָרען פאַר אַ ענין צו רעדען וועגען דעם,

אדער איז גאר באמערקט געווארען פון אונזערע שול־חברים. אז *ער* האט עס באמערקט אין אלע פרטים, און פונקט אזוי שטארק, ווי איך, דאס איז געווען קענטיג. אבער אז ער זאל קענען אנטדעקען אין אזעלכע אומשטענדען אזא פרוכטבאר פעלד פון באלעסטיגונג, קען נאר צוגעשריבען ווערען, ווי איך האב פריהער געזאגט, צו זיין מעהר ווי געוועהנליכער קראפט צו קענען אריינדרינגען אין יענעמ׳ס נשמה.

זיין ראליע, וועלכע איז געווען פונקט נאכגעמאכט מיינע, איז באשטאנען אי אין די ווערטער, אי אין די האנדלונגען, און געשפיעלט האט ער זיין ראליע זעהר וואונדערבאר. מיין קליידונג איז געווען לייכט צו קאפירען: מיין גאנג און מיין אלגעמיינע האלטונג האט מען אהן שוועריגקייט זיך געקענט צופאסען, און טראץ זיין ארגאנישען פעהלער האט אפילו מיין שטים איהם ניט געקענט אויסמיידען. מיינע אויבערשטע טענער האט ער, פארשטעהט זיך, ניט געקענט נאכמאכען, אבער דערפאר איז דער גרונד־טאן שוין געווען עהנליך, *און זיין זונדערבארער פליסטער איז פונקט געווארען דער אפקלאנג פון מיינעם.*

ווי שטארק אט די העכסט־אויסגעצייכענטע פארטרעטור האט מיך געקרענקט (ווארים קיין קאריקאטור האט מען דאס באמת ניט געקענט אנרופען), וועל איך איצט ניט אונטערנעמען זיך צו בעשרייבען. איך האב נאר איין טרייסט געהאט — אין דעם פאקט, אז די אימיטאציע איז שיינבאר נאר פון מיר אליין באמערקט געווארען, און אז איך האב געהאט איבערצוטראגען נאר דעם וויסען און מאדנע סארקאסטישע שמייכלען פון מיין נאמען־חבר אליין. צופריעדענשטעלענדיג זיך וואס ער האט ביי מיר אין ברוסט ארויסגערופען דעם געמיינטען רושם, האט ער געשיינט צו שטיקען זיך באהאלטענערהייט פאר געלעכטער איבער דעם שטאך וואס ער האט מיר געגעבען, און ער האט כאראקטעריסטישערוויז זיך ניט געקימערט וועגען די עפענטליכע אפלאדיסמענטען, וואס דער ערפאלג פון זיינע שארפזיניגע באמיהונגען וואלטען געקאנט אזוי לייכט ארויסרופען. וואס די שולע האט

ווירקליך ניט געפיהלט זיין קונסט, ניט באגריפען די דורכפיהרונג און ניט טיילגענומען אין זיין שפאס, איז פאר פיעלע ענגסטליכע מאנאטען געווען א רעטעניש, וואס איך האב ניט געקענט טרעפען. אפשר האט די ג ר א ד א צ י ע פון זיין קאפיע געמאכט עס ניט אזוי לייכט באמערקליך: אבער וואס מעהר מעגליך, האב איך געהאט צו פארדאנקען מיין זיכערקייט די מייסטערהאפטע תנועות פון דעם קאפירער, וועלכער, פאראכטענדיג די בוכשטעב־ליכקייט (וואס אין מאלעריי איז דאס אלעס וואס דער טעמפער מענש קען זעהן), האט געגעבען נור דעם פולשטענדיגסטען גייסט פון זיין אריגינאל פאר מיין פערזענליכער באאבאכטונג און ער־גערניש.

איך האב שוין מעהר ווי איין מאל גערעדט פון דער איבער־דריסיגער מינע פון א באשיצער, וואס ער האט אנגענומען בנוגע צו מיר, און פון זיין אפטען אומגעבעטענעם אריינמישען זיך אין מיינע עסקים. דאס אריינמישען זיך האט אפט אנגענומען דעם אומהעפליכען אופן פון עצות געבען — עצות געבען ניט אפענער־הייט, נאר מיט אנצוהערעניש, אדער אויף א פארשטעלטען אופן. איך פלעג עס אננעמען מיט א ווידערווילען, וועלכער איז אלץ שטארקער געווארען וואס עלטער איך בין געווארען. דאך, אין דעם היינטיגען ווייטען טאג, לאמיך איהם טאן די איינפאכע גערעכטיגקייט, מודה צו זיין זיך, אז איך קען זיך ניט דערמא־נען קיין שום פאל, ווען די עצות פון מיין געגנער זיינען געווען פעהלערהאפט אדער נאריש, וואס איז אזוי געוועהנ־ליך פאר אן אומרייפען עלטער און באשיינפערליכער אומ־ערפאהרענהייט: אז זיין מאראלישער חוש, וועניגסטענס, אויב ניט זיינע אלגעמיינע פעהיגקייטען און וועלטליכע ווייזהייט, איז געווען פיעל שארפער ווי מיינער, און אז איך וואלט אפשר היינט געווען א בעסערער, און פאלגליך אויך א גליקליכערער מענש, ווען איך וואלט ניט אזוי אפט צוריק־געוויזען די עצות, וואס זיינען אויסגעדריקט געווארען אין יענע באדייטונגספולע פליסטערס, וועלכע איך האב דענסטמאל צו הארציג געהאסט און צו ביטער פאראכטעט.

ווי דאָס איז געווען, בין איך סוף־כּל־סוף געוואָרען ווידערשפּעניג אויפ'ן העכסטען גראַד אונטער זיין עקעלהאַפטער השגחה, און פון טאָג צו טאָג האָב איך אַלץ אָפענער ארויסגעוויזען מיין אומצופרידענהייט מיט זיין אומדערטרעגליכער חוצפּה. ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז אין די ערשטע יאָהרען פון אונזער פאַרבינדונג אַלס שול־חברים, האָבען מיינע געפיהלען צו איהם געקאָנט לייכט אַנטוויקעלט ווערען אין פריינדשאַפט: אָבער אין די לעצטע מאָנאַטען פון מיין זיין אין דער אַקאַדעמיע, כאָטש זיין דאָקוטשען מיר אויף זיין געוועהנליכען גאַנג איז אָהן שום ספק אין אַ געוויסער מאָס קלענער געוואָרען, האָבען מיינע געפיהלען, אין כמעט אַזוי עהנליכער פּראָפּאָרציע, אָנגענומען פיעל מעהר פון פּאָזיטיווען האַס. ביי איין געלעגענהייט, רעכען איך, האָט ער דאָס דערזעהן, און נאָכדעם האָט ער אויסגעמיטען, אָדער ער האָט געמאַכט אַז אַנשטעל ווי ער מיידט מיך אויס.

עס איז געווען אַרום דערזעלבער צייט, אויב איך געדענק עס ריכטיג, איז אין אַ העפטיגען קריג מיט איהם, ווען ער איז מעהר ווי אימער אַרונטערגעשליידערט געוואָרען פון זיין פּאָזיציע, און ער האָט גערעדט און געהאַנדעלט מיט אַז אָפענהערציגער האַלטונג, וואָס איז געווען גאָר פרעמד פאַר זיין נאַטור, האָב איך אַנטדעקט, אָדער מיר האָט זיך אויסגעדוכט אַז איך האָב אַנטדעקט, אין זיין אַקצענט, אין זיין מינע און אַלגעמיינעם אויסזעהן אַז עפּעס, וואָס האָט צוערשט דערשטוינט, און דערנאָך מיך טיף פאַראינטערעסירט, ברענגענדיג אויף מיין זכרון טונקעלע וויזיאָנען פון מיין פריהסטער קינדהייט — ווילדע, צעמישטע און מחנות־ווייז ערינערונגען פון אַ צייט, ווען די ערינערונג אַליין איז נאָך ניט געבאָרען געוואָרען. איך קען בעסער ניט באַשרייבען דאָס געפיהל, וואָס האָט מיך געדריקט, ווי זאָגענדיג, אַז איך האָב מיט מאַטערניש אָפּגעטרייסעלט פון זיך דעם געדאַנק, אַז איך בין גאָר געווען באַקאַנט מיט דער בריאה, וואָס איז געשטאַנען פאַר מיר, אין אַ געוויסער עפּאָכע זעהר לאַנג צוריק — אַ געוויסער פּונקט פון דער פאַרגאַנגענהייט, כאָטש אומענדליך ווייט. די אילוזיע אָבער איז פאַרשוואונדען, אַזוי שנעל ווי זי איז געקו־

מען, און אויב איך דערמאָן עס איצט, איז עס נאָר צו דעפינירען דעם טאָג פון דעם לעצטען געשפּרעך, וואָס איך האָב דאָרטען געהאַט מיט מיין זונדערבאַרען נאָמען־חבר.

דאָס גרויסע אַלטע הויז, מיט זיינע צאָהללאָזע אָפּטיילונגען אויף אָפּטיילונגען, האָט געהאַט עטליכע גרויסע חדרים, וואָס זיינען געוועזן פאַרבונדען צווישען זיך, וואו די גרעסטע צאָהל פון די סטודענטען איז געשלאָפען. עס זיינען אָבער געווען (ווי עס מוז נויטווענדיגערוויין טרעפען אין אַזאַ אומגעלומפּערט־געפּלאַנטער געביידע) אַ סך קליינע ווינקלאָך, אָדער נישען, די פּאַר־שיידענע צוטשעפּענישען פון'ם בנין, און אַט די דאָזיגע האָט די עקאָנאָמישע שאַרפזינגקייט פון דר. בראַנסבי אויך איינגע־ריכט אַלס שלאָפצימערען: און הגם זיי האָבען אויסגעזעהן ווי צימערען, אמת, די קלענסטע, האָבען זיי מעהר ניט געקענט אריינ־נעמען ווי איינ־איינציגען מענשען. איינס פון אַט די קליינע צימערען האָט ווילסאָן פאַרנומען.

איין נאַכט, ווען עס האָט זיך געדאַרפט באַלד ענדיגען מיין פינפט יאָהר אין דער שולע, און גלייך נאָך אַט דעם קריג וואָס איך האָב אָקאָרשט דערמאָנט, געפינענדיג איטליכען איינגעהילט אין שלאָף, בין איך אַראָפּ פון בעט און מיט'ן לאָמפּ אין האַנט האָב איך זיך דורכגע'גנב'עט דורך אַ ווילדערניש פון שמאָלע דורכגאַנ־גען, פון מיין אייגענעם שלאָפצימער ביז צו מיין געגנער'ס. איך האָב שוין לאַנג געפּלאַנעוועט אויף זיין רעכענונג עפּעס אַ בייז־מוטיג שטיקעל, פון יענע שפּיצלאַך, אין וועלכע איך בין ביז אהער כסדר אומערפאָלגרייך געווען. מיין כוונה איז איצטער געווען צו לאָזען מיין פּלאַן אַרבייטען, און איך האָב באַשלאָסען געבען איהם צו פיהלען ביז גאָר די רשעות מיט וועלכער איך בין געווען דורכגעדרונגען. דערגרייכענדיג זיין צימער, בין איך שטילינקערהייט אריין, איבערלאָזענדיג אין דרויסען דעם לאָמפּ מיט'ן קאָלפּאַק איבער איהם. איך האָב געמאַכט אַ טראָט, און זיך צוגעהערט צום קלאַנג פון זיין רוהיגען אָטעמען. דערקונ־דיגענדיג זיך, אַז ער שלאָפט, האָב איך זיך אומגעקערט, גענו־מען דאָס פייער, און מיט דעם ווידער צוגעגאַנגען צום בעט.

פעסט־צוזאַמענגעצויגענע פאַרהאַנגען זיינען געווען אַרום בעט.
און אום דורכצופיהרען מיין פּלאַן, האָב איך זיי פאַמעליך און
שטיל פאַרנאַנדערגערוקט, און די העלע שטראַלען זיינען לעבעדיג
געפאַלען אויף׳ן שלאַפער, און מיינע אויגען אין דעם זעלבען
אויגענבליק — אויף זיין געזיכט. איך האָב געקוקט, און אַ פּאַב־
גליווערטקייט, אַן אייזיגקייט פון געפיהל האָט אויגענבליקליך
דורכגענומען מיין נשמה דורך און דורך. מיין ברוסט האָט
זיך געהויבען, מיינע קני האָבען זיך געטרייסעלט, מיין גאַנצער
גייסט איז דורכגענומען געוואָרען מיט אַ צוועקלאָזען, דאָך אומ־
דערטרעגליכען שוידער. עפּענענדיג דאָס מויל אום אָפּצוכאַפּען
דעם אָטעם, האָב איך אַרונטערגעלאָזען דעם לאָמפּ נאָך נעהענ־
טער צו זיין פּנים. זיינען דאָס געווען — ד אָ ס די געזיכטס־
ציגען פון ווילִיאַם ווילסאָן? איך האָב געזעהן, ווירקליך געזעהן,
אַז דאָס זיינען זיינע געווען, אָבער עס האָט מיך אַ טרייסעל גע־
טאָן, ווי אין אַן אָנפאַל פון קאַלטען פיבער, זיך פאָרשטעלענדיג,
אַז ניט. וואָס־זשע איז ג ע ו ו ע ן אַזוינס אין זיי, וואָס זאָל
מיך צעמישען אויף דעם אופן? איך האָב ניט אַראָפּגענומען
די אויגען פון איהם, און אין מיין מח האָבען זיך געדרעהט מאַסען
אומצוזאַמענהענגליכע געדאַנקען. ניט אַזוי האָט ער אויסגע־
קוקט — זיכער, ניט אַ ז ו י — אין דער לעבעדיגקייט פון זיינע
וואַכיגע שטונדען. דער זעלבער נאָמען! די זעלבע קאָנטור פון
פּערזאָן! און דעם זעלבען טאָג אָנגעקומען אין דער אַקאַדעמיע!
און דאַן זיין איינגעשפּאַרטע און זינלאָזע אימיטאַציע פון מיין
גאַנג, מיין שטימע, מיינע געוועהנהייטען און מיין האַלטונג!
איז עס געווען, באמת, אין די גרעניצען פון מענשליכער מעגליכ־
קייט, אַז ד אָ ס ו ו אָ ס א י ך ה אָ ב א י צ ט ג ע ז ע ה ן,
איז געווען דער רעזולטאַט בלויז פון באַשטענדיגען פּראַקטיצירען
פון אָט דער סאַרקאַסטישער אימיטאַציע? דורכגענומען מיט אימה
און מיט אַ קריכענדען שוידער האָב איך אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ,
בין שטיל אַרויס פון צימער און האָב גלייך פאַרלאָזען די ווענט
פון יענער אַלטער אַקאַדעמיע, אום מעהר זיך אהין ניט צוריק־
קערען.

נאָכדעם ווי עס זיינען אריבער עטליכע מאָנאַטען, וועלכע איך האָב פאַרבראַכט אינדערהיים, ממש גאָרנישט ניט טוענדיג, בין איך געוואָרען אַ סטודענט אין איטאָן. דער קורצער אינטערוואַל איז גענוג געווען אָפּצושוואַכען מיין זכרון וועגען די פּאַסירונגען אין דר. בראַנסבי׳ס, אָדער לכל הפחות אַריינצוברענגען אַ באַדייטענדע ענדערונג אין דעם אופן פון די געפיהלען, ווי אַזוי איך האָב זיי געקענט געדענקען. דער אמת, די טראַגעדיע פון דער דראַמע איז שוין מעהר ניט געווען. איצט האָב איך שוין געקענט געפינען אורזאַכען צו צווייפלען אין דער ממשות׳דיגקייט פון מיינע חושים, און זיך זעלטען אינגאַנצען דערמאָנט דעם ענין, סיידען וואונדערענדיג זיך אויף ווי ווייט עס קען פאַרקריכען דעם מענשען׳ס לייכטגלויביגקייט, און שמייכלענדיג איבער דער לעבהאַפטער קראַפט פון דער פאַנטאַזיע, וועלכע איך האָב געקראָגען בירושה. עס האָט אויך ניט אויסגעזעהן, דער סאָרט סקעפּטיציזם זאָל זיך פאַרמינדערן דורך דעם אופן, ווי איך האָב געלעבט אין איטאָן. דער ווירבעל־שטראָם פון ניט־באַרעכענטע נאַרישקייטען, אין וועלכע איך האָב זיך אַזוי שנעל און אַזוי זאָרגלאָז אַריינגעוואָרפען, האָט אָפּגעוואַשען אַלעס, איבערלאָזענדיג נאָר דעם שוים פון מיינע פאַרגאַנגענע שטונדען, האָט גלייך איינגעשלונגען יעטווידען סאָלידען אָדער ערנסטען איינדרוק, און האָט איבערלאָזען אין זכרון נאָר די סאַמע פלאַכקייטען פון אַ פריהערדיגער עקזיסטענץ.

איך וויל אָבער ניט אויסשפּירען דעם גאַנג פון מיין מיזעראַבלער פאַרדאָרבענקייט דאָ — אַ פאַרדאָרבענקייט וואָס האָט זיך אויסגעלאַכט פון די געזעצען, אין דערזעלבער צייט אויסמיידענדיג די השגחה פון דעם אַנשטאַלט. דריי יאָהר נאַרישקייט, וואָס זיינען אַוועק אָהן שום נוצען, האָבען נאָר געלאָזען אין מיר איינגעוואָרצעלטע געוואוינהייטען פון זינד, און צוגעגעבען, אין עטוואָס אַן אומגעוועהנליכען גראַד, צו מיין קערפּערליכען וואוקס — ווען נאָך אַ וואָך פון צעלאָזענקייט האָב איך איינגעלאַדען אַ קליינע קאָמפּאַניע פון די צעלאָזענסטע סטודענטען צו אַ געהיימען קערמישעל אין מיין צימער. מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען שפּעט

ביי דער נאכט, ווארים אונזער הוליאנקע האט געדארפט מיט איבערגעבענהייט ציהען זיך ביז אינדערפריה. ווייז האט זיך פריי געגאסען, און עס האט ניט געפעהלט אויך אנדערע, און אפשר מעהר געפעהרליכע פארפיהרונגען, אזוי, אז דער גרויער פריהמארגען איז שוין בלאס ערשינען אין מזרח, און אונזער וואנזיניגע צעלאזענקייט איז נאך געווען אויף דער העכסטער מדרגה. ווילד צעהיצט פון קארטען און שכרות, האב איך געהאל־טען אין איין באשטעהן אויף א טאסט פון מעהר ווי געוועהנליכע גבול־פה, ערשט מיין אויפמערקזאמקייט איז פלוצלונג אפגעווענ־דעט געווארען דורך א העפטיגען, הגם טיילווייזען אויפעפענען פון דער טיר פונ׳ם צימער, און דורך דער אויפגערעגטער שטימע פון א דיענער פון דרויסען. ער האט געזאגט, אז אימיצער, קענטיג אין גרויס איילעניש, וויל מיט מיר רעדען אין קארידאר.

און וייל איך בין געווען ווילד צעקאכט פון וויין, האט די אומערווארטעטע איבעררייסונג מיך גיכער דער־פרעהט, ווי איבערראשט. איך האב זיך גלייך געלאזט געהן, וואקלענדיג זיך פון שכרות, און מיט עטליכע טריט ביז איך שוין געווען אין דעם וועסטיביול פון דער געביידע. אין דעם דאזיגען נידעריגען און קליינעם צימער איז קיין לאמפ ניט געהאנגען, און איצט איז גאר קיין ליכט ניט אריינגעקומען, אחוץ דאס זעהר שוואכע ליכט פונ׳ם טאגען, וואס האט זיך דורכ־געשלאגען דורכ׳ן האלב־רונדען פענסטער. ווי נאר איך האב איבערגעטראטען די שוועל, האב איך דערזעהן פאר זיך די פיגור פון א בחור׳ל, אז ערד פון מיין וואוקס, און אנגעטאן אין א ווייסען קאזימירענעם מארגען־ראק, צוגעשניטען אין א מאדנעם פאסאן פון דעם זעלבען, וואס איך אליין האב געטראגען אין יענעם מאָ־מענט. דאס בין איך געווען אימשטאנד צו באמערקען אינ׳ם שוואכען ליכט, אבער די געזיכטסציגען זיינע האב איך ניט גע־קאנט דערקענען. ווי איך בין נאר אריינגעקומען, אזוי איז ער שנעל צוגעגאנגען צו מיר, און אנכאפענדיג מיך פאר׳ן ארעם מיט א זשעסט פון גראבער אומגעדולד, האט ער א פליסטער געטאן די ווערטער „וויליאם ווילסאן!“ אין מיין אויער.

איך בין אין איין אויגענבליק אינגאנצען אויסגעניכטערט געווארען.

עס איז געווען אזוינס אין דער האלטונג פון דעם פרעמדען און אין דעם שרעקעדיגען מאך פון זיין אויפגעהויבענעם פינגער, בעת ער האט איהם געהאלטען צווישען מיינע אויגען און דעם ליכט, וואס האט מיך אנגעפילט מיט אבסאלוטער דערשטוינונג: אבער עס איז ניט געווען דאס, וואס האט מיך אזוי העפטיג געריהרט. עס איז געווען די באדייטונג פון א פייערליכער ווארנונג אין דעם זונדערבארען, נידעריגען, פייפענדען ארויסרעדען פון די ווערטער, און מעהר פון אלץ, איז עס געווען דער כאראקטער, דער טאן, דער גרונדטאן פון יענע עטליכע איינפאכע און באקאנטע, דאך ארויסגעפליסטערטע זילבען, וועלכע זיינען געקומען צושפארען זיך צו מיר מיט א טויזענט זכרונות פון פארגאנגענע טעג, און האט א קלאפ געטאן איבער מיין נשמה מיט א שטויס פון א גאלוואנישער באטארעע. איידער איך האב נאך געקענט צוריקקומען צו מיינע חושים, איז ער שוין געווען אוועקגעגאנגען.

כאטש די דאזיגע פאסירונג האט ניט געקענט ניט איבערלאזען א לעבעדיגען רושם אויף מיין צערודערטער פאנטאזיע, דאך איז עס פונקט אזוי שנעל אוועק, ווי ס'איז געקומען. עטליכע וואכען בין איך ווירקליך געווען פארנומען מיט מ[illegible]ען ערנסטע אויספארשונגען, אבער איך בין געווען איינגעהילט אין א וואלקען פון קראנקהאפטע השערות. איך האב ניט געמיינט צו באהאלטען פון מיין השגה די אידענטיטעט פון דעם מאדנעם פארשוין, וועלכער האט זיך מיט אזא עקשנות ארייגעמישט אין מיינע געשעפטען און מיך באלעסטיגט מיט זיינע פארשטעלטע עצות. אבער ווער און וואס איז געווען אט דער ווילסאן? און פון וואנען איז ער געקומען? און וואס זיינען זיינע אבזיכטען געווען? — אויף קיין איינע פון די דאזיגע פונקטען האב איך זיך ניט געקענט צופרידענשטעלען, מעהר נישט, וואס איז שייך צו איהם, האב איך באשלאסען, אז צוליב א פלוצלינגע סיבה איז זיין פאמיליע איז ער אוועק פון דר. בראנסבי'ס אקאדעמיע אין דעם זעלבען־

נאָכמיטאָג, ווען איך אַליין בין אַנטלאָפן. אָבער אין אַ קורצער צייט האָב איך אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם עניו, ווייל מיין קאָפּ איז שוין געווען איינגאַנצן פאַרנומען מיט דעם גע־פּלאַנטען פאַהרען קיין אָקספאָרד. איך בין אַהין גלייך אַוועק, און צוליעב דער ניט אויסגערעכענטער פּוסטער גאווה פון מיינע עלטערן בין איך באַזאָרגט געוואָרען מיט אַן אויסשטאַטונג און יעהרליכער הכנסה, וועלכע האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט אריינצולאַזען זיך מיט לייב און לעבען אין דעם לוקסוס, וואָס איז שוין געווען אַזוי טייער צו מיין האַרצען — צו קאָנקורירען אין געלט־פאַרשווענדען מיט די שטאָלצעסטע יורשים פון די רייכ־סטע גראַפען פון גרויס־בריטאַניען.

צעהיצט פון אַזאַ איבערגעבען זיך צו פאַרדאָרבענהייט, האָט זיך מיין אָרגאַנישער טעמפּעראַמענט אַ לאָז געטאָן מיט פאַר־טאָפּעלטען ברען, און איך האָב צוריקגעשטויסען אפילו די איינ־פאַכע צוריקהאַלטונגען פון אַנשטענדיגקייט אין דער וואַנזיני־גער ליבע צו מיינע הוליאַנקעס. אָבער עס וואָלט געווען נאַריש אָפּצושטעלען זיך אויף די איינצעלהייטען פון מיין פאַרשווענדע־ריי. עס וועט זיין גענוג צו זאָגען, אַז פון אַלע פאַרשווענדער האָב איך איבערגעהורדוס'ט הורדוס'ען, און אַז געבענדיג נעמען צו אַ מאַסע נייע־אויסגעטראַכטע שטות'ערייען, האָב איך צוגעגעבען ניט קיין קורצע ביילאַגע צו דעם לאַנגען קאַטאַלאָג פון חטאים, וואָס זיינען דאַן געווען אין מאָדע אין דעם צעלאָזענסטען אוני־ווערזיטעט אין אייראָפּאַ.

מען וואָלט עס אָבער קוים געקאָנט גלויבען, אַז אפילו דאָ בין איך אַזוי געפאַלען ביז גאָר פון דעם דזשענטעלמענישען שטאַנד, צו זוכען באַקאַנטשאַפט מיט די ערגסטע קונץ־שטיק פון דעם פּראָפעסיאָנעלען קאָרטענשפּיעלער, און ווערענדיג אַ קענער אין זיין געמיינער וויסענשאַפט, צו פּראַקטיצירען עס בכסדר אַלס אַ מיטעל צו פאַרגרעסערען מיין שוין אַזוי אויך אומגעהויערען איינקונפט אויפ'ן חשבון פון די שוואַכזיניגע צווישען מיינע חברים־סטודענטען. אָבער דאָס איז געווען אַ פאַקט. און די גרעסטע אַבשייליכקייט פון דעם דאָזיגען פאַרברעכען קעגען אַלע

מענליכע און עהרענהאַפטע סענטימענטען האָט אָהן צווייפעל באַ־וויזען די הויפּט, אויב ניט די איינציגע, אורזאַך פון דער אומ־באַשטראַפטקייט, מיט וועלכער דאָס איז באַגאַנגען געוואָרען. ווער וואַלט, ווירקליך, פון מיינע צעלאַזענסטע חברים גיכער ניט באַ־שטריטען דעם קלאַרסטען באַווייז פון זיינע חושים, איידער צו פאַרדעכטיגען אין אַזעלכע שטיק דעם לוסטיגען, דעם אָפענהער־ציגען, דעם גרויסמוטיגען וויליאם ווילסאָן, דעם איידעלסטען און ברייטהערציגסטען פראַסטען בירגער פון אָקספאַרד — איהם, וועמעס נאַרישקייטען (זאָל זיין, זיין פאַראַזיטיזם) זיינען ניט מעהר ווי די נאַרישקייטען פון יוגענד און אומגעצווימטער פאַנ־טאַזיע, וועמעס פעלערען זיינען ניט מעהר ווי ניט־אימיטיר באַרער קאַפּריז, וועמעס טונקעלסטע מעשים זיינען ניט מעהר ווי זאַרגלאָזע און שטורמישע פאַרשווענדעריי?

איך בין שוין געווען צוויי יאָהר ערפאָלגרייך באַשעפטיגט אויף אַט דעם אופן, ערשט אין אוניווערזיטעט איז אָנגעקומען אַ יונגער פּאַרוועניו, אַ אַדעלמאַן, גלענדינינג — רייך, זאָגט מען, ווי הערֶאָדעס אַטיקוס — און זיין רייכקייט איז אויך פּונקט אַזוי לייכט דערוואָרבען. איך האָב באַלד אויסגעפונען, אַז ער האָט אַ שוואַכען פאַרשטאַנד, און פאַרשטעהט זיך, איך האָב איהם באַצייכענט אַלס פּאַסענדען סוביעקט פאַר מיין קונסט. איך האָב איהם אָפט אַריינגעשלעפּט אין שפּיל און איך האָב מיט אַ כיון געזעהן, דורך די געוועהנליכע קאַרטענשפּילערישע קונץ־שטיק, צו לאָזען איהם געווינען באַדייטענדע סומען, כדי מיט מעהר ער־פאָלג פאַרפלאָנטערען איהם אין מיין נעץ. ענדליך, ווען מיינע פּלענער זיינען רייף געוואָרען, האָב איך זיך געטראָפען מיט איהם (מיט דער פולער אַבזיכט, אַז דאָס באַגעגעניש זאָל זיין דאָס לעצטע און די אַנטשיידענדע) אין דעם צימער פון אַ חבר, אויך אַ פּראַסטער בירגער ווי איך (מר. פּרעסטאָן), וועלכער איז געווען גלייך אינטים מיט ביידען, אַבער אוים געדעכטיגקייט צו איהם, מוז איך זאָגען, אַז ער האָט אַפילו דעם מינדסטען פאַרדאַכט ניט געהאַט וועגען מיין פּלאַן. צו מאַכען די זאַך זאָל אויסקוקען ראַ־יעלער, האָב איך מיט אַ כיון געזעהן, עס זאָלען זיך צונויפקומען

א חברה פון אכט אדער צעהן, און איך בין געווען זעהר שטארק פארזיכטיג, אז דאס קארטענשפיעל זאל זיך כלומר'שט אנפאנגען צופעליג, און דער פארשלאג זאל געמאכט ווערען טאקע פון דעם, וועמען איך וויל באטריגען. צו זיין קורץ וועגען אזא מיאוס'ען ענין, וויל איך זאגען, אז קיין שום זאך פון די געמיינע ביטרעקייט איז ניט אויסענגעלאזען געווארען, וואס איז אזוי געוועהנליך אין אזעלכע געלעגענהייטען, אז עס איז איינפאך א וואונדער, ווי אזוי עס געפינען זיך נאך אזעלכע דומע מענשען, וואס לאזען זיך באשווינדלען.

מיר האבען פארבראכט ביז שפעט אין דער נאכט, און צום סוף האב איך אזוי געמאכט, אז גלענדינינג זאל ווערען מיין איינציגער געגנער. אויך דאס שפיעל איז געווען מיין באליבט écart, די איבעריגע פון דער קאמפאניע, פאראינטערעסירט אין דעם גאנג פון אונזער שפיעל, האבען געלאזען זייערע אייגענע קארטען, און זיך ארומגעשטעלט ארום אונז אלס צוקוקער. דער פארוועניו, וועלכען איך האב אין אנהויב אווענט מיט מיינע שפיצ-לאך איינגעשמועסט צו טרינקען א סך, האט איצט שוין געטאשט די קארטען, געטיילט, אדער געשפילט מיט א ווילדער נערוועזער האלטונג, אין וועלכער, איך רעכען, זיין שכרות האט געקענט טיילוויז זיין שולדיג, אבער ניט אינגאנצען. אין א זעהר קורצער צייט איז ער מיר געווארען בעל-חוב אויף א גרויסע סומע געלט, און נעמענדיג א גרויסען זופ פארט-וויין, האט ער פונקט געטאן דאס, וואס איך האב קאלט ערווארט — ער האט פארגעשלאגען צו פארטאפלען אונזער שוין אזוי אויך גרויסע איינשטעל-געלט. מיט א גוט-געמאכטער מינע ווי איך וויל כלומר'שט ניט, און ערשט דעמאלט, ווען מיין בסדר'דיג אנטזאגען זיך האט פון איהם ארויסגערופען עטליכע בייזע ווערטער, וועלכע האבען כלומר'שט געמאכט, אז איך גיב ניט נאך מיט'ן גוטען ווילען,—ערשט דעמאלט האב איך צוגעשטימט. דער רעזולטאט, פארשטעהט זיך, איז געווען, אז דער פויגעל איז אינגאנצען אין מיין נעץ אריינגעפאלען: אין ווייניגער ווי אין א שטונדע האט ער זיין חוב שוין פארפיער-פאכט. א געוויסע צייט האט זיין געזיכט פארלארען דעם העל-

רויטען קאָליר, וואס ער האָט געקראַנגען פון'ם וויין: אָבער דערנאָך, האָב איך צו מיין דערשטוינונג באַמערקט, אַז ער איז געוואָרען שרעקליך בלאַס. איך זאָג: צו מיין דערשטוינונג. גלענדינינג, ווי איך בין פריהער געווען טשיקאַווע נאָכצופרעגען, איז פאַרגעשטעלט געוואָרען פאַר זעהר אַ רייכען, און די סומען, וועלכע ער האָט ביז אַהער פאַרלאָרען, כאָטש פאַר זיך אַליין זיי־נען זיי געווען זעהר גרויס, האָבען, ווי איך האָב זיך משער גע־ווען, פאַרט ניט געקענט זעהר ערנסט באַאומרוהיגען, און געוויס ניט אַזוי שטאַרק איהם אָנריהרען. דער געדאַנק וואס האָט אויפ'ן שטעל געקאָנט איינפאַלען איז געווען, אַז דאָס האָט איהם דער וויין אַזוי געמאַכט: און גיכער מיט'ן מיין איינהיטען די אייגענע רעפּוטאַציע אין די אויגען פון מיינע חברים, איידער צוליב וואסער ניט איז ווענינער פערזענליכען מאָטיוו, האָב איך שוין געהאַלטען צו באַשטעהן, פעסט אַנטשלאָסען, אויף דעם, אַז מעהר זאָלען מיר ניט שפּילען, ערשט פון דער חברה האָט מען מיר אַ שטויס געטאָן עטליכע מאָל אין עלענבויגען, און גלענדי־נינג אַליין האָט ארויסגעלאָזען אַז אויסגעשריי, וואס האָט אויס־געדריקט פולשטענדיגע פאַרצווייפלונג, און דאָס האָט מיר געגע־בען צו פאַרשטעהן, אַז איך האָב איהם אינגאַנצען רואינירט אונ־טער אַזעלכע אומשטענדען, אַז ער דאַרף ארויסרופען צו זיך רחמנות אפילו פון דעם טייוועל אַליין.

ווי עס האָט איצט געקאָנט זיין מיין האַלטונג, איז שווער צו זאָגען. דער קלעגליכער צושטאַנד פון מיין קרבן האָט אריינ־געוואָרפען אַלעמען אין אַ געדריקטער שטימונג, און איינינע מינוטען האָט געהערשט אַ טיעפע שטילקייט, אין פאַרלויף פון וועלכע איך האָב ניט־ווילענדיג געפיהלט, ווי מיינע באַקען ווערען רויט פון די פיעלע ברענענדיגע בליקען פון פאַראַכטונג, אָדער פאַרוואורף, געוואָרפען אויף מיר פון די ווענינער צעלאָזענע פון דער חברה. איך וועל אפילו צוגעבען, אַז אַן אומדערטרעג־ליכע משא פון זאָרג איז אויף אַ קורצע ווײַלע אַראָפּ פון מיין ברוסט דורך די פּלוצלונגע און אויסערגעוועהנליכע איבערראַשונג וואס איז געקומען נאָכדעם. די ברייטע, שווערע פליגעל־טיר

פונ׳ם צימער איז מיט אמאל ברייט געעפענט געווארען מיט א שטארקען און ראשיגען אימפעט, וואס האט, ווי דורך א כישוף, אויסגעלאשען יעטווידע ליכט אין צימער. ביי זייער אויסגעהענדען שיין זיינען מיר אימשטאנד געווען צו באמערקען, אז א פרעמדער איזאריין, אז ערד פון מיין וואוקס, און גוט איינגעהילט אין א מאנ־טעל. אבער ס׳איז שוין געווען אינגאנצען פינסטער, און מיר האָ־בען נאר געקענט פ י ה ל ע ן , אז ער שטעהט צווישען אונז. ביז ווער פון אונז האט געקענט צו זיך קומען פון דער אויסערסטער דערשטוינונג, אין וועלכער די דאזיגע שטורעמדיגקייט האט אלע־מען אריינגעווארפען, האבען מיר דערהערט די שטימע פון דעם אומגעבעטענעם גאסט.

— מיינע הערען! — האט ער געזאגט אין א נידעריגען, קלארען און אומפארגעסליכען פ ל י ס ט ע ר , וועלכער האט דורכגעדרונגען ביז צום מארך פון מיינע ביינער, — מיינע הערען! איך אנטשולדיג זיך פאר מיין האנדלונג, ווייל פיהלענדיג אזוי ערפיל איך נאר א פליכט. איהר זייט, אהן צווייפעל, אומבאקאנט מיט דעם ריכטיגען כאראקטער פון דעם פארשוין, וועלכער האט היינט ביינאכט געוואונען אין écarté א גרויסע סומע געלט ביי לארד גלענדינינג. איך וועל דערפאר אייך געבען א שנעלען און זיכערען וועג ווי אזוי ארויסצוקריגען אט די זעהר נויטיגע אינפארמאציע. זייט אזוי גוט און קוקט איבער, ווען איהר האט צייט, אינוועניג דעם אונטערשלאג פון דעם מאנטעל פון זיין לינקען ארבעל און די עטליכע קליינע פעקלאך, וועלכע מען קען געפינען אין די עטוואס גערוימע קעשענעס פון זיין אויסגעשטיק־טען מארגען־ראק.

בעת ער האט גערעדט, איז די שטילקייט אזוי טיף געווען, אז מען האט געקענט הערען ווי א שפילקע פאלט ארונטער אויפ׳ן דיל. ענדיגענדיג, איז ער גלייך אוועקגעגאנגען, און אזוי פלוצ־לונג, ווי ער איז געקומען. קען איך, זאל איך באשרייבען מיינע געפיהלען? זאל איך זאגען, אז איך האב געפיהלט די אלע שרעקען פון גיהנום? זיכערער ווי אלץ, איך האב ווייניג צייט געהאט צו טראכטען. א סך הענט האבען מיך גראב אנגעכאפט

גלייך אויפ'ן אָרט, און עס איז צוריק באַלד ליכטיג געוואָרען. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ זוכעניש. אין דעם אונטערשלאַג האָט מען געפונען אַלע פיגור־קאַרטען, וואָס ס'איז נויטיג אין écarté, און אין די קעשענעס פון מיין מאַרגען־ראָק — אַ צאָהל פּעקלאַך קאַרטען, וואָס זייערע פאַקסימילעס זיינען גע־ברויכט געוואָרען ביי אונזער שפּילען, מיט דער איינציגער אויס־נאַם, וואָס מיינע זיינען געווען פון דעם סאָרט, וואָס טעכניש רופט מען זיי arrondées: די גרעסטע טרומף־קאַרטען זיינען ליכט געווען קאָנוועקסירט ביי די ברעגען, די קלענערע קאַרטען ליכט קאָנוועקסירט ביי די זייטען. אין אַזאַ איינאָרדנונג, איז דער קרבן, וואָס הויבט אָפּ, ווי געוועהנליך, די קאַרטען אין דער לענג פון דעם פּעקעל, וועט בסדר מוזען אָפּהויבען פאַר זיין געגנער אַ גרויסע טרומף־קאַרט, אָבער דער אַפּעריסט, אָפּהויבענ־דיג די קאַרטען אין דער ברייט, וועט זיכער שוין ניט אָפּהויבען פאַר זיין קרבן אַזעלכע קאַרטען, וואָס זאָלען האָבען עפּעס אַ ווערדע ביים שפּילען.

דער גרעסטער אויסברוך פון צאָרן וואָלט מיר ווייניגער גע־האַרט, ווי די שטילע פאַראַכטונג, אָדער די סאַרקאַסטישע רוהיג־קייט, מיט וועלכע דאָס איז אויפגענומען געוואָרען, בעת מען האָט דאָס אויסגעפונען.

— מר. ווילסאָן, — האָט אונזער באַלעבאָס געזאָגט, איינ־בויענדיג זיך אויפצוהויבען פון אונטער זיינע פיס אַ זעהר, זעהר רייכען מאַנטעל פון זעלטענעם פוטער, — מר. ווילסאָן, דאָס איז אייער אייגענטום! — (דאָס וועטער איז געווען קאַלט, און ווען איך האָב פאַרלאָזען מיין צימער, האָב איך אַרויפגעוואָרפען אַ מאַנטעל איבער מיין שלאַפראָק, אויסטועגדיג עס צוריק ווען איך בין צוגעקומען צום פלאַץ פונ'ם שפּיל). — איך רעכען, עס איז איבעריג צו זוכען דאָ — (באַטראַכטענדיג די פאַלדען פונ'ם בגד מיט אַ ביטערען שמייכעל) — וואָסערע ניט איז ווייטערע באַ־ווייזע פון אייערע קונץ־שטיק. ווירקליך, מיר האָבען געהאַט גענוג. איך האָף, איהר וועט געפינען פאַר נויטיג צו פאַרלאָזען אָקספאָרד. אַלענפאַלס, צו פאַרלאָזען גלייך מיין צימער.

דערשלאגנע, דערנידעריגט ביז צום שטויב, ווי איך בין דאן געווען, איז עס ווארשיינליך, אז איך זאל ענטפערען גלייך אויף אט דער גאליגער שפראך מיט פערזענליכער גוואלדטאט, ווען אין דער רגע וואלט מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט ניט אפגעצויגען געווארען פון א פאקט פון העכסט־דערשטוינענדען כאראקטער. דער מאנטעל, וואס איך האב געטראגען, איז געווען פון א זעלטענעם סארט פוטער: ווי זעלטען, ווי פארשווענדעריש קאסטבאר, וויל איך גארניט אויסזאגען. הייגט דער פאסאן איז געווען מיין אייגענע פאנטאסטישע ערפינדונג, ווארים אין אזעלכע פוסטע זאכען בין איך געווען איבערקלייבעריש ביז צו א זינלאזען גראד פון פראנטאוועטווע. און דעריבער, ווען מר. פרעסטאן האט מיר דערלאנגט דאס, וואס ער האט אויפגעהויבען פון דיל, לעבען דער פליגעל־טיר פון׳ם צימער, האב איך מיט א דערשטוינונג, וואס איז שיער ניט געווען נאהענט צו שרעק, באמערקט, אז מיין אייגענער מאנטעל הענגט שוין אויף מיין ארעם (וואו איך האב אהן צווייפעל ניט וויסענדיג עס ארויפגעלעגט), און אז יענער מאנטעל, וועלכען מען האט מיר דערלאנגט, איז נאר געווען א ריכטיגער דופליקאט פון מיינעם אין אלע, אפילו אין די מעגליכסט קלענסטע, פרטים. דער משונה׳דיגער נפש וואס האט אזוי שוידערליך פון מיר ארונטערגעריסען די מאסקע, איז געווען איינגעהילט, ווי איך געדענק, אין א מאנטעל; און קיינער פון די איבעריגע חברים פון אונזער קאמפאניע, אחוץ מיר, האט אזא מאנטעל ניט געטראגען. קומענדיג עטוואס צו זיך, האב איך גענומען דעם מאנטעל, וואס פרעסטאן האט מיר דערלאנגט, האב עס אומבאמערקט ארויפגעווארפען איבער מיינעם, האב פארלאזען דאס צימער מיט אן אנטשלאסענער בייזער מינע פון טראציגקייט, און גלייך אויף מארגען, נאך איידער עס האט געגרויטען, האב איך זיך שנעל געלאזען אין וועג אריין פון אקספארד נאכ׳ן קאנטינענט, אין א פאלקאמענער אגאניע פון שרעק און שאנדע.

איך בין אומזיסט אנטלאפען. מיין שלימזל האט ווי טריאומפירענדיג מיך פארפאלגט, און ער האט

ווירקליך באַוויזן, אַז די אויסאַיבונג פון זיין מיסטעריעזער הער־שאַפט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. איך האָב קוים מיין פוס געשטעלט אין פּאַריז, האָב איך שוין אַפריהער געהאַט אַ פרישן באַווייז פון דעם אַבשייליכן אינטערעס, וואָס דער דאָזיגער ווילּ־סאָן האָט גענומען אין מיינע געשעפטן. יאָהרן זיינען גע־פלויגען, און קיין שום דערלייזונג איז מיר ניט געקומען. לומפּ! — ווי ניט אין דער צייט, דאָך מיט וואָס פאַר אַ גייסטערהאַפטער אומגעבעטענער פריינדשאַפט ער האָט זיך אין רוים געשטעלט צווישען מיר און מיין אַמביציע! אין ווינען אויך, אין בערלין, און אין מאָסקווע! וואו, אין דער אמת'ן, האָב איך ניט גע־האָט קיין ביטערע אורזאַך צו שילטען איהם אין מיין האַרץ? פון זיין אומערפאַרשליכער טיראַניי בין איך ענדליך אין טויט־שרעק געפלויגען ווי פון אַ מגפה, און צום סאַמען עק וועלט בין איך אומזיסט געלאָפען.

און אַבער אַמאָל און ווידער אַמאָל האָב איך אַליין ביי זיך געפרעגט: „ווער איז ער? פון וואַנען איז ער געקומען? און וואָס וויל ער?“ אַבער איך האָב קיין שום ענטפער ניט גע־פונען. היינט האָב איך געפאָרשט, אויף אַ געוויסען אופן, די פאָר־מען און די מעטאָדען און די הויפט־שטריכען פון זיין חוצפה'־דיגער השגחה. אַבער אַפילו אין דעם פרט האָב איך ווייניג וואָס געפונען אויף וואָס צו בויען אַן השערה. מען האָט ווירקליך געקענט באַמערקען, אַז אין די אַלע פיעלפאַכע ביישפּי־לען, אין וועלכע ער האָט די לעצטע צייט זיך געשטעלט מיר אין וועג, האָט ער זיך נאָר געשטעלט, צו נישט צו מאַכען יענע פּלע־נער, אָדער צו שטערען יענע האַנדלונגען, וועלכע, אויב אויסגע־פיהרט ביז צום סוף, וואָלטען זיך געקענט ענדיגען שלעכט. דאָס איז, באמת, אַ צרה'דיגע רעכטפערטיגונג פאַר אַן אויטאָריי־טעט, אַזוי העזה'דיג זיך גענומען! אַ צרה'דיגע פאַרגיטיגונג פאַר נאַטירליכע רעכט פון זעלבסט־טעטיגקייט, אַזוי האַרטנע־קיג, אַזוי באַליידיגענד אוועקגערויבט!

איך האָב אויך געמוזט באַמערקען, אַז מיין פייניגער האָט פאַר אַ זעהר לאַנגע צייט (פאַרזיכטיג און מיט וואונדערבאַרער

געשיקטקייט אנהאלטענדיג זיין קאפריז צו טראגען די זעלבע קליי־
דער וואס איך) עס אזוי דערגרייכט אין זיין ארבייט צו שטע־
רען מיין ווילען אויף פארשיידענע אופנים, אז איך האב אויף
קיין איין מאמענט ניט געקענט זעהן זיינע געזיכטסציגען. זאל
ווילסאן זיין וואס ער איז — ד א ס וועניגסטענס איז נאר גע־
ווען דער סאמער שפיץ פון אויספיינעריי אדער נארישקייט. האט
ער אויף איין ווייל געקענט זיך פארשטעלען, אז אין מיין בעל־
עצה פון איטאן, אין דעם צעשטערער פון מיין עהרע אין אקספארד,
אין דעם וואס האט געשטערט מיין אמביציע אין רוים. מיין
נקמה אין פאריז, מיין ליידענשאפטליכע ליבע אין נעאפעל,
אדער דאס, וואס ער האט פאלש אנגערופען מיין זשעדנעקייט אין
עגיפטען — אז אין די אלע, מיין ארכי־שונא און בייזער גייסט,
האב איך ניט געקענט דערקענען דעם וויליאם ווילסאן פון מיינע
אינגעלשע שול־יאהרען, דעם נאמען־חבר, דעם קאמפאניאן, דעם
קאנקורענט פון דר. בראסבי'ס? אוממעגליך! אבער לאמיר זיך
איילען צו דער לעצטער געשעהנישפולער סצענע פון דער דראמע.

ביז אהער האב איך נאכלעסיג זיך אונטערגעגעבען צו זיין
חוצפה'דיגער אויבערהערשאפט. דאס געפיהל פון טיפער עהר־
פורכט, מיט וועלכען איך פלעג געוועהנליך באטראכטען דעם גע־
הויבענעם כאראקטער, די מאיעסטעטישע ווייזהייט, די שיינבארע
אל־אנוועזענהייט און אלמעכטיגקייט פון ווילסאנ'ען, היינט דער
צו נאך דאס געפיהל פון שרעק אפילו, מיט וועלכען געוויסע אנ־
דערע שטריכען פון זיין נאטור און אנגענומענע געשטאלטען האָ־
בען מיך אנגעפילט, האבען ביז אהער געארבייט ארייִנצוגעבען
אין מיר א געדאנק פון מיין אייגענער פאלשטענדיגער שוואכקייט
און הילפלאזיגקייט, און איינשמועסען מיך בלינד, כאטש שטארק
ווידערוויליג, אונטערהווארפען זיך צו זיין מוטוויליגקייט. אבער
אין די לעצטע טעג האב איך זיך אינגאנצען אפגעגעבען צו וויין,
און זיין ווילדמאכענדער איינפלוס אויף מיין גע'ירשנ'טען טעמפע־
ראמענט האט מיך אלץ מעהר און מעהר פון געדולד ארויסגע־
בראכט. איך האב געמומען מורמלען, קווייִנקלען זיך, שטעלען זיך
אנטקעגען. און איז דאס נאר געווען אן איינבילדונג, וואס האט

מיך געמאַכט צו גלויבען, אַז מיט'ן וואוקס פון מיין אייגענער שטאַרקייט, פאַלט פּראָפּאָרציאָנעל די שטאַרקייט פון מיין פיי־ניגער? נאָר ווי דאָס זאָל ניט זיין, איך האָב איצט אָנגע־הויבען צו פיהלען די אינספּיראַציע פון אַ ברענענדיגער האָפנונג, און ענדליך האָב איך טיף אין מיינע מחשבות אַרויסגעבראַכט אַ פעסטען און אַ פאַרצווייפעלטען באַשלוס, אַז מעהר וועל איך זיך שוין ניט לאָזען פאַרשקלאַפען.

דאָס איז געווען אין רוים, בעת'ן קאַרניוואַל פון ——18, ווען איך בין אַנוועזענד געווען אויף אַ מאַסקאַראַד אין דעם פּאַלאַץ פון דעם נעאַפּאָליטאַנישען הערצאָג די־בראָגליאָ. איך האָב זיך נאָך שטאַרקער ווי אימער צוגעבאַפּט צום וויין־טיש, און דאַן די שטיקענדיגע אַטמאָספערע פון די געפּאַקטע צימערן האָט מיך געררייצט אָהן אַ שיעור און אָהן אַ ערך. אַ חוץ דעם, די שוועריג־קייט דורכצוקריכען דורך די לאַבירינטען פון דער געזעלשאַפט האָט צוגעגעבען ניט קיין ביסעל צו דער אויפרעגונג פון מיין גע־מיט, ווארים איך האָב געריג געזוכט (איך וועל ניט זאָגען, מיט וואָס פאַר אַן אומווירדיגען מאָטיוו) די יונגע, די לוסטיגע, די שעהנע ווייב פון דעם אַלטען עובר־בטל די־בראָגליאָ. מיט אַ צו געוויסענלאָזען צוטרויען האָט זי מיר פריהער נאָך פאַרטרויט דעם סוד, אין וואָס פאַר אַ קאָסטיום זי וועט זיין אָנגעטאָן, און איצט, דערזעהענדיג זי, האָב איך זיך געאיילט צוצוגעהן צו איהר. אין דער רגע האָב איך דערפיהלט, ווי אַ לייכטע האַנט האָט זיך אוועקגעלעגט אויף מיין אַקסעל, און דערהערט האָט זיך יענער אייביג־אומפאַרגעסליכער, נידריגער פאַרדאַמטער פ ל י ס ט ע ר אין מיין אויער.

אין אַן אַבסאָלוטער ווילדקייט פון צאָרן, האָב איך זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם, וואָס האָט זיך מיר אַזוי אין וועג געשטעלט, און האָב איהם מיט רציחה אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָל־נער. ווי איך האָב ערוואַרט, איז ער געווען געקליידט פּונקט אין אַזאַ קאָסטיום ווי מיינער, טראָגענדיג אַ שפּאַנישען מאַנטעל פון בלויען סאַמעט, און אויף די לענדען אָנגעגורט אַ ראַפּיער אויף

א בלוט־רויטען גארטעל. א מאסקע פון שווארצען זייד האט אינ־גאנצען פארדעקט זיין פנים.

— לומפ! — האב איך אויסגערופען מיט א שטימע הייזע־ריג פאר צארן, און יעדע זילבע, וואס איך האב ארויסגערעדט, האט געשיינט צו זיין נייער עהל אויפ'ן פייער, אויפצופלאקערן מיין צארן, — לומפ! שווינדלער! פארפלוכטער באנדיט! קום נאד מיר, אויב ניט, דערשטעך איך דיך אט דא וואו דו שטעהסט! — און איך האב זיך א לאז געטאן פון באל־צימער אין א קליין דערבייאיג פארצימער אריין, שלעפענדיג איהם מיט זיך אהן ווידערשטאנד.

אריינגעהענדיג, האב איך איהם פון זיך א שליידער געטאן מיט רציחה. מיט וואקעלדיגע טריט איז ער צוגעפאלען צום וואנט, און איך האב דערווייל פארהאקט די טיר מיט א קללה, און געהייסען איהם ציהען דעם שווערד. אויף איין ווײַלע האט ער זיך געקווײַנקעלט: דערנאך אבער מיט א לייכטען זיפץ, האט ער שטיל געצויגען דעם שווערד, צו פארטיידיגען זיך.

דער שטרייט איז ווירקליך קורץ געווען. וואס פאר א סארט ווילדע אויפרעגונג ס'איז דא נאר אויף דער וועלט, בין איך דער־מיט פול געווען, און איך האב געפיהלט אין מיין איין איינצי־גען ארעם די ענערגיע און די קראפט פון טויזענדער. אין עט־ליכע סעקונדען האב איך מיט מיין כח אליין צוגעשפארט איהם צו דער וואנט, און האבענדיג איהם אזוי אין מיינע הענט, האב איך מיט א ברוטאלער רציחה אריינגעהאקט מיין שווערד, איין מאל און א צווייטען מאל, דורך און דורך זיין ברוסט.

אין יענער רגע האט אימיצער א מאך געטאן מיט דער קליאמ־קע פון טיר. איך האב אויף שנעל געמאכט, אז קיינער זאל ניט קענען אריינגעהן, און דאן האב איך זיך גלייך צוריקגעקערט צו מיין גוסס'ען געגנער. נאר וואס פאר א מענשליכע שפראך קען ריכ־טיג איבערגעבען יענע דערשטוינונג, יענעם שוידער, וואס האט מיך באהערשט דערזעהענדיג דאס בילד? די קורצע ווײַלע, וואס איך האב אפגעקערט מיינע אויגען, איז גענוג געווען

צו מאַכן באַשיינפּערליך אַ וויכטיקע ענדערונג אין דער איינאָרדנונג פון דעם העכערן אָדער ווייטערדיקן עק פון׳ם צימער. אַ גרויסער שפּיגל — אַזוי האָט צוגערעדט מיר אויסגעזען אין מיין צעמישונג — איז איצט געשטאַנען דאָרטן וואו מען האָט גאָר פריהער קיין שפּיגל ניט געזען: און ווען איך האָב גענומען גיין אַהין אין דער גרעסטער שרעק, האָט מיין אייגענע געשטאַלט, אָבער מיט געזיכטסציגן איינגאַנצן בלאַס און פאַרשפּריצט אין בלוט, זיך געלאָזן גיין צו מיר מיט אַ שוואַכן און וואַקלדיקן טראָט.

אַזוי האָט אויסגעזען, זאָג איך, אָבער געווען איז דאָס ניט. דאָס איז געווען מיין געגנער — דאָס איז געווען ווילסאָן, וועלכער איז דאָן געשטאַנען פאַר מיר אין דער גסיסה פון זיין אויפלעזונג. זיין מאַסקע און מאַנטל זיינען געלעגן דאָרט וואו ער האָט זיי אַ וואָרף געטאָן, אויפ׳ן דיל. קיין איין פאָדים אין זיין גאַנצער קליידונג, קיין איין שטריך אין די אַלע בולט׳ע און איינגענטימליכע שטריכן פון זיין געזיכט, אפילו אין דער אַבסאָלוטסטער אידענטיטעט, איז ניט געווען אין איהם, וואָס איז ניט געווען מ י י נ ס !

עס איז געווען ווילסאָן, אָבער ער האָט שוין מעהר ניט גערעדט מיט אַ פליסטער, און איך האָב זיך געקענט פאָרשטעלען, אַז איך אַליין האָב גערעדט דאָס וואָס ער האָט געזאָגט:

— ד ו ה אָ ס ט ב אַ ז י ג ט, א ו ן א י ך ג י ב ז י ך א ו נ ט ע ר. ד אָ ך פ ו ן א י צ ט אָ ן ב י ס ט ד ו א ו י ך ט ו י ט — ט ו י ט פ אַ ר ד ע ר װ ע ל ט, פ אַ ר׳ן ה י מ ע ל א ו ן פ אַ ר ה אָ פ נ ו נ ג! א י ן מ י ר ה אָ ס ט ד ו ג ע ט אָ ן ע ק ז י ס ט י ר ע ן, א ו ן א י ן מ י י ן ט ו י ט, ז ע ה א י ן אָ ט ד ע ר ג ע ש ט אַ ל ט, װ אָ ס א י ז ד י י ן א י י ג ע נ ע, װ י ג ע נ צ ל י ך ד ו ה אָ ס ט ז י ך אַ ל י י ן ד ע ר מ אָ ר ד ע ט!

# דער אוואלער פארטרעט

דער שלאס, וואוהין מיין דיענער האט זיך דערוועגט אריינגעהן אויפברעכענדיג די טיר, אום ניט צו לאזען מיך אין מיין פארצווייפעלטען פארוואונדעטען צושטאנד פארברענגען א נאכט אונטער'ן אפענעם הימעל, איז געווען איינע פון יענע גרויסע געביידעס פון צענויפגעמישטע חושכ'ניש און הערליכקייט, וועלכע זיינען אזוי לאנג פארכמורעט געשטאנען צווישען די אפענינען, ניט ווייניגער אין דער ווירקליכקייט, ווי אין דער פאנטאזיע פון מרס. ראדקליף. איטליכער האט געקענט זעהן, אז עס איז צייטווייליג און זעהר ניט לאנג פארלאזען געווארען. מיר האבען זיך איינגעארדענט אין איינעם פון די קלענסטע און גאר ניט זעהר רייך צוגעקליבענע חדרים. עס איז געלעגען אין א וויטען טורעם פון דער געביידע. די באפוצונגען זיינען געווען רייך, דאך אלט און אפגעריסען. די ווענט זיינען געווען באהאנגען מיט טאפעטען און באצירט מיט פיעלפאכיגע און פיעלפארמיגע וואפענטראפעען, צוזאמען מיט אן אומגעוועהנליך גרויסער צאהל פון זעהר לעבהאפטע מאדערנע בילדער אין ראמען פון רייכע גאלדענע אראבעסקען. אין די דאזיגע בילדער, וואס זיינען ארונטערגעהאנגען פון די ווענט, ניט נאר אויף זייערע הויפט־אויבערפלעכען, נאר אויך אין זעהר א סך ווינקלען, וועלכע די פאנטאסטישע ארביטעקטור פונ'ם שלאס האט פאר נויטיג געמאכט — אין די דאזיגע בילדער האט, אפשר, מיין צעמישטקייט אין אנהויב געטריבען מיך טיף צו פאראינטערעסירען זיך. האב איך אלזא געהייסען פעדרא'ן פארמאכען די שווערע לאדען פונ'ם צימער — ווייל ס'איז דאך שוין געווען נאכט — אנצינדען די רעהרען פון א גרויסען קאנדעלאבער, וואס איז געשטאנען צוקאפען פון מיין בעט, און פארנאנדערעפענען ווייט און ברייט די פראנזיגע פארהאנגען פון שווארצען סאמעט, וועלכע האבען ארומגעהילט דאס בעט אליין. איך האב געוואלט, דאס אלעס זאל געטאן ווערען,

בכדי איך זאָל זיך קענען אָפּגעבן, אויב ניט צו שלאָפֿן, איז ווייניגסטענס צו באַטראַכטן דאָס איין בילד און דאָס אַן אַנדער בילד, און דורכצוקוקן אַ קליין ביכעל, וואָס איך האָב געפֿונען ליגענדיג אויפֿ'ן קישן און וואָס האָט באַצוועקט צו קריטיקירן און צו באַשרייבן די בילדער.

לאַנג, לאַנג האָב איך געלייענט, און מיט ערנסט און מיט התמדה האָב איך געקוקט און געקוקט. שנעל און הערליך זיינען די שטונדען פֿאַרבייגעפֿלויגען, און די טיפֿע מיטען־נאַכט איז אָנגעקומען. עס איז מיר ניט געפֿעלען געווען, ווי דער קאַנדעלאַבער איז געשטאַנען, און אויסציהענדיג אליין מיט שוועריגקייט מיין האַנט, אַבי ניט צו טשעפּען מיין דרעמלענדיגען דיענער, האָב איך עס אַזוי אָוועקגעשטעלט, אַז די שטראַלען זאָלען מעהר פֿאַלען אויפֿ'ן בוך.

אָבער דאָס, וואָס איך האָב געטאָן, האָט גאָר געהאַט אַן אומערוואַרטעטען עפֿעקט. די שטראַלען פֿון די סך ליכט (זיי זיינען געווען זעהר פֿיעל) זיינען איצט אַריינגעפֿאַלען אין אַ נישע פֿון'ם צימער, וואָס איז ביז אַהער געווען איינגעהילט אין אַ טיפֿען שאָטען, צוליעב איינעם פֿון די פּיסלאַך פֿון'ם בעט. איך האָב דערוויל דערזעהן אין אַ לעבעדיגען ליכט אַ בילד, וואָס איך האָב גאָר פֿריהער ניט באַמערקט. עס איז געווען דער פּאָרטרעט פֿון אַ יונגער מיידעל, וואָס האַלט זיך אין אַנטוויקלען אין אַ פֿרוי. איך האָב שנעל געכאַפּט אַ קוק אויפֿ'ן בילד, און דאַן מיינע אויגען פֿאַרמאַכט. פֿאַרוואָס האָב איך דאָס געטאָן, איז צוערשט ניט געווען קלאָר אפילו פֿאַר מיין אייגענער השגה. אָבער פֿאַר דער צייט וואָס מיינע אויגען־דעקלאַך זיינען געבליבען אַזוי צוגעמאַכט, האָב איך אין געדאַנק שנעל דורכגעטראַכט, וואָס פֿאַר אַ גרונד האָב איך געהאַט, זיי אַזוי צוצומאַכען. עס איז געווען אַן אימפּולסיווער צוג, אום צו געווינען צייט פֿאַר נאַכדענקען, צו איבערצייגען זיך, אַז מיין וויזיאָן האָט מיך ניט אָפּגענאַרט, צו באַרוהיגען און איינשטילען מיין פֿאַנטאַזיע, זי זאָל קענען ניכטערער און באַשטימטער באַטראַכטען. אין עטליכע מינוט אַרום האָב איך שוין ווידער געקוקט גלייך אויפֿ'ן בילד.

אַז איך האָב איצט ריכטיג געזעהן — קען איך ניט און וועל
ניט צווייפלען: וואָרים דער ערשטער אָפּגלאַנץ פון די ליבע
אויף יענעם לייוועגט האָט געשיינט צו צעשפּרייטען די טרוימע־
רישע באַוואוסטלאָזיגקייט, וואָס האָט זיך גע'גנב'עט איבער מיינע
חושים, און צוריקצושטויסען מיך גלייך צום וואַכעדיגען לעבען.

דער פּאָרטרעט, ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז געווען פון אַ
יונגער מיידעל. עס איז געווען נאָר אַ קאָפּ און אַקסלען, געמאַכט
אין, ווי מען רופט עס טעכניש אַן, אַ וויניעט שטייגער:
פיעל אין דעם סטיל פון די באַליבטע קעפּ פון סאַלי. די אָרעמס,
דעם בוזים, און אַפילו די עקען פון די גלאַנציגע האָר, זיינען אומ־
מערקבאַר צעשמאָלצען געוואָרען אין דעם אומקלאָרען, דאָך טיפען
שאָטען, וועלכער האָט געבילדעט דעם הינטערגרונד פון דעם
גאַנצען. די ראַם איז געווען אָוואַל, רייך באַגולדעט און פיליגרירט
אין מאַרעסק. אַלס אַ קונסטווערק, האָט ניט געקענט זיין
וואונדערבאַרער, ווי דאָס בילד אַליין. אָבער עס האָט ניט געקענט
זיין די אויספיהרונג פון דער אַרבייט און אויך ניט די אומ־
שטערבליכע שעהנקייט פון'ם געזיכט, וואָס האָט מיך אַזוי פּלוצ־
לונג און אַזוי שטאַרק גערירט. ווייניגער פון אַלעם האָט עס
געקענט זיין, אַז מיין פאַנטאַזיע, אויפגעטרייסעלט פון איהר
האַלב־דרעמעל, זאָל מיינען, אַז דאָס איז דער קאָפּ פון אַ לעבע־
דיגען מענשען. איך האָב גלייך געזעהן, אַז די זונדערבאַרקייטען
פון דער צייכענונג, פון דער וויניעט־אַרבייט און פון דער ראַם,
האָבען אויפ'ן שטעל געמוזט פאַרטרייבען אַזאַ געדאַנק, געמוזט
אַפילו ניט אויף אַ מאָמענט דערלאָזען אַזאַ געדאַנק. טראַכטענדיג
ערנסט איבער די דאָזיגע פונקטען, בין איך פאַר אפשר אַ שטונדע
צייט געבליבען האַלב־זיצענדיג, האַלב אָנגעלעהנט, מיט מיינע
אויגען צוגעשמידט צום פאָרטרעט. ענדליך, צופרידענשטעלענדיג
זיך מיט דעם ריכטיגען סוד פון זיין ווירקונג, בין איך צוריקגעפאַ־
לען אין בעט. איך האָב געפונען דעם צויבער פון'ם בילד אין
אַן אַבסאָלוטער לעבענס־עהנליכקייט פון אויסדרוק,
וואָס, צוערשט האָט מיך דערשטוינט, און צולעצט צעמישט, באַ־
זיגט און דערשראָקען. מיט טיפער עהרפורכט האָב איך איועק־

געשטעלט דעם קאַנדעלאַבער צוריק אויף זיין פריהערדיגען אָרט. אַזוי איז די אורזאַך פון מיין טיפער אויפרעגונג אַוועקגענומען געוואָרען פון מיינע אויגען, און איך האָב געריג געזוכט דאָס ביכעל, וואָס האָט באַהאַנדעלט די בילדער און זייער געשיכטע. וועגנדענדיג זיך צו דעם נומער, וואָס האָט באַצייכענט דעם אָוואַלען פּאָרטרעט, האָב איך געלייענט די אומקלאָרע און זונדערבאַרע ווערטער, וועלכע קומען דאָ:

„זי איז געווען אַ מיידעל פון זעלטענסטער שעהנקייט, און ניט אַזוי ליבליך, ווי פול מיט לעבען. און שלימזל'דיג איז געווען די שטונדע, ווען זי האָט דערזעהן דעם מאָלער, ליב געקראָגען איהם און חתונה געהאָט. ער — ליידענשאַפטליך, איבערגעגעבען, ערנסט, און שוין געהאַט אַ ווייב — זיין קונסט. זי — אַ מיידעל פון זעלטענסטער שעהנקייט, און ניט אַזוי ליבליך ווי פול מיט לעבען: אינגאַנצען ליכט און שמייכעל, און שמיפעריש, ווי אַ יונג הירשעל: ליבט און לאַשטשעט יעט־ווידע זאַך: האָסט נאָר די קונסט, וועלכע איז איהר קאָנקורענטקע געווען: ציטערט נאָר פאַר דאָס מאָלברעטעל און די פּענזלען און אַנדערע אומפריינדליכע געצייג, וועלכע האָבען פון איהר אַוועקגערויבט דאָס געזיכט פון איהר געליבטען. עס איז דאָרום געווען אַ שרעקליכע זאַך פאַר דער דאָזיגער פרוי צו הערען דעם מאָלער רעדענדיג פון זיין וואונש צו מאַכען אַ פּאָרטרעט אפילו פון זיין יונגער ווייב אויך. אָבער זי איז געווען קליינהאַלטיג און געהאָרכזאַם, און זי איז וואָכענלאַנג געזעסען הכנעה'דיג אין דעם מונקעלען הויכען טורעם־צימער, וואו דאָס ליכט האָט געטריפט אויפ'ן בלאַסען לייווענט נאָר פון איבער'ן קאָפּ. אָבער ער, דער מאָלער, האָט זיך גרויס געהאַלטען מיט זיין ארבייט, וועלכע איז געוואַקסען פון שטונדע צו שטונדע און פון טאָג צו טאָג. און ער איז געווען אַ ליידענשאַפטליכער און אַ ווילדער און אַ קאַ־פּריזנער מענש, וועלכער איז פאַרדאַרבען געוואָרען פון הוליאַנ־קעס: האָט ער אַלזאָ נ י ט ג ע ו ו א ל ט זעהן, אַז דאָס ליכט, וואָס איז אַזוי טויטליך־בלאַס געפאַלען אין יענעם איינזאַמען טורעם, האָט גע'פּטר'ט דאָס געזונד און גייסט פון זיין ווייב,

וועלכע איז אזוי שטארק אויסגעגאנגען נאך איהם. דאך האט זי געשמייכעלט און געשמייכעלט, ניט באקלאגענדיג זיך, ווייל זי האט געזעהן, אז דער מאלער (וועלכער איז געווען זעהר באַ־ריהמט) האט געהאט א גרויסען פארגעניגען פון זיין ארבייט, און ער האט געארבייט טאג און נאכט, אום צו מאלען זי, וואס האט איהם אזוי ליעב, דאך וואס ווערט פון טאג צו טאג אלץ מעהר אראפגעשלאגען פון מוט און אפגעשוואכט. און אין דער אמת, ווער עס האט א קוק געטאן אויפ'ן פארטרעט, האט אין שטילע ווערטער גערעדט פון דער עהנליכקייט, ווי פון א געוואלדיגען וואונדער, און א באווייז, ניט אזוי פון דער קראפט פונ'ם מאלער, ווי פון זיין טיפער ליבע פאר איהר, וועלכע ער האט געמאלען אזוי אויסגעצייכענט. אבער, צום סוף, ווען די ארבייט האט זיך אלץ מעהר דערנעהנטערט צו איהר ענדע, איז שוין מעהר קיינער ניט ארייגעלאזען געווארען אינ'ם טורעם, ווארים דער מאלער איז ווילד געווארען מיט דעם אייפער פון זיין ארבייט, און האט זעלטען ווען אפגעקערט זיינע אויגען פונ'ם לייווענט, אפילו א קוק צו טאן אויף זיין ווייב'ס פנים. און ער האט ניט געוואלט זעהן, אז די קאלירען, וועלכע ער האט אויסגעגאסען אויפ'ן לייווענט, זיינען ארויסגעצויגען געווארען פון די באקען פון דער, וואס איז לעבען איהם געזעסען. און ווען א סך וואכען זיינען אוועק, און עס איז נאך ווייניג אי־בערגעבליבען צו טאן, אחוץ איין שמיר איבער'ן מויל און איין קאליר איבער'ן אויג, האט דער גייסט פון דער פרוי צוריק א פלאטער געטאן, אזוי ווי דער פלאם איז שפאלט פון דעם לאמפ. און דאן האט ער געגעבען דעם שמיר און אוועקגעלעגט דעם קא־ליר, און פאר איין ווײלע איז דער מאלער אין עקסטאז געשטאנען פאר דער ארבייט, וועלכע ער האט געענדיגט: אבער באלד, נאך אלץ אנקוקענדיג, האט ער גענומען ציטערען און איז געווארען זעהר בלאס און דערשראקען, און שרייענדיג הויך אויפ'ן קול: „דאס איז ווירקליך דאס לעבען אליין!" — האט ער זיך פלוצ־לונג אפגעקערט צו באטראכטען זיין געליבטע: זי איז שוין געווען טויט!"

# די מאָרדען אויף דער מאַרג־גאַס.

„וואָס פאַר אַ ליד עס האָבען די סירענען געזונגען, אָדער וואָס פאַר אַ נאָמען עס האָט אכילעס זיך געגעבען, בעת ער האָט זיך באַהאַלטען צווישען פרויען, כאָטש דאָס זיינען שווערע פראַגען, פונדעסטוועגען קען מען זיי טרעפען". —

**סער טאָמאַס בראַון.**

די גייסטיגע שטריכען, פון וועלכע עס רעדט זיך אַלס אנאַליטישע, זיינען אין זיך אַליין, קנאַפּ־וואָס מסוגל פאַר אנאַליז. מיר שעצען זיי אָפּ נאָר אין זייער ווירקונג. מיר ווייסען פון זיי, צווישען אנדערע זאכען, אַז זיי זיינען פאַר דעם וואָס האָט זיי, אויב ער האָט זיי אַהן אַ שיעור, אימער אַ קוואַל פון דער העכסטער פרייד. פונקט ווי דער שטאַרקער מאַן פרעהט זיך זעהר מיט זיין פיזישער קראַפט הנאה האָבענדיג פון אַזעלכע איבונגען, וועלכע מאַכען טעטיג זיינע מוסקולען, אַזוי איז דער אנאַליטיקער מלא שמחה מיט דער מאָראַלישער אַקטיוויטעט וואָס **פלאָנטערט פאַנאַנדער**. ער האָט פאַרגעניגען אַפילו פון די אומוויכטיגסטע באַשעפטיגונגען, אין וועלכע ער קען נאָר אַרויסווייזען זיין טאַלענט. ער איז פאַרקאָכט אין רעטענישען, שפּיעלען, היעראָגליפען, און צו יעדען מאָל טרעפען ווייזט ער אַרויס אַ געוויסען גראַד שאַרפזין, וואָס פאַר דעם געוועהנליכען מענשען זעהט דאָס אויס אויסערנאַטירליך. זיינע רעזולטאַטען, וועלכע ווערען דערגרייכט דורכ'ן סאַמען תוך און תמצית פון מעטאָדע, האָבען אין דער אמת'ן איינגאַנצען דעם אויסזעהן פון אינטואיציע.

די פעהיגקייט צו לייזען פּראָבלעמען ווערט מעגליך פיעל

פארשטארקט דורך מאטעמאטישע שטודיום, און איבערהויפט דורך יענעם העכסטן צווייג פון מאטעמאטיק, וועלכער איז מיט אומרעכט, און צוליעב די רעטראגראדע אפעראציעס, אנגערופען געווארען, אזוי ווי פאר עקסעלאנס, אנאליז.

אבער אויסרעכענען הייסט נאך ניט אנאליזירען. א שאך־שפילער, צום ביישפיעל, טוט דאס ערשטע, ניט נעמענדיג זיך די מיה צו טאן דאס צווייטע. פאלגליך איז דאס שאך־שפיל, אין דעם אופן ווי עס ווירקט אויפ׳ן גייסטיגען כאראקטער, היבש מיספארשטאנען. איך שרייב איצטער ניט קיין וויסענשאפטליכע אפהאנדלונג, נאר באאבאכטונגען, מעהרסטענס סתם אזוי, אלס הקדמה צו אן עטוואס זונדערבארער דערצעהלונג. איך וויל זיך דערפאר באנוצען מיט דער געלעגענהייט צו באהויפטען, אז די העכערע קרעפטען פון דעם רעפלעקטיווען אינטעלעקט ווערען אויף אן אנטשיידענדען און ניצליכען אופן אנגעווענדט אין דעם ניט־פרעטענדיעזען שפיל פון דאמקעס, איידער אין דער גאנצער קונציגער פוסטקייט פון שאך. אין דעם לעצטען, וואו די פיגורען האבען פארשיידענע און משונה׳דיגע גאנגען, מיט אלערליי און אומבאשטענדיגע באדייטונגען, און דאס וואס איז בלויז קאמפליצירט ווערט על פי טעות אנגענומען (ניט קיין אומגעוועהנליכער טעות) פאר טיפזיניגקייט. די א ו י פ מ ע ר ק ז א מ ק י י ט שפילט דא די שטארקסטע ראליע. אויב מען פארלירט דעם מוט אויף איין ווייל, פארזעהט מען א גאנג, און דאס פיהרט שוין צו א פארלוסט אדער א נידערלאגע. אזוי ווי די מעגליכע גאנגען זיינען נים נאר פיעלפאך, נאר אויך פארפלאנטערט, ווערען די שאנסען צו פארזעהן א גאנג פארפיעלפאכט: און אין ניין פעלען פון צעהן איז דער געווינער דער וואס איז מעהר קאנצענטרירט איידער דער שארפזיניגער שפילער. אין דאמקעס אבער פארקעהרט. וואו די גאנגען זיינען מעהר איינציג און האבען זעהר ווייניג פארשיידענהייט, זיינען די וואהרשיינליכקייטען פון מאכען א פארזעהן קלענער, און אזוי ווי די הוילע אויפמערקזאמקייט בלייבט פארהעלטניסמעסיג ניט אנגעווענדט, ווערט דער פארצוג, וואס איין צד קריגט איבער׳ן צווייטען, דערגרייכט דורך העכערן

ש א ר פ ז י ן . צו זיין ווייניגער אַבסטראַקט: לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַ שפּיל פון דאַמקעס, וואו פון די פּעשקעס איז גע־וואָרען פּיער קעניגען, און וואו פאַרשטעהט זיך, קיין פאַרזעהן קען נישט זיין. עס איז קלאָר, אַז דאָ קען דער זיג אַנטשיידען ווערען (ווען די שפּילערס זיינען צוויי גלייכע קרעפטען) נאָר דורך אַ קונציגען גאַנג, אויף וועלכען מען האָט באַזונדערס שטאַרק גע־דאַרפט אָנשטרענגען דעם מוח. בארויבט פון די געוועהנליכע מיטלען, וואַרפט זיך דער אַנאַליטיקער אַריין אין דעם גייסט פון זיין אַפּאָנענט, אידענטיפיצירט זיך דערמיט, און ניט זעלטען זעהט ער אַזוי, מיט איין קוק, די איינציגע מעטאָדען (אָפטמאָל ווירקליך נאַריש־איינפאַכע), דורך וועלכע ער קען אַריינפיהרען אין אַ טעות אָדער אַריינבאַפען אין אַ פאַלשער אויסרעכענונג.

וויסט איז פון לאַנג געווען באַריהמט פאַר זיין איינפלוס אויף דאָס, וואָס מען רופט אויסרעכענונגס־קראַפט, און מענ־שען פון העכסטען גראַד אינטעלעקט, איז באַוואוסט, פלעגען דאַכט זיך אומדערקלערבאַר, הנאה האָבען פון וויסט, אויסמיידענדיג שאַך אַלס אַ פּוסטע שפּיל. עס איז קיין שום ספק, אַז עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ זאַך, וואָס זאָל פאָדערן אַזוי פיעל די פעהיגקייט פון אַנאַליז. דער בעסטער שאַך־שפּילער אויף דער וועלט קאָן זיך קענען אַ ביסעל מעהר ווי דער בעסטער שפּילער אין שאַך: אָבער קענטשאַפט אין וויסט מיינט פעהיגקייט פאַר ערפאָלג אין די אַלע מעהר וויכטיגע אונטערנעמונגען, וואו שכל קעמפט מיט שכל. ווען איך זאָג „קענטשאַפט“, מיין איך יענע פאַרפאָלקאָמונג אין'ם שפּיל, וואָס נעמט אַריין אין זיך דאָס באַגרייפען פון אַל'די קוועלען, פון וואַנען מען קען ציהען לעגיטימע נוצען. די דאָזיגע זיינען ניט נאָר פיעל אין צאָהל, נאָר אויך פיעל אין פאָרעם, און זיי ליגען אָפט צווישען די טיפקייטען פון געדאַנק, וועלכע זיינען לגמרי ניט צוגענגליך פאַר'ן געוועהנליכען פאַרשטאַנד. צו באַ־אָבאַכטען אויפמערקזאַם מיינט צו געדענקען קלאָר. און, אַזוי ווייט, וועט דער קאָנצענטראַטיווער שאַך־שפּילער אויך קענען גוט שפּילען וויסט, אַזוי לאַנג ווי די רעגלען פון האָיל (אַליין באַזירט אויף דעם הוילען מעכאַניזם פון'ם שפּיל) זיינען גענוגענד און אַל־

געמיין באַגרייפליך. אַלזאָ, צו האָבען אַ צו שטאַרקען זכרון און צו גערען פינקטליך, זיינען פונקטען, אַלגעמיין באַטראַכט אַלס דער סך־הכל פון גוט שפּילען. אָבער עס איז נאָר אין זאַכען, וואָס גערען אַריבער די גרענצען פון הוילע רעגלען, וואו די קונסט פון דעם אַנאַליטיקער ווייזט זיך אַרויס. שטילערהייד מאַכט ער זיך מאָסען באַאָבאַכטונגען און אויספיהרונגען. דאָס זעלבע מוען אָפּשר אויך זיינע קאָמפּאַניאָנען, און דער אונטערשייד אין דעם סכום פון די ידיעות, וואָס מען קריגט, ליגט ניט אַזוי פיעל אין דער ריכטיגקייט פון דער אויספיהרונג ווי אין דער קוואַליטעט פון דער באַאָבאַכטונג. נויטיגער פאַר אַלעם דאַרף מען וויסען וואָס צו באַאָבאַכטען. אונזער שפּילער באַשרענקט זיך גאָר־ניט: אויך ניט, ווייל דאָס שפּיל איז דער צוועק, פאַרוואַרפט ער דעריבער אויספיהרונגען פון זאַכען, וואָס זיינען אינערליך ניט פאַרבונדען מיט'ן שפּיל. ער באַטראַכט דאָס אויסזעהן פון זיין שותף, פאַרגלייכענדיג עס פאַרזיכטיג מיט'ן אויסזעהן פון איט־ליכען פון זיינע געגנער. ער באַטראַכט ווי אַזוי די קאַרטען יועדען סאָרטירט אין איטליכער האַנט, און נאָך די אויגען דערקענט ער, וויפיעל טרומפען יענער האָט און וויפיעל גרויסע טרומף־קאַר־טען. ער באַמערקט יעטווידע ענדערונג פון געזיכט בעת דאָס שפּיל געהט אָן, זאַמלענדיג אַן אוצר פון געדאַנקען פון די פאַר־שיידענהייטען אין דעם אויסדרוק פון זיכערקייט, איבערראַשונג, נצחון, אָדער פאַרדרוס. צוקוקענדיג זיך גוט, ווי איינער נעמט איין די קאַרטען, אורטיילט ער, צי יענער קען עס טאָן נאָך אַ מאָל מיט'ן זעלבען פאַרב קאַרטען, שפּילט איינער מיט אַן אָנשטעל, דער־קענט ער עס נאָך דער מינע, ווי אַזוי יענער גיט אַ וואַרף די קאַרט אויפ'ן טיש. אַ צופעליג אָדער נאַכלעסיג וואָרט: אַז עס פאַלט צופעליג אַראָפּ אַ קאַרט, אָדער עס קערט זיך איבער, און מען קימערט זיך דערביי אָדער מען קימערט זיך ניט צו פאַרשטעלען עס, אַז מען זאָל עס ניט באַמערקען: דאָס צעהלען פון די שטי־כען, מיט דעם סדר ווי מען צולעגט זיי: פאַרלעגענהייט, קווענק־לען זיך, היציגקייט אָדער שרעקעדיגקייט — דאָס זיינען פאַר זיין שיינבאַר אינטואיטיווער השגה אַלץ סמנים, וואָס ציינען איהם,

וואו די ריכטיגע לאַגע האַלט. די ערשטע צוויי־דריי גאַנגען אָפּ־געשפּילט, ווייסט ער שוין, וואָס יעדערער האָט אין האַנט, און פון דאַן אָן לייגט ער אַרויס זיינע קאַרטען מיט אַזאַ אַבסאָלוטער געטרייאַינקייט פון צוועק, גלייך ווי די איבעריגע פון דער קאָמפּאַ־ניע וואָלטען אויסגעקערט צו איהם זיינע קאַרטען.

די אַנאַליטישע קראַפט זאָל מען ניט צעמישען מיט איינפאַ־כער שאַרפזיניגקייט, וואָרום בעת דער אַנאַליטיקער איז נויטווענ־דיגערווייז שאַרפזיניג, איז אָבער דער שאַרפזיניגער מענש אָפט מערקווירדיג אומפעהיג צו אַנאַליזירען. די קאָנסטרוקטיווע אָדער קאָמבינירענדע קראַפט, דורך וועלכער שאַרפזיניגקייט ווייזט זיך געוועהנליך אַרויס, און פאַר וועלכער דער פרענאָלאָג (איך גלויב, אַז דורך אַ טעות) האָט באַשטימט אַ באַזונדער אָרגאַן, זיך פאַר־שטעלענדיג אַז דאָס איז אַ פּרימיטיווע פעהיגקייט, האָט זיך אַזוי אָפט אַרויסגעזעהן ביי יענע, וועמעס אינטעלעקט האָט אין אַנ־דערע אופנים זיך געגרענעצט מיט אידיאָטסטווע, אַז דאָס האָט צוגעצויגען די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט פון שרייבער איבער מאָראַל־פילאָזאָפיע. צווישען שאַרפזיניגקייט און אַנאַליטישער פעהיגקייט איז ווירקליך דאָ אַ פיעל גרעסערער אונטערשייד, ווי צווישען דעם איינבילדען זיך און דעם פאַרשטעלען זיך, אָבער פון אַ זעהר שטאַרק אַנאַלאָגישען כאַראַקטער. מען קען אין דער אמת'ן אויסגעפינען, אַז די שאַרפזיניגע זיינען אימער איינגעביל־דעט, און די מענשען וואָס זיינען אמת רייך אין פאַרשטעלונגען, זיינען אימער נאָר אַנאַליטיש.

די דערציעהלונג, וואָס קומט דאָ איצט וועט אויסזעהן פאַר'ן לעזער אַזוי ווי אַ מין פירוש אויף די נאָר־וואָס אַרויסגעבראַכטע פּראָפּאָזיציעס.

דעם פריהלינג און אַ טייל פון זומער פון יאָהר ——— 18, וואָס איך האָב געוואוינט אין פּאַריז, האָב איך געשלאָסען באַ־קאַנטשאַפט מיט אַ מאָסיע אָגיוסט דיופּען. דער דאָזיגער יונ־גער מאַן האָט געשטאַמט פון אַ גרויסאַרטיגער, ווירקליך פון אַ חשוב'ער משפחה, נאָר איבער פאַרשיידענע אומגינסטיגע אומ־שטענדען, איז ער אַזוי פאַראָרימט געוואָרען, אַז די ענערגיע פון זיין

כאראקטער איז באגראבען געווארען אונטער דער אָרימקייט, און ער האָט אויפגעהערט צו טאָן עפּעס פאַר זיך אויף דער וועלט אָדער צו קימערען זיך וועגען צוריקקריגען זיין פאַרמעגען. דורך דער גוטס־קייט פון זיינע קרעדיטאָרען איז פאַר איהם איבערגעבליבען אַ קליין רעשטעל פון זיין ירושה, און מיט'ן איינקונפט, וואָס דאָס האָט איהם אריינגעטראָגען, האָט ער, שטאַרק עקאָנאָמיזירענדיג, באוויזען דורכצושלאָגען זיך דאָס וויכטיגסטע, וואָס מען דאַרף אין לעבען, ניט קימערנדיג זיך וועגען מותרות. ביכער, דאָס איז ווירקליך געווען זיין איינציגער לוקסוס, און אין פאַריז קען מען זיי ליכט קריגען.

דאָס ערשטע מאָל האָבען מיר זיך געטראָפען אין אַ פינסטע־רער ביבליאָטעק אויף דער מאָנטמאַרטר־גאַס, וואו דער צופאַל, וואָס מיר ביידע האָבען געזוכט אַ זעהר זעלטען און זעהר מערק־ווירדיג בוך, האָט אונז געבראַכט אין ענגערער פאַרבינדונג. מיר האָבען געזעהן זיך ווידער אַמאָל און אַבער אַ מאָל. איך בין טיף פאַראינטערעסירט געווארען אין דער קליינער פאַמיליען־געשיכטע, וועלכע ער האָט מיר דערצעהלט מיט אַלע איינצעלהייטען, מיט דער גאַנצער אָפענהערציגקייט, וואָס אַ פראַנצויז ווייזט ארויס, ווען עס האַנדעלט זיך נאָר וועגען דער אייגענער פערזאָן. איך בין אויך דערשטוינט געווארען זעהענדיג, ווי שטאַרק אָנגעלעזען ער איז, און מעהר פון אַלעס, האָב איך געפיהלט, ווי מיין נשמה ווערט אין מיר אָנגעצונדען פון דעם ווילדען ברען און דער לעבעדי־גער פרישקייט פון זיין פאַנטאַזיע. זוכענדיג אין פאַריז די צוועק־קען, וואָס איך האָב דאָן געזוכט, האָב איך געפיהלט, אַז די געזעל־שאַפט פון אַזאַ מאַן וועט זיין פאַר מיר אַן אומשאַצבאַרער אוצר, און דאָס דאָזיגע געפיהל האָב איך איהם אָפען פאַרטרויט. צום סוף איז אָפּגעמאַכט געווארען, אַז מיר זאָלען וואוינען צוזאַמען די צייט, וואָס איך דאַרף זיין אין שטאָט: און אַזוי ווי מיינע מאַטעריעלע אומשטענדען זיינען געווען עטוואָס ווענינער צרה'דיג, ווי זיינע, האָב איך מיר ערלויבט דאָס פאַרגעניגען צו דינגען אַ דירה, און אויסמעבלירען זי אין אַ סטיל, ווי עס האָט געפּאַסט פאַר דער העכסט פאַנטאַסטישער געדריקטער שטימונג פון אונ־

זער ביידען'ס טעמפּעראַמענט, אַ חרוב'דיג און משונה'דיג הויז, וואָס איז שוין לאַנג פאַרלאָזען געוואָרען איבער אַבערגלויבענס, וועגען וועלכע מיר האָבען זיך ניט געקימערט נאָכצופרעגען, און וואָס האָט געהאַלטען ביי איינפאַלען, אין אַ פאַרוואָרפענעם און איינזאַמען טייל פון דער פאַרשטאָט סט. זשערמען.

וואָלט די וועלט געוואוסט פון דער רוטינע פון אונזער לעבען, וואָלטען מיר באַטראַכט געוואָרען פאַר משוגעים, כאָטש, אפשר, פאַר ניט קיין געפעהרליכע משוגעים. מיר זיינען געווען פאָל־שטענדיג אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. מיר האָבען קיינעם ניט אַריינגעלאָזען צו אונז. ווירקליך, דעם אָרט פון אונזער צוריק־געצויגענקייט האָב איך געהאַלטען שטאַרק בסוד אפילו פון מיינע פריהערדיגע באַקאַנטע, און ס'איז שוין אַ סך יאָהרען געווען, ווי דיופּען האָט אויפגעהערט צו קענען וועמען אָדער צו זיין באַקאַנט אין פּאַריז. מיר האָבען עקזיסטירט נאָר אין אונז גופא.

עס איז געווען אַ שגעון ביי מיין פריינד (וואָרום ווי אַנדערש זאָל איך עס רופען?) צו זיין פאַרליבט אין דער נ א כ ט, פאַר־ליבט לשמה, און אין דער דאָזיגער זונדערבאַרקייט, פונקט ווי אין אַלע אַנדערע זונדערבאַרקייטען זיינע, בין איך שטיל אַריינגעפאַ־לען, איבערגעבענדיג זיך צו זיינע ווילדע קאַפּריזען מיט אַ פול־שטענדיגער גלייכגילטיגקייט. די פינסטערע געטליכקייט האָט ניט אימער גערוהט מיט אונז, אָבער מיר האָבען געקענט פעלשען איהר אַנוועזענהייט. אַ בליאַסק אויף טאָג, אַזוי פלעגען מיר גלייך פאַרמאַכען די אַלע שווערע לאַדענס פון אונזער אַלטע געביידע; האָבען אַנגעצונדען אַ פּאָר חלב'נע ליכטלאַך, וועלכע, שטאַרק שמע־קענדיג, האָבען געוואָרפען נאָר די בלייכסטע און שוואַכסטע שטראַ־לען. וואָס מען קען זיך פאַרשטעלען. מיט דער הילף פון אָט די ליכטלאַך האָבען מיר דאַן באַשעפטיגט אונזערע זעלעם מיט טרוי־מען — געלייענט, געשריבען אָדער געשמועסט, ביז דער זייגער האָט אונז אַנגעזאָגט, אַז די אמת'ע פינסטערניש קומט אָן. דאַן האָבען מיר זיך אַרויסגעלאָזט אין די גאַסען, אָרעם אין אָרעם, פאָרטזעצענדיג די געשפּרעכען פון טאָג, אָדער אַרומשליאָנדיג זיך ווייט און ברייט ביז שפּעט אין דער נאַכט, זוכענדיג צווישען

די ווילדע ליכט און שאטענס יענע אומענדליכקייט פון גייסטיגער התפעלות, וואס רוהיגע באאבאכטונגען קענען געבען.

אין אזעלכע צייטען האב איך ווילענדיג ניט־ווילענדיג געמוזט באמערקען און באוואונדערן (באטש פון דער דאזיגער רייכער אידעאליטעט בין איך געווען גרייט עס צו ערווארטען) א מאדנע אנאליטישע פעהיגקייט אין דיופען׳ען. עס האט אויסגעזעהן, אז ער אויך האט שטארק הנאה, אויב ניט גאר צו ארויסווייזען דאס, איז צו פראקטיצירען דאס, און ער האט גארניט געלייקענט, אז ער האט דערפון הנאה. ער האט זיך פאר מיר באריהמט, מיט א שטילען איינגעהאלטענעם געלעכטער, אז פאר איהם טראגען דאס רוב מענשען פענסטער אין זייערע הערצער, און ער פלעגט באשטעטיגען אזעלכע באהויפטונגען מיט דירעקטע און העכסט־דערשטוינענדע באווייזען, וויסענדיג מיינע פארבארגענסטע זאכען. זיין האלטען זיך אין די דאזיגע מאמענטען איז געווען קאלט און אבסטראקט: זיינע אויגען האט געפעהלט אויסדרוק, און זיין שטימע, אזוי א רייכער טענאר, האט זיך פארריסען אין א סאפראן, וואס וואלט געקלונגען חוצפה׳דיג, ווען ניט די מיושב׳דיגקייט און קלארקייט פונ׳ם אויסדרוק. באאבאכטענדיג איהם אין דער דאזיגער שטימונג, האב איך אפט נאכדענקענדיג זיך אפגעשטעלט אויף דער אלטער פילאזאפיע פון דער צוויי־פאכיגער זעלע, און האב מיך אמוזירט מיט דער פארשטעלונג פון א טאפעלטען דיופען — דעם שאפענדען און דעם אויפלעזענדען.

זאל מען זיך ניט משער זיין פון דעם וואס איז ערשט געזאגט געווארען, אז איך דערצעהל דא עפעס א געהיימנים אדער טראכט אויס עפעס א מעשה. דאס וואס איך האב באשריבען אין דעם פראנצויז, איז געווען בלויז דער רעזולטאט פון א אויפגערעגטען, אדער אפשר פון א קראנקהאפטען פארשטאנד. נאר אום צו האבען א בעסערען באגריף, ווי אזוי ער פלעגט טרעפען זאכען, וויל איך דא בעסער ברענגען א ביישפיל.

איינמאל ביינאכט האבען מיר געשפאצירט איבער א לאנגער שמוציגער גאס, ארום דער „פאלע ראיאל“. אזוי ווי מיר זיינען ביידע, מסתמא, געווען פארנומען מיט אונזערע געדאנקען, האט

קיינער פון אונז ניט ארויסגערעדט קיין איין זילבע, וועניג־סטענס פאר פופצעהן מינוטען צייט. פלוצלונג האט דיופען א זאג געטאן:

— ער איז זעהר א קליינער יונג, דאס איז אמת, און ער וואלט בעסער געפּאסט פאר'ן „טעאטער דע וואריעטע".

— עס קען קיין שום צווייפעל אין דעם ניט זיין, — האב איך געענטפערט ניט־וויסענדיג, און צוערשט גארניט באמערקענדיג (אזוי שטארק בין איך געוועז ארייגעטאן אין מיינע רעיונות) דעם אויסערגעוועהנליכען אופן, ווי אזוי דער רעדנער האט זיך אריינגעריסען אין מיינע געדאנקען. אין אן אויגענבליק בין איך צו זיך געקומען, און מיין דערשטוינונג איז געוועזן טיף.

דיופען! — האב איך ערנסט זיך אנגערופען — דאס קען איך שוין גארניט פארשטעהן. וואס זאל איך לייקענען, איך בין איבערראשט, און איך קען קוים גלויבען מיינע חושים. ווי אזוי איז דאס מעגליך געווען, דו זאלסט וויסען, אז איך טראכט וועגען — ?

דא האב איך זיך אפגעשטעלט, אום צו דערגעהן אהן א שום ספק, צו ער האט ווירקליך געוואוסט, וועגען וועמען איך האב געטראכט.

— וועגען שאנטילי, — האט ער געזאגט, — וואס האסטו זיך אפגעשטעלט? דו האסט אליין באמערקט צו זיך, אז זיין פּיצינקע פיגור קליידט איהם ניט פאר טראגעדיע.

דאס איז טאקע געוועזן דער ענין, וועגען וואס איך האב געטראכט. שאנטילי איז געוועזן פריהער א שוסטער אויף דער גאס סט. דעני, און דערנאך, ווערענדיג משוגע פאר דער ביהנע, האט ער פּרובירט שפּילען די ראליע פון קסערקסעס אין קרעבילאָנ'ס אזוי־גערופענער טראגעדיע, און איז ווייט און ברייט אויסגעלאכט געווארען פאר זיין מאטערן זיך.

— זאג מיר אויס, אום הימעל'ס ווילען, — האב איך אויסגעשריען, — די מעטאדע, אויב דא איז א מעטאדע, ווי אזוי האסטו געקענט ארויפלאזען זיך טיף אין מיין נשמה וועגען אט דעם ענין?

פאַקטיש בין איך געווען זאַגאַר מעהר איבערראַשט, ווי איך וואָלט עס געקענט אויסדריקען.

— דאָס איז געווען דער פּרוכט־הענדלער, — האָט מיין פריינד געענטפערט. — וואָס האָט דיך געבראַכט צום שלוס, אַז דער וואָס פאַררייכט פאַרשוועס איז ניט גענוג די הויך פאַר קסער־קסעס et id genus omne

— דער פּרוכט־הענדלער! דו דערשטוינסט מיך! איך ווייס גאַרניט פון קיין פרוכט־הענדלער.

— דער מאַן, וועלכער איז אַנגעלאָפען אויף דיר, בעת מיר זיינען אַריין אין דער גאַס. דאָס האָט געמוזט זיין מיט אַ פופ־צעהן מינוטען פריהער.

איצטער האָב איך זיך דערמאַנט, אַז ווירקליך אַ פרוכט־הענדלער, טראָגענדיג אויף׳ן קאָפּ אַ גרויסען קאָרב עפּעל, האָט שיער מיך ניט אומגעוואָרפען על פּי סיבה, בעת מיר זיינען אַריבער פון דער גאַס ס——— אויף דער גאַס, וואו מיר זיינען געשטאַנען; אָבער וואָס האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט שאַנטילי׳ן, דאָס האָב איך ניט געקענט פאַרשטעהן.

עס איז ניט געווען קיין ברעקעל שאַרלאַטאַנסטווע אין דיו־פּען׳ן.

— איך וועל דערקלערען, — האָט ער געזאָגט, — און כדי דו זאָלסט אַלץ קלאָר פאַרשטעהן, וועלען מיר אַפריהער איבער־געהן דעם גאַנג פון דיינע געדאַנקען, פון דער רגע אָן, וואָס איך האָב גערעדט צו דיר ביז דער באַגעגעניש מיט׳ן פרוכט־הענדלער, וועגען וועלכען עס האַנדעלט זיך דאָ. די גרעסטע רינגעלאַך פון דער קייט לויפען אַזוי: שאַנטילי, אָריאָן, דר. ניקאָלס, עפּיקורוס, סטערעאָטאָמיע, די שטיינער פון גאַס, דער פרוכט־הענדלער.

עס זיינען דאָ ווייניג מענשען, וואָס האָבען ניט ווען עס איז אין זייער לעבען געהאַט דאָס פאַרגעניגען צו איבערגעהן די טריט, דורך וועלכע עס זיינען דערגרייכט געוואָרען באַזונדערע שלוסען פון זייערע אייגענע געדאַנקען. דאָס איז אַן אַרבייט, וואָס איז אָפט פול מיט אינטערעס, און דער וואָס פּראָבירט עס צום ערשטען

מאָל, איז דערשטוינט דורך דעם אויגענשייליך גרענעצלאָזען שטח און אומצוזאַמענהאַנג צווישען דעם אָנהויב־פּונקט און דעם ציל. היינט ווי גרויס האָט געמוזט זיין מיין איבערראַשונג, ווען איך האָב געהערט דעם פראַנצויז רעדענדיג דאָס וואָס ער האָט ערשט געזאָגט, און ווען איך האָב געמוזט באַשטעטיגען, אַז ער האָט געזאָגט דעם אמת. ער האָט גערעדט ווייטער:

— מיר האָבען גערעדט פון פערד, אויב איך געדענק עס ריכטיג, פּונקט איידער מיר האָבען פאַרלאָזען די גאַס ם———. דאָס איז געווען דער לעצטער ענין, וועגען וועלכען מיר האָבען גערעדט. ווען מיר זיינען אַריבער אין דער אַנדער גאַס, האָט אַ פרוכטהענדלער מיט אַ גרויסער קאָרב אויף זיין קאָפּ, אַ שאַר טוענדיג זיך שנעל פאַרביי אונז, אַ וואָרף געטאָן דיך אויף אַ קופּע ברוקשטיינער, אָנגעלעגט אויף אַ פּלאַץ, וואו מען האָט געהאַלטען אין פאַררריכטען דעם ברוק. דו האָסט אַרויפגעטראָטען אויף איינס פון די צעוואָרפענע שטיקלאַך, האָסטו זיך אויסגעגליטשט, לייכט אַ לונק געטאָן דיין קנעכעל, האָסט אויסגעזעהן צו זיין געערגערט אָדער ברוגז, האָסט אַרויסגעמורמעלט עטליכע ווערטער, אַ קער געטאָן זיך אַ קוק צו געבען אויף דער קופּע, און דאַן ביסטו זיך ווייטער געגאַנגען שטיל דיין וועג. איך בין ניט געווען באַזונדערס אויפמערקזאַם צו דעם, וואָס דו האָסט געטאָן, אָבער די לעצטע צייט איז ביי מיר געוואָרען אַ מין נויטווענדיגקייט צו באָאַבאַכטען.

— דו האָסט געהאַלטען דיינע אויגען צו דער ערד, קוקענדיג מיט אַ בייזען אויסדרוק אויף די לעכער און שפּאַלטען אין דעם ברוק (אַזוי, אַז איך האָב געזעהן, דו טראַכסט נאָך פון די שטיינער), ביז מיר זיינען אָנגעקומען צו אַ קליין געסעל, וואָס רופט זיך לאַמאַרטין, וואָס איז געווען פאַר אַן עקספּערימענט געברוקירט מיט קלעצלעך, צוגעפּעסטיגט איינע אויף די אַנדערע. דאָ האָט דיין פּנים אויפגעשיינט, און באַמערקענדיג ווי דיינע ליפּען באַוועגען זיך, האָב איך קיין שום צווייפעל ניט געהאַט, אַז דו האָסט אַרויסגעמורמעלט דאָס וואָרט „סטערעאָטאָמיע“, אַ טערמין, מיט וועלכען מען רופט כלומר׳שט אַזי דעם סאָרט ברוק. איך

האָב געוואוסט, אַז דו האָסט ניט געקענט זאָגן צו זיך „סטערנע־אַטאָמיע“, ניט טראַכטענדיג אַ פריהער וועגן אַטאָמען, און אויף אַזאַ אופן שוין אויך פון די טעאָריעס פון עפּיקורוס; און אַזוי ווי, בעת מיר האָבען דיסקוטירט דעם דאָזיגען ענין ניט לאַנג צוריק, האָב איך דיר דערמאָנט, ווי מערקווירדיג, דאָך ווי וועניג באַמערקבאַר, די אומבאַשטימטע השערות פון יענעם נאָבעלען גריך זיינען באַשטעטיגט געוואָרען אין דער שפּעטערדיגער נעבולאַרער קאָסמאָגאָניע, האָב איך געפיהלט, אַז דו האָסט ניט געקענט אויסמיידען ניט ווענדענדיג דיינע אויגען אַרויפצוצו, צום גרויסען נעבעל־פלעק אין דעם אָריאָן, און איך האָב געוויס ערוואַרט, אַז דו וועסט אַזוי טאָן. דו האָסט אַרויפגעקוקט, און איך בין איצט געווען זיכער, אַז איך האָב פּינקטליך נאָכגעפאָלגט דיינע טריט. אָבער אין יענער ביטערער טיראַדע אויף שאַנטילי, וואָס איז ערשינען אין נעכטיגער „מיוסע“, האָט דער סאַטיריקער, מאַכענדיג איניגע שענדליכע אַנצוהערענישען אויף דעם וואָס דער שוסטער האָט געענדערט דעם נאָמען שפּילענדיג די טראַגעדיע, ציטירט אַ לאַטיינישע שורה, וועגען וועלכער מיר האָבען אָפט גערעדט. איך מיין די שורה Perdidit antiquum litera prima sonum. איך האָב דיר געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אין באַצוג צו אָ ר י אָ ן, וואָס פלעגט פריהער געשריבען ווערען א ו ר י אָ ן; און פון געוויסע שטעכעדיגע אַנצוהערענישען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער דאָזיגער דערקלערונג, האָב איך געוואוסט, אַז דו האָסט דאָס ניט געקענט פאַרגעסען. עס איז דאַרום געווען קלאָר, אַז דו וואָלסט ניט פאַרפעהלען צו פאַרבינדען די צוויי באַגריפען פון אָריאָן און שאַנטילי. אַז דו האָסט זיי פאַרבונדען, דאָס האָב איך געזעהן אַן דעם אופן פון דעם שמייכעל, וואָס איז דורכגעגאַנגען איבער דיינע ליפּען. דו האָסט געטראַכט וועגען דעם קרבן פון דעם אָרימען שוסטער. ביז אַהער ביזטו געגאַנגען איינגעבויגען, אָבער דערנאָך האָב איך געזעהן, ווי דו האָסט זיך אויסגעצויגען אין דיין פולען וואוקס. איך בין דאַן געווען זיכער, אַז דו האָסט געטראַכט וועגען דער פּיצינקער פיגור פון שאַנטילי. דאָ האָב איך איבערגעהאַקט דיינע געדאַנקען מיט דער באַמערקונג,

היות ער איז טאקע וועהר א קליין מענשעלע אט דער שאנטילי, וואלט ער בעסער געפּאסט פאר׳ן „טעאטער דע װאריעטע“.

ניט לאנג נאכדעם האבען מיר דורכגעקוקט אן אווענט־אויס־גאבע פון דער „גאזעט דע טריביונא“, ערשט די פאלגענדע פּאראַ־גראפען האבען צוגעצויגען אונזער אויפמערקזאמקייט:

„אויסערגעוועהנליכע מארדען. — היינט פריה, ארום דריי א זייגער, זיינען די איינוואוינער פון דעם קווארטאל סט. ראָש אויפגעוועקט געווארען פון שלאף דורך שרעקליכע געשרייען, וואס זיינען געקומען איינס נאכ׳ן אנדערן, ווי עס זעהט אויס, פון דעם פערטען שטאק פון א הויז אויף דער מארג־גאס, וואו, ווי עס איז געוועזען באוואוסט, עס האבען אויסשליסליך געוואוינט איינע א מאדאם ל׳עספּאנאי, און איהר טאכטער מאדמואזעל קאמיל ל׳עספּאנאי. נאך א ביסעל שהיות, צו־ליב דעם פרוכטלאזען פארזוך צו קענען אריינקומען אויפ׳ן גע־וועהנליכען וועג, איז דער טויער אויפגעבראכען געווארען מיט א ברעכשטאנג, און אכט אדער צעהן שכנים זיינען אריין, באגלייט פון צוויי זשאנדארען. די געשרייען האבען דאן אויפגעהערט, אבער ווען די קאמפּאניע האט זיך ארויפגעכאפּט אויפ׳ן ערשטען שטאק, האבען זיך דערהערט צוויי אדער מעהר גראבע שטימען קריגענדיג זיך, און עס האט געשיינט, אז די קולות געהען פון דעם אויבערשטען טייל פון הויז. ווען זיי זיינען ארויף אויפ׳ן צווייטען שטאק, האבען אט די קולות אויך אויפגעהערט, און אלעס איז געווארען לגמרי שטיל. די קאמפּאניע האט זיך צעשפּרייט און איז געלאפען פון צימער צו צימער. אנקומענדיג אין א גרויסען הינטערשטען צימער אויפ׳ן פערטען שטאק (פון וועלכען די טיר איז אויפגעריסען געווארען מיט געוואלד, ווייל זי איז געוועזען פאר־שלאסען־מיט׳ן שליסעל פון אינוועניג), האט מען דארט דערזעהן א בילד, וואס האט יעדען אנוועזענדען אי אויפגעשוידערט אי דערשטוינט.

„די וואוינונג איז געוועזען אין דער ווילדסטער אומארדנונג — דאס מעבעל צעבראכען און צעווארפען אין אלע זייטען. עס איז געוועזען נאר איין בעט־געשטעל, און דאס בעט אליין איז

געווען ארויסגענומען און אוועקגעווארפען אויפ'ן מיטען דיל.
אויפ'ן שטול איז געלעגען א גאל־מעסער, באשמירט מיט בלוט.
אויפ'ן פריפעטשאק איז געלעגען צוויי אדער דריי לאנגע דיקע לא־
קען פון גראהע מענשליכע האר, אויך באשמירט מיט בלוט, און
ווי עס שיינט זיינען זיי געווען אויסגעריסען מיט די ווארצלען.
אויפ'ן דיל האט מען געפונען פיער נאפאלעאנס, אן אויער־רינגעל
פון טאפאז, דריי גרויסע זילבערנע לעפעל, צוויי קלענערע פון
מעטאל־ד'אלזשער, און צוויי זעקלעך, וואו עס איז געלעגען נא־
הענט פון פיער טויזענד פראנק אין גאלד. די שופלאדען פון א
קאמאד, וואס איז געשטאנען אין א ווינקעל, זיינען געווען אפען.
און ווי עס זעהט אויס,בארויבט, כאטש א סך זאכען איז נאך דארט
געבליבען ליגען. א קליינער אייזערנער געלד־שראנק איז געפונען
געווארען אונטער'ן ב ע ט (ניט אונטער'ן בעט־געשטעל). עס
איז געווען אפען, און דער שליסעל האט נאך געשטעקט אין טי־
רעל. דארטען איז קיין זאך ניט געווען, א חוץ עטליכע אלטע
בריעף און אנדערע פאפירען פון קנאפער וויכטיגקייט.

„פון מאדאם ל'עספאנאי האט זיך קיין שום שפור ניט גע־
זעהן; אבער אזוי ווי מען האט באמערקט מאדנע פיעל סאזשע אין
דעם קאמין, האט מען גענומען זוכען אין קוימען, און (ס'איז שווי־
דערליך צו דערצעהלען) דער טויטער קערפער פון דער טאכ־
טער, מיט'ן קאפ אראפ, איז פון דארטען ארויסגעשלעפט געווא־
רען; עס איז אזוי גאנץ וויים ארייגעשטופט געווארען אין דע־
שמאלער לאך. דער קערפער איז געווען גאנץ ווארים. עקזא־
מענירענדיג עס, האט מען באמערקט אין א סך פלעצער אפגע־
שונדען די הויט; קיין צווייפעל, אז דאס איז געקומען פון דעם
וואס מען האט דאס דורכגעשפארט מיט רציחה און ארויסגענומען.
אויפ'ן פנים איז געווען א סך שטארקע דראפען, און אויפ'ן האלז
שווארצע סימנים פון וואונדען און טיף ארייגעלאזענע נעגעל פון
פינגער, אזוי ווי די פארשטארבענע וואלט דערווארגען געווארען
אויף טויט.

„נאך א גרינדליכער אונטערזוכונג פון יעדען טייל פונ'ם הויז,
און מעהר גארנישט געפינענדיג, איז די קאמפאניע אריין אין א

קליינעם געבראָקירטען הויף הינטען פון דער געביידע, וואו עס איז געלעגען דער טויטער קערפּער פון דער אַלטער פרוי, מיט איהר האַלז אַזוי שטאַרק איינגעשניטען, דאָס ביי אַ פאַרזוך אויפצוהויבען זי, איז דער קאָפּ אַרונטערגעפאַלען. דער קערפּער פונקט ווי דער קאָפּ, איז געווען שרעקליך צעקאַליעטשעט — דער קערפּער אַזוי צעקאַליעטשעט, אַז ס׳איז קוים געבליבען אַ סימן פון אַ מענשען.

„צו דער דאָזיגער שוידערליכער געהיימנים, גלויבען מיר, איז נאָך דער מינדסטער שפּור ניטאָ“.

אויפ׳ן אַנדערען טאָג האָט די צייטונג געהאַט צוגעגעבען די דאָזיגע איינצעלהייטען:

„די טראַגעדיע אויף דער מאָרג ג אַ ס. — אַ סך פאַרשוינען זיינען אויסגעפרעגט געוואָרען בנוגע דער דאָזיגער אויסערגעוועהנליכסטער און שוידערליכסטער אַפערע“ (דאָס וואָרט „אַפערע“ האָט נאָך ניט אין פראַנקרייך די לייכטזיניגקייט פון באַדייטונג, וואָס דאָס דריקט ביי אונז אויס), אָבער עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען עפּעס וואָס זאָל וואַרפען אויף דעם ליכט. מיר גיבען דאָ אונטען אַל׳דאָס וויכטיגע עדות־זאָגען וואָס מען האָט אַרויסגעקראָגען.

„פּאַלין דיובורג, אַ וועשעריןן, זאָגט עדות, אַז זי האָט געקענט ביידע פאַרשטאָרבענע פאַר דריי יאָהר צייט, וואַשענדיג פאַר זיי פאַר דער צייט. די אַלטע פרוי און איהר טאָכטער האָבען געשיינט צו לעבען גוט צווישען זיך — זעהר איבערגעגעבען איינע צו דער אַנדערער. זיי זיינען געווען אויסגעצייכענטע צאָהלער. זי קאָן גאָרנישט זאָגען בנוגע זייער אַרט לעבען אָדער זייערע מיטלען. זי רעכענט, אַז מאַדאַם ל. האָט געמאַכט אַ לעבען פון וואָהרזאָגעריי. מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט געקליבען געלט. זי האָט קיינמאָל ניט געטראָפען קיין פערזאָנען אין הויז, בעת זי פלעגט קומען נאָך די גרעט אָדער אָפּברענגען. זי איז זיכער, אַז ביי זיי איז ניט געווען קיין דיענסט. ווי עס שיינט, איז קיין מעבעל ניט געווען אין קיין שום טייל פון דער געביידע, אויסער אויפ׳ן פערטען שטאָק.

„פ י ע ר מ א ר א, א טאבאק־הענדלער, זאגט עדות, אז ער פלעגט פארקויפען צוביסלעד טאבאק און שמעק־טאבאק צו מאדאם ל׳עספאנאי פאר א משך פון נאהענט פיער יאהר. איז געבארען געווארען אין דער נאכבארשאפט, און האט שטענדיג געוואוינט דארטען. די פארשטארבענע און איהר טאכטער האבען באוואוינט דאס הויז, וואו די טויטע קערפערס זיינען געפונען געווארען, פאר איבער זעקס יאהר. פריהער איז דאס געווען פארנומען פון א יוּאוועליר, וועלכער האט ארויסגעגעבען פון זיך די אויבערשטע צימערן צו פארשיידענע פערזאנען. דאס הויז איז געווען דאס אייגענטום פון מאדאם ל. איהר איז ניט געפעלען געווארען, ווי אזוי איהר שכן האלט די וואוינונג, האט זי זיך אליין ארייגעקליבען, ניט וועלענדיג פארדינגען קיים שום טייל. די אלטע פרוי איז געווען קינדעריש. דער עדות האט געזעהן די טאכטער א פינף־זעקס מאל פאר די זעקס יאהר צייט. די צוויי האבען געלעבט א העכסט צוריקגעצויגענעם לעבען — מען האט געזאגט, אז זיי האבען געלט. ער האט געהערט, שכנים פלעגען רעדען, אז מאדאם ל. איז א וואהרזאגעריז — ער האט דאס ניט געגלויבט. ער האט קיינמאל ניט געזעהן א מענש זאל אריין אין הויז, אחוץ די אלטע פרוי און איהר טאכטער, א משרת איינמאל אדער צוויי מאל און א דאקטאר, עפעס א מאל אכט אדער צעהן.

„פיעלע אנדערע פערזאנען, שכנים, האבען עדות געזאגט וועגען דער זעלבער זאך. קיינער האט ניט דערצעהלט וועגען האבען באזוכט דאס הויז. עס איז אויך ניט געווען באקאנט, צי מאדאם ל. און איהר טאכטער האבען עפעס געהאט פארבינדונגען מיט וועמען. די לאדען פון די פאדערשטע פענסטער זיינען זעלטען געווען אפען. די פון די הינטערשטע זיינען אימער געווען צוגעמאכט, מיט דער אויסנאם פון דעם גרויסען הינטערשטען צימער אויפ׳ן פערטען שטאק. דאס הויז איז געווען א גוט הויז — ניט זעהר אלט.

„א י ס י ד א ר מ י ו ס ע, א ז ש א נ ד א ר, זאגט עדות, אז מען האט איהם גערופען צום הויז ארום דריי

א זייגער פּאַרטאָג, און ער האָט געפֿונען אַ צוואַנציק אָדער דריי־סיק פֿאַרשוין ביים טויער, מאַטערנדיק זיך אַריינצוגעהן. ער האָט דאָס ענדליך אויפֿגעבראָכען מיט אַ באַיאָנעט — ניט מיט אַ ברעד־שטאַנג. ער האָט געהאַט קנאַפּ וואָס שוועריגקייט צו עפֿענען דאָס, ווייל עס איז געווען אַ טאָפּעלטער אָדער צוזאַמענגערוקטער טויער, און איז ניט געווען פֿאַרריגעלט ניט אונטען, ניט אויבען. די גע־שרייען האָבען זיך נאָך אַלץ געהערט, ביז דאָס טויער איז אויפֿ־געבראָכען געוואָרען — און דאַן פּלוצלונג אויפֿגעהערט. עס האָט געשיינט צו זיין געשרייען פֿון אַ פּערזאָן (אָדער פּערזאָנען) אין גרויס אַגאָניע — זיי זיינען געווען הויך און צעצויגען, ניט קורץ און שנעל. דער עדות האָט אַלעמען געפֿיהרט אויבען אַרויף. אויפֿ'ן ערשטען שטאָק, האָט ער געהערט צוויי שטימען, הויך און בייז קריגענדיג זיך. — איינע איז געווען אַ גראָבע שטימע, די צווייטע פֿיעל שאַרפֿער, זעהר אַ מאָדנע שטימע. ער האָט געקאָנט דערקענען איינינגע ווערטער פֿון דער ערשטער, וועלכע איז געווען די שטימע פֿון אַ פֿראַנצויז. ער איז געווען זיכער, אַז עס איז ניט געווען די שטימע פֿון אַ פֿרוי. ער האָט געקאָנט כאַפּען די ווער־טער "Sacre" און "Diable" די שאַרפֿע, שניידענדיגע שטימע איז געווען פֿון אַן אויסלענדער. ער איז ניט זיכער, צי עס איז געווען די שטימע פֿון אַ מאַן אָדער פֿון אַ פֿרוי. ער האָט ניט געקאָנט דערגעהן וואָס פֿאַר אַ ווערטער די שטימע האָט געזאָגט, אָבער ער גלויבט, אַז די שפּראַך איז געווען שפּאַניש. דער צו־שטאַנד פֿונ'ם צימער און פֿון די קערפּערס איז געשילדערט געוואָ־רען פֿון דעם דאָזיגען עדות אַזוי ווי מיר האָבען עס נעכטען באַ־שריבען.

„אַנרי דיאַוואַל, אַ שכן, און נאָך דער אַרבייט אַ זילבערשמיד, זאָגט עדות, אַז ער איז געווען איינער פֿון דער קאָמ־פּאַניע, וואָס איז די ערשטע אַריין אין הויז. ער באַשטעטיגט בכלל דאָס וואָס מיוסע האָט געזאָגט. גלייך ווי זיי זיינען אַריין, האָבען זיי צוריק פֿאַרמאַכט די טיר, אום צוריקצוהאַלטען דעם עולם, וואָס איז זעהר שנעל אָנגעלאָפֿען, ניט אַכטענדיג אויף דעם, וואָס עס איז געווען אַזוי שפּעט. דער שאַרפֿער קול, רעכענט דער

עדות, איז געווען פון אן איטאליענער. ער איז זיכער, אז עס איז ניט געווען קיין פראנצויז. ער איז ניט זיכער, אויב עס איז געווען א מאנ'ס שטימע. עס קען זיין, אז עס איז געווען א פרוי'ס. ער איז ניט באקאנט מיט דער איטאליענישער שפראך. ער האט ניט געקאנט כאפּען די ווערטער, אבער פון דער אינטאנאציע איז ער געווען איבערצייגט, אז דער רעדנער איז געווען אן איטאליענער. ער האט געקענט מאדאם ל. און איהר טאכטער. ער האט אפט גערעדט מיט זיי ביידען. ער איז זיכער, אז דער שארפער קול איז ניט געווען קיינער'ס פון די פארשטארבענע.

„אדענהיימער, א רעסטאראטאר. דער דאזיגער האט זיך אליין אנגעשלאגען אלס עדות. אזוי ווי ער רעדט ניט קיין פראנצויזיש, האט מען איהם אויסגעפרעגט דורך א דאלמעטשער. איז א געבארענער פון אמסטערדאם. איז פארביינעגאנגען דאס הויז בעת די געשרייען האבען זיך געהערט. זיי האבען געדויערט עטליכע מינוטען — וואהרשיינליך צעהן. זיי זיינען געווען לאנג און הויך — זעהר אימה'דיג און יאמערליך. ער איז געווען איינער פון די, וואס זיינען אריין אין דער געביידע. האט באשטעטיגט די פריהערדיגע עדות אין אלע הינזיכטען, א חוץ איינם. ער איז זיכער, אז דער שארפער, שניידענדיגער קול איז געווען פון א מאן — פון א פראנצויז. ער האט ניט געקאנט כאפּען די ווערטער, וואס זיינען ארויסגערעדט געווארען. זיי זיינען געווען הויך און שנעל ארויסגערעדט — ניט גלייך — ארויסגערעדט מסתמא אין שרעק און אויך אין צארן. דער קול איז געווען הארט — ניט אזוי שניידענדיג ווי הארט. ער קען עס ניט אנרופען א שניידענדיגע שטימע. דער גראבער קול האט נאכאנאנד געזאגט "sacré", "diable" און איין מאל "Mon Dieu".

„זשול מיניא, א באנקיר, פון דער פירמע „מיניא און די זיהן", פון דער גאס דעלארען. ער איז דער עלטערער מיניא. מאדאם ל'עספאנאי האט געהאט א ביסעל אייגענטום. זי האט געעפענט א קאנטא אין זיין באנק הויז אין פריהלינג פונ'ם יאהר — (מיט אכט יאהר פריהער). האט אפט ארייגעלעגט געלט אין באנק אין קליינע סומען. האט גארנישט ניט ארויסגענו־

מען ביז'ן דריטען טאָג פאַר איהר טויט, ווען זי האָט אַליין אַרויסגענומען די סומע פון פיער טויזענד פראַנק. די דאָזיגע סומע איז אויסגעצאָהלט געוואָרען אין גאָלד, און אַן אַנגעשטעלטער איז געשיקט געוואָרען אַהיים מיט'ן געלט.

„אַדאָלף לעבאָן, אַן אַנגעשטעלטער ביי „מיניאָן די זיהן", זאָגט עדות, אַז אין יענעם טאָג, אַרום האַלבען טאָג, האָט ער באַגלייט מאַדאַם ל'עספּאַנאַי צו איהר וואוינונג, מיט די פיער טויזענד פראַנק, אַריינגעלעגט אין צוויי זעקלעך. ווען ס'איז געעפענט געוואָרען די טיר, איז מאַדמואַזעל ל. אַרויס און צוגענומען ביי איהם פון האַנט איין זעקעל, און דאָס צווייטע זעקעל האָט צוגענומען די אַלטע פרוי. ער האָט זיך דאַן פאַרנייגט און איז אַוועק. ער האָט קיין שום מענשען ניט געזעהן אין גאַס צו יענער צייט. עס איז אַ זייטיגע גאַס —— זעהר פאַרוואָרפען.

„וויליאַם בוירד, אַ שניידער, זאָגט עדות, אַז ער איז געווען איינער פון דער קאָמפּאַניע, וואָס איז אַריין אין הויז. איז אַן ענגלענדער. האָט געוואוינט אין פּאַריז צוויי יאָהר. איז געווען איינער פון די ערשטע אַרויפצוגעהן די טרעפּ. האָט געהערט די קולות קריגענדיג זיך. דער גראָבער קול איז געווען פון אַ פראַנצויז. איניגע ווערטער האָט ער דענסמאָל געכאַפּט, אָבער ער קען זיי איצט אַלע ניט געדענקען. ער האָט אויסדריקליך געהערט "sacré" און "Mon Dieu" אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ קול, אַזוי ווי עטליכע מענשען וואָלטען זיך געשלאָגען — אַ קול ווי מען שלאָגט זיך און מען ראַנגעלט זיך. די שניידענדיגע שטימע איז געווען זעהר הויך — העכער ווי די גראָבע שטימע. ער איז זיכער, אַז עס איז ניט געווען די שטימע פון אַן ענגלענדער. עס האָט געשיינט צו זיין די שטימע פון אַ דייטש. אפשר איז עס געווען אַ פרויען־שטימע. ער פאַרשטעהט ניט קיין דייטש.

„פיער פון די אויבען־אַנגערופענע עדות, ווען מען האָט זיי ווידער גערופען, האָבען עדות געזאָגט, אַז די טיר פון דעם חדר, וואו עס איז געפונען געוואָרען דער קערפּער פון מאַדמואַזעל ל. איז געווען פאַרשפּאַרט פון אינוועניג. בעת די קאָמפּאַניע איז צו־

געקומען. אלץ איז געווען פאלשטענדיג שטיל — קיין שום קרעכץ אדער גערויש. ווען מען האט אויפגעבראכען די טיר, האט מען קיינעם ניט געזעהן. די פענסטער, אי פון דעם הינטערשטען אי פון דעם פאדערשטען צימער, זיינען געווען ארונטערגעלאזען און פעסט צוגעמאכט פון אינווענינ. א טיר צווישען די צוויי חדרים איז געווען פארמאכט, אבער ניט פארשלאסען. די טיר, וואס האט געפיהרט פון פאדער־צימער אין קארידאר אריין, איז געווען פארשלאסען, מיט'ן שליסעל ארייננעשטעקט פון אינווענינ. א קליין צימער אין דער פאדער־זייט פונ'ם הויז, אויפ'ן פערטען שטאק, ביים אנפאנג פון דעם קארידאר, איז געווען אפען — די טיר האלב אפען. דאס דאזיגע צימער איז געווען אנגעפאקט מיט אלטע בעטען, קעסטלעך, א. אז. וו. אט די אלע זאכען האט מען פארזיכטיג ארויסגענומען און ארומגעזוכט. עס איז ניט געווען קיין איין שפאן פון וואסער ניט איז טייל פונ'ם הויז, וואס איז ניט ארומגעזוכט געווארען פארזיכטיג. מען האט מיט בעזימער די קוימענס אויסגעקערט הין און צוריק. דאס הויז איז געווען א פיער שטאקיג מיט דאך־שטיבלעך (מאנסארדעס). א פאל־טיר אויפ'ן דאך איז געווען גאנץ שטארק צוגענעגעלט — עס האט ניט אויסגעזעהן, אז מען זאל עס האבען געעפענט יאהרען־לאנג. די צייט, וואס איז אריבער צווישען דעם הערען די קולות פון די, וואס האבען זיך געקריגט און דעם אויפברעכען פון דער טיר פון צימער, איז פון די עדות אנגעגעבען געווארען פארשיידען. איינינע האבען עס געמאכט אזוי קורץ ווי דריי מינוטען, אנדערע אזוי לאנג ווי פינף. די טיר איז אנגעקומען שווער צו עפענען.

„אלפאנצא גארטשיא, א טויטען־באזארגער, זאגט עדות, אז ער וואוינט אויף דער מארג־גאס. איז א געביר־שיגער פון שפאניען. איז געווען איינער פון דער קאמפאניע, וואס איז אריין אין הויז. אויבען איז ער ניט ארויפגעגאנגען. איז נערווען און ער האט מורא געהאט, אז דאס אויפרעגען זיך וועט איהם שאטען. ער האט געהערט ווי מען האט זיך געקריגט. די גראבע שטימע איז געווען פון א פראנצויז. ער האט ניט געקענט כאפען די ווערטער. די שניידענדיגע שטימע איז געווען פון

אז ענגלענדער — דאס איז ער זיכער. ער פארשטעהט ניט די ענגלישע שפראך, אבער ער אורטיילט דאס נאך דער אינטאנאציע.

„א ל ב ע ר ט א  מ א נ ט א נ י , א צוקערניק, זאגט עדות, אז ער איז געווען פון די ערשטע ארויפצוגעהן די טרעפ. האט געהערט די שטימען, וועגען וועלכע עס רעדט זיך דא. די גראבע שטימע איז געווען פון א פראנצויז. ער האט געכאפט איינ־יגע ווערטער. דער רעדנער האט געשיינט ווען פירצוהאל־טען. ער האט ניט געקענט כאפען די ווערטער פון דער שניידענ־דיגער שטימע. גערעדט שנעל און ניט גלייך. ער דענקט, אז דאס איז די שטימע פון א רוס. באשטעטיגט דאס אלגעמיינע עדות־זא־גען. אליין איז ער אן איטאליענער. האט קיין מאל ניט גערעדט מיט א געבארענעם פון רוסלאנד.

אייניגע עדות, ווען מען האט זיי צוריקגערופען, האבען עדות געזאגט אז די קוימענס פון די אלע צימערן אויפ'ן פיער־טען שטאק זיינען געווען צו שמאל פאר א מענשען דורכצוקריכען. מיט די „בעזימער" האט מען געמיינט די צילינדרישע קער־בארשטען, וועלכע די קוימענקערערס געברויכען. די דאזיגע בארשטען האט מען דורכגעפיהרט היז און צוריק אין יעדען קוי־מען פון הויז. עס איז ניטא קיין הינטער־ארויסגאנג, דורך וואנען אימיצער וואלט געקענט ארונטער־געהן בעת די קאמפאניע איז ארויף די טרעפ. דער קערפער פון מאדמואזעל ל'עספאנאי איז געווען אזוי שטארק אריינגעהאקט אין קוימען, אזש מען האט עס ניט געקענט ארויסנעהמען, ביז וואנען פיער אדער פינף פון דער קאמפאניע האבען ניט צוזאמענגענומען זיך מיט זייערע קרעפ־טען.

„פ א ל  ד י ו מ א , א דאקטאר, זאגט עדות, אז מען האט איהם גערופען ארום באגינען אנצוקוקען די קערפערס. זיי זיינען ביידע דענסטמאל געלעגען אויפ'ן לייווענט פון דעם בעט־געשטעל אין דעם צימער, וואו מאדמואזעל ל. איז געפונען גע־ווארען. דער קערפער פון דער יונגער פרוי איז געווען שטארק צעקלאפט און אפגעשונדען. דער פאקט, וואס מען האט עס אריינ־

געקוועטשט אין קוימען, איז געננג צו דערקלערען פון וואנען דאס
קומט אזוי. דער האלז איז געווען שטארק אפגעשונדען. עס
זיינען געווען עטליכע טיפע דראפען אקוראט אונטער'ן קין, צו־
זאמען מיט א רייה ברוין־בלויע פלעקען, וועלכע זיינען קענטיג
געווען סמנים פון פינגער. דער פנים איז געווען שרעקליך פאר־
ענדערט, און די אויגאפלען ארויסגעסטארטשעט. די צונג איז גע־
ווען ערטערווייז דורכגעביסען. א גרויסע וואונד איז געפונען גע־
ווארען אויף דער פארטיפונג פון דעם מאגען, וואס איז מסתמא
געקומען פון דעם, וואס די קני איז אויף דעם צוגעדריקט געווא־
רען. נאך דער מיינונג פון פ. דיומא איז מאדמואזעל ל'עס־
פאנאי דערווארגען געווארען אויף טויט פון איינעם אדער עטליכע
אומבאקאנטע. דער קערפער פון דער מוטער איז געווען שוידער־
ליך צעקאליעטשעט. אלע ביינער פון דעם רעכטען פוס און ארעם
זיינען מעהר אדער ווייניגער צערדרוזשגעט געווארען. דער ביין
פון לינקען פום צווישען קני און קנעכעל איז געווען שטארק צע־
שפאלטען, און אזוי זיינען אויך געווען די ריפען פון דער לינקען
זייט. דער גאנצער קערפער איז געווען שרעקליך צעקלאפט און
פארענדערט. עס איז אוממעגליך געווען צו זאגען, ווי אזוי זיינען
די וואונדען געמאכט געווארען. א שווערער הילצערנער שטעקען,
אדער א ברייטער אייזערנער שטאנג, א שטול, וואסער ניט איז
גרויסע, שווערע טעמפע וואפען וואלט געקענט ברענגען אזעלכע
רעזולטאטען, אויב זעהר א שטארקער מאן וואלט עס באנוצט. א
פרוי וואלט ניט געקענט אנמאכען אזעלכע וואונדען מיט קיין שום
וואפען. דער קאפ פון דער פארשטארבענער, בעת דער עדות
האט עס געזעהן, איז געווען אינגאנצען אפגעטיילט פון קערפער
און איז אויך געווען שטארק צעשמעטערט. דער האלז איז קענ־
טיג געווען צעשניטען מיט עפעס א שארפען אינסטרומענט —
וואהרשיינליך מיט א גאלמעסער.

„אלעקסאנדער עטיען, א כירורג, איז גע־
רופען געווארען צוזאמען מיט מ. דיומא צו באקוקען די קערפערם.
ער באשטעטיגט דאס עדות־זאגען און די מיינונגען פון מ. דיומא.
„וויטער איז מעהר קיין וויכטיגעס ניט ארויסגעבראכט גע־

וואָרען, כאָטש עס זיינען אויסגעפּרעגט געוואָרען אייניגע אַנדע־רע פּערזאָנען. אַזאַ מיסטעריעזער מאָרד, און אַזוי פאַרפּלאָנטערט אין אַלע זיינע איינצעלהייטען, איז נאָך קיינמאָל ניט באַגאַנגען געוואָרען אין פּאַריז — אויב ס'איז ווירקליך אַ מאָרד איגגאַנצען באַגאַנגען געוואָרען. די פּאָליציי הויבט ניט אָן צו וויסען, וואָס צו טאָן דאָ — אַן אומגעוועהנליכע פּאַסירונג אין אַן אַפּערע פון אַזאַ כאַראַקטער. עס זעהט זיך אָבער ניט קיין שאָטען פון אַ שפּור".

די אָווענט־אויסגאַבע פון דער צייטונג האָט דערצעהלט, אַז די גרעסטע אויפרעגונג קומט נאָך פאַר אין דעם קוואַרטאַל סט. ראָש, אַז דער פּלאַץ, וואו דאָס איז פאָרגעקומען, איז נאָך אַ מאָל פאַרזיכטיג ארומגעזוכט געוואָרען, און מען האָט פון דאָס ניי ארומגעפרעגט עדות, אָבער דאָס אַלעס האָט צו גאָרנישט געפיהרט. אַ פּאָסטסקריפּטום אָבער האָט דערמאָנט, אַז אַדאָלף לע באָן איז ארעסטירט געוואָרען און אריינגעזעצט געוואָרען אין געפענגניש, כאָטש קיין זאַך האָט ניט אויסגעזעהן צו פאַרמישען איהם אין דער געשיכטע, אַחוץ די פאַקטען, וואָס זיינען שוין אָנגעגעבען געוואָרען.

דיופּען האָט געשיינט מאָדנע צו זיין פאַראינטערעסירט אין דעם פאָרשריט פון דער דאָזיגער אַפּערע — אַזוי האָב איך וועניגסטענס געאורטיילט פון זיין האַלטען זיך, ווארים רעדען האָט ער ניט גערעדט. ערשט נאָך דער באַקאַנטמאַכונג, אַז לע באָן איז איינגעשפּאַרט געוואָרען, האָט ער מיך געפרעגט מיין מיינונג יועגען די מאָרדען.

איך האָב בלויז געקאָנט איינשטימען מיט גאַנץ פּאַריז, צו באַטראַכטען דאָס אַלס אומלייזבאַרע געהיימניס. איך האָב קיין שום מיטעל ניט געזעהן, ווי אַזוי עס קען זיין מעגליך צו דער־געהן אַ שפּור פון דעם מערדער.

— מיר דאַרפען ניט אורטיילען וועגען די מיטלען, — האָט דיופּען געזאָגט, — וועדליג אָט די ניט־ממשות'דיגע אונטערזוכונג. די פּאַריזער פּאָליציי, וועלכע איז אַזוי גערימט פאַר איהר שאַרפזין, איז ביטרע, אָבער מעהר נים. עס איז ניטאָ קיין מעטאָדע אין

זייערע האנדלונגען, אחוץ די מעטאדע פון מאמענט. זיי מאכען א גרויסען פאראד פון מאסרעגלען, אבער ניט זעלטען זיינען די דאזיגע מאסרעגלען אזוי שלעכט אנגעווענדט פאר די געפלאנטע צוועקען, אז זיי דערמאנען אן מאסיע זשארדענ'ס שיקען נאך Robe-de-chambre pour mieux ontendre musique. זיין די רעזולטאטען, וואס ווערען דערגרייכט דורך זיי זיינען ניט זעלטען איבערראשענד, אבער מעהרסטענטייל ווערען זיי דערגרייכט דורך איינפאכע פלייסיגקייט און טעטיגקייט. ווען די דאזיגע אייגענשאפטען פעהלען, פאלען דורך זייערע פלענער. ווידאק, צום ביישפיל, איז געווען א גוטער טרעפער און א מענש מיט אויסדויער. אבער זיין אינטעלעקט איז ניט געווען געבילדעט, האט ער כסדר געמאכט טעות'ן דורך דער אינטענסיוויטעט גופא פון זיינע אונטערזוכונגען. ער האט געשעדיגט זיין וויזיאן דורך דעם וואס ער האט זיין צוועק געהאלטען צו נאהענט צו זיך. ער האט אפשר געקענט זעהן איינעם אדער צוויי פונקטען מיט אומגעוועהנליכער קלארקייט, אבער טוענדיג אזוי, האט ער נויטווענדיגערווייז פארלארען פון אויג די זאך אלס א גאנצע. אט אזוי, זעהסטו, איז דא אזא זאך, וואס איז צו טיף. דער אמת איז ניט אלעמאל אין דער טיפעניש. פאקטיש, וואס איז שייך דאס מעהר וויכטיגע וויסען, גלויב איך, אז דער אמת איז באשטענדיג פון אויבען אויף. די טיפקייט ליעגט אין די טאלען, וואו מיר זוכען זי, און ניט אויפ'ן שפיץ בארג, וואו מיר געפינען זי. די אופנים און קוועלען פון דעם דאזיגען מין טעות'ן זיינען גוט טיפיפיצירט אין דער באאבאכטונג פון די הימלישע קערפערם. ווען מען קוקט אויף א שטערען ווארפענדיג אויף איהם בליקען, ווען מען באטראכט איהם פון דער זייט ווענדענדיג צו איהם די אויסווערטיגע טיילען פון דער ר ע ט י נ ע (מעהר מסוגל אויף אויפצונעמען שוואכע איינדריקען פון ליכט ווי די אינוועניגסטע) — קען מען דאן דעם שטערן זעהן קלאר, מען קען מעהר אפשעצען זיין גלאנץ, א גלאנץ, וועלכער ווערט טונקעלער אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל מיר קערען אונזער זעהקראפט א י נ ג א נ צ ע ן צו דעם שטערן. טאקע א גרעסערע צאהל שטראלען פאלען אויפ'ן אויג

אין דעם לעצטען פאל, אבער אין דעם ערשטען איז דא מעהר ראַ־פינירטע פעהיגקייט צו באגרייפען. דורך צופיעל גרינדליכקייט פארפלאָנטערן מיר און שוואכען אָפּ דעם פארשטאַנד; און עס איז מעגליך צו מאַכען, אַז אפילו וועגום אַליין זאָל פארשווינדען פון הימעל דורך אַ צו אויסגעהאַלטענע, צו קאָנצענטרירטע אָדער צו דירעקטע פאָרשונג.

— וואס איז שייך די דאזיגע מאָרדען, מאַ לאָמיר אַליין מאַ־כען אַן אונטערזוכונג פאר זיך, איידער מיר וועלען פאסען אַ מיי־נונג וועגען דעם. אַן אונטערזוכונג וועט אונז פארשאפען פאר־גניגען — (איך האב געטראכט, אַז דאס איז אַ צו מאָדנער אויס־דרוק אין דעם פּרט, אבער איך האב גארנישט געזאגט) — און אחוץ דעם האט לע באָן מיר איינמאל געטאָן אַ טובה, פאר וועלכער איך בין ניט אומדאַנקבאַר. מיר וועלען אריבערגעהן און זעהן דעם פלאַץ מיט אונזערע אייגענע אויגען. איך קען זש——, דעם פאָליציי־פּרעפעקט, און מיר וועלען קיין שוועריגקייט ניט האבען צו קריגען די נויטיגע ערלויבניש.

די ערלויבניש האבען מיר געקראגען, און מיר זיינען גלייך אוועק אויף דער מאָרג־גאס. דאס איז איינע פון די מיזעראַבלע גאסען, וואס האקען זיך אריין צווישען דער רישעליע־גאס און דער גאס סט. ראָש. עס איז געווען שפּעט נאכמיטאג, ווען מיר זיינען אהין אנגעקומען, ווארים דער דאזיגער קוואַרטאל איז זעהר ווייט פון דעם קוואַרטאל, וואו מיר וואוינען. דאס הויז האבען מיר לייכט געפונען, ווארים דאָרטען זיינען נאך אַ סך מענשען גע־שטאַנען און האבען פון אַנטקעגען גאס ארויפגעקוקט צו די פאַר־מאַכטע לאָדענס מיט אַ צוועקלאָזער נייגעריגקייט. עס איז געווען אַ געוועהנליך פּאַריזער הויז, מיט אַ טויער, און אויף איין זייט פון דעם טויער איז געווען אַ באגלאָזטע וואַך־בודקע מיט אַ שיב־פענצל אין'ם פענסטער אָנצייגענדיג אַ Loge de coucierge. איידער מיר זיינען אריין אינוועניג, זיינען מיר אוועק ארויף־גאס, האבען זיך פארקירעוועט אין אַ זייטיג געסעל, און דאַן ווידער אמאָל פארקירעווענדיג זיך, אריין הינטער דער געביידע — דיופען האט דערווייל ארומגעקוקט די גאַנצע נאכבארשאפט, און אויך דאס

הויז מיט דער גענויסטער אויפמערקזאמקייט, וואס איך האב דע־
ריין ניט געקענט זעהן קיין שום מעגליכען צוועק.

געהענדיג צוריק מיט׳ן זעלבען וועג, זיינען מיר צוריקגע־
קומען צום פראנט פונ׳ם הויז, האבען אנגעקלונגען און באוויזען
אונזער ערלויבניש־פאפיר. די אגענטען, וואס האבען געהאט
די אויפזיכט, האבען אונז אריינגעלאזען. מיר זיינען ארויף אויבען
און אריין אין דעם חדר, וואו דער קערפער פון מאדמואזעל ל׳
עספאנאי איז געפונען געווארען, און וואוביידע טויטע זיינען
נאך געלעגען. די אומארדנונג אין צימער האט מען ווי געוועהנ־
ליך נאך איבערגעלאזען. איך האב קיין זאך ניט געזעהן, אחוץ
דאס וואס איז געווען באשריבען אין דער „גאזעט דע טריבונא״.
דיופען האט אלצדינג אויסגעפארשט, אפילו די קערפערס פון די
קרבנות. מיר זיינען דאן אריין אין די אנדערע צימערן און דער־
נאך ארונטער אין הויף. א זשאנדאר האט אונז אומעטום באגלייט.
די אונטערזוכונג האט אונז באשעפטיגט ביז עס איז געווארען
פינסטער, און דאן זיינען מיר אוועק. אויפ׳ן וועג אהיים האט
מיין קאמפאניאן זיך אויף א ווײַלע אריינגעכאפט אין דער רע־
דאקציע פון איינער פון די טעגליכע צייטונגען.

איך האב געזאגט, אז די קאפריזען פון מיין פריינד זיינען גע־
ווען פיעלפאכיג, און אז Je Les menageais ווארים די דאזיגע
פראזע האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין ענגליש. ער האט איצט
אזוי געפיהלט, ניט צו לאזען זיך רעדען וועגען דעם עניין פון דעם
מארד ביז אויף מארגען ארום האלבען טאג. דאן האט ער מיר
פלוצלונג א פרעג געטאן, אויב איך האב באמערקט עפעס זונדער־
בארעס אויפ׳ן פלאץ פון דער רציחה.

עס איז עפעס געווען אין דעם אופן, ווי ער האט באטאנט
דאס ווארט „זונדערבארעס״, וואס האט מיך געמאכט אויפצו־
שוידערן, אליין ניט וויסענדיג פארוואס.

— ניין, גארנישט זונדערבארעס, — האב איך געזאגט, —
ווייניגסטענס, ניט מעהר, וויפיעל מיר האבען ביידע געזעהן באשרי־
בען אין דער צייטונג.

— די „גאַזעט“, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — האָב איך מורא, האָט זיך ניט אַריינגעטראַכט אין דעם אומגעוועהנליכען שווידער פֿון דער זאַך. אָבער לאָמיר ניט רעדען וועגען די פּוסטע מיינונגען פֿון דער דאָזיגער צייטונג. עס שיינט מיר, אַז די דאָזיגע געהיימנים ווערט באַטראַכט אַלס אומלייזבאַר, צוליעב דער זעלבער אורזאַך, וועלכע זאָל זי מאַכען באַטראַכט צו ווערען אַלס זעהר לייזבאַר — איך מיין צוליעב דעם מאָדנעם כאַראַקטער איהרען. די פּאָליציי איז צעמישט, ווייל עס שיינט דאָ ניט צו זיין קיין מאָטיוו, ניט פֿאַר׳ן מאָרד גופא, נאָר פֿאַר דער שווידערליכקייט פֿון דעם מאָרד. זי איז אויך צעמישט פֿון דער באַשיינפּערליכער אוממעגליכקייט צו מאַכען עס זאָל שטימען דאָס וואָס מען האָט געהערט קולות קריגענדיג זיך, מיט׳ן פֿאַקט וואָס מען האָט אויבען קיינעם ניט געפֿונען אַחוץ די דער׳הרג׳עטע מאַדמואַזעל ל׳עספּאַנאַי, און אַז עס איז אוממעגליך געווען אַרויסצוגעהן, ניט באַמערקט צו ווערען פֿון דער קאָמפּאַניע, וואָס איז אַרויף די טרעפּ. די ווילדע אומאָרדנונג פֿון צימער: דער קערפּער, אַריינגעשפּאַרט מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ, אין קוימען; דאָס שרעקליכע צוקאַליעטשען פֿון דער אַלטער פֿרוי׳ס קערפּער: די דאָזיגע אַלע באַטראַכטונגען, מיט די וואָס איך האָב ערשט דערמאָנט, און די אַנדערע, וועלכע איך דאַרף ניט דערמאָנען, זיינען גענוג געווען צו פּאַראַליזירען די קרעפֿטען, מאַכענדיג פֿאַלשטענדיג צונישט די באַריהמערישע שאַרפֿזיניגקייט פֿון די רעגירונגס־אַגענטען. זיי זיינען אַריינגעפֿאַלען אין דעם גרויסען אָבער אַלגעמיינעם טעות פֿון צונאַמענמישען דאָס אומגעוועהנליכע מיט אומפֿאַרשטענדליכען. אָבער טאַקע דורך די אָפּווייכונגען פֿון דעם גראַד פֿון דעם געוועהנליכען שלאָגט דער פֿאַרנונפֿט זיך דורך זיין וועג, אויב דאָס איז בכלל מעגליך, אין זיין זוכען דעם אמת. אין די אונטערזוכונגען, וועלכע מיר מאַכען איצט, דאַרף ניט אַזוי פֿיעל געפֿרעגט ווערען „וואָס האָט פּאַסירט?“, ווי „וואָס האָט אַזוינס פּאַסירט וואָס עס האָט קיינמאָל ביז אַהער ניט פּאַסירט? אין דער אמת, איז די לייכטקייט, מיט וועלכער איך וועל דערגרייכען, אָדער האָב דערגרייכט, די לייזונג פֿון דער דאָזיגער געהיימנים, אין דער דירעקטער פּראַ־

פּארציע פון איהר שיינבאַרער אומלייזבארקייט אין די אויגען פון דער פּאליציי.

איך האָב אנגעקוקט דעם רעדנער מיט שטומער פארוואונדערונג.

— איך וואַרט איצט, — האָט ער ווייטער גערעדט, קוקענדיג צו דער טיר פון אונזער וואוינונג, — איך וואַרט איצט אויף אַ מענשען, וועלכער האָט אפשר אַליין ניט געטאָן די דאָזיגע הריגות, אָבער איז אַ געוויסער מאָס האָט ער געמוזט זיין פארמישט אין דער רציחה. אין דעם ערגסטען טייל פון די באַגאַנגענע פארברעכענס איז ער וואהרשיינליך אומשולדיג. איך האָף, אַז איך בין גערעכט מיט אָט דער השערה מיינער, ווארים אויף איהר האָב איך געבויט מיין ערוואַרטונג צו לייזען די גאַנצע רעטעניש. איך ערוואַרט דאָ דעם מאַן, דאָ אין צימער, יעדען מאָמענט. עס איז אמת, אַז ער קען ניט קומען אויך, אָבער וואהרשיינליך איז, אַז ער וועט יאָ קומען. וועט ער קומען, וועט מען מוזען איהם פארהאַלטען דאָ. אָט זיינען פּיסטאָלעטען, און מיר ביידע ווייסען, ווי צו געברויכען זיי אין פאַל מען וועט דארפען.

איך האָב גענומען די פּיסטאָלעטען, קוים ווייסענדיג וואָס איך טו, אדער גלויבענדיג וואָס איך הער, און דיופּען האָט זיך פארטגעזעצט, מעהר אויסזעהענדיג, ווי ער וואָלט רעדען צו זיך אַליין. איך האָב שוין גערעדט וועגען זיין אבסטראַקטער מאַניערע אין אַזעלכע מאָמענטען. רעדען האָט ער טאַקע גערעדט צו מיר, אָבער זיין שטימע, כאָטש פאַר קיין פאַל ניט הויך, האָט געהאַט די אינטאָנאַציע, וואָס ווערט אַלגעמיין געברויכט, בעת מען רעדט צו איינעם, וואָס געפינט זיך זעהר ווייט. זיינע אויגען, אָהן אַ שום אויסדרוק, האָבען געקוקט נאָר אויף דער וואַנט.

— אַז די שטימען, וועלכע די קאָמפּאַניע אויף די טרעפּ האָט געהערט קריגענדיג זיך, — האָט ער געזאָגט, — זיינען ניט געווען די שטימען פון די פרויען אַליין, דאָס איז פולשטענדיג באַוויזען געוואָרען פון די עדות. דאָס באַפרייט אונז פון יעדען שום צווייפעל אין דער פראַגע, צי די אַלטע פרוי האָט אפריהער גע־

קענט פטר׳ן די טאַכטער, און דערנאָך באַגעהן זעלבסטמאָרד. איך רעד דאָ וועגען דעם פּונקט פון מעטאָדע וועגען, וואָרים עס וואָלט ניט געווען פאַר מאַדאַם ל׳עספּאַנאַי׳ס כחות אַריינצושפּאַרען איהר טאָכטער׳ס קערפּער אַרויפצוצו אין קוימען, אַזוי ווי מען האָט עס געפונען: און דער אופן פון די וואונדען אויף איהר אייגענעם קערפּער שליסט אינגאַנצען אויס דעם געדאַנק פון זעלבסט־מאָרד. אַלזאָ, איז דאָ באַגאַנגען געוואָרען אַ מאָרד דורך אַ דריטען צד, און די שטימען פון אָט דעם דריטען צד האָט מען דאָס געהערט קריגענדיג זיך. לאָמיר איצטער ערינערן זיך — ניט דאָס גאַנ־צע עדות־זאָגען מכח די דאָזיגע שטימען — נאָר וואָס איז געװען ז ו נ ד ע ר ב אַ ר ע ר אין אָט יענעם עדות־זאָגען. האָסטו באַ־מערקט עפּעס זונדערבאַרעס וועגען דעם?

איך האָב באַמערקט, אַז אין דער צייט וואָס אַלע עדות האָ־בען איינגעשטימט אין דער השערה, אַז די גראָבע שטימע איז געווען פון אַ פראַנצויז, איז אָבער ניט געווען קיין איינשטימיג־קייט מכח דער שאַרפער, שניידענדיגער שטימע, אָדער ווי איינער האָט זי באַצייכענט אַלס האַרטע שטימע.

— דאָס איז דאָך וואָס מען האָט עדות געזאָגט, — האָט דיופּען זיך אָנגערופען, — אָבער ניט די זונדערבאַרקייט פון דעם עדות־זאָגען. דו האָסט גאַרנישט ניט באַמערקט כאַראַקטעריסטי־שעס. דאָך איז דאָרט עפּעס ג ע ו ו ע ז וואָס צו באַמערקען. די עדות, ווי דו זאָגסט, האָבען איינגעשטימט מכח דעם גראָבען קול: דאָ זיינען זיי געווען איינשטימיג. אָבער מכח דעם שניי־דענדיגען קול, איז דאָס זונדערבאַרע ניט דאָס וואָס זיי האָבען ניט איינגעשטימט, נאָר דאָס וואָס בעת אַ איטאַליענער, אַן ענגלענדער, אַ שפּאַניער, אַ האָלענדער און אַ פראַנצויז האָבען געזוכט עס צו שילדערן, האָט איטליכער גערעדט פון דער שטימע ווי פון דער שטימע פ ו ן א ַ ז א ו י ס ל ע נ ד ע ר. איטליכער איז זיכער, אַז דאָס איז ניט געווען די שטימע פון זיינע אייגענע לאַנדס־לייט. איטליכער פאַרגלייכט עס ניט צו דער שטימע פון אַ מענשען פון וואָסער ניט איז פאָלק, מיט וועמעס שפּראַך ער איז באַקאַנט — נאָר אומגעקערט. דער פראַנצויז שטעלט זיך פאָר,

אַז דאָס איז די שטימע פון א שפאניער, און „ער וואָלט אפשר דערקענט איינִיגע ווערטער, ווען ער וואָלט געוועזן באַקאַנט מיט שפּאַניש". דער האָלענדער באַהויפּטעט, אַז עס איז געוועזן די שטימע פון א פראַנצויז; אָבער מיר געפינען, ווי עס ווערט דערקלערט, אַז „אַזוי ווי ער פאַרשטעהט ניט קיין פראַנצויזיש, ווערט אָט דער עדות אויסגעפרעגט דורך אַ דאָלמעטשער." דער ענגלענדער רעכענט, אַז עס איז די שטימע פון א דייטש, און „ער פאַרשטעהט ניט קיין דייטש." דער שפאַניער איז זיכער, אַז דאָס איז געוועזן די שטימע פון אן ענגלענדער, אָבער „ער אורטיילט נאָך דער אינטאָנאַציע" אַליין, „ווייל ער האָט קיין שום ידיעה ניט אין ענגליש." דער איטאַליענער גלויבט, אַז עס איז געוועזן די שטימע פון א רוס, אָבער „ער האָט קיינמאָל ניט גערעדט מיט אַ געבאָרענעם פון רוסלאַנד." נאָכמעהר, א צווייטער פראַנצויז שטימט ניט איין מיט'ן ערשטען, און ער איז זיכער, אַז די שטימע איז געוועזן פון אַן איטאַליענער; אָבער אַזוי ווי ער איז ניט באַקאַנט מיט דער שפּראַך, איז ער ווי דער שפּאַניער „איבערצייגט פון דער אינטאָנאַציע." היינט ווי מאָדנע אומגעוועהנליך יענע שטימע האָט געמוזט ווירקליך זיין, אַז מען האָט וועגען איהר אַזוי פיעל באַהויפּטונגען געקענט אַרויסברענגען! — אַז אין איהרע טענער האָבען אפילו די איינוואוינער פון די פינף גרעסטע טיילען פון אייראָפּאַ ניט געקאָנט דערקענען עפּעס באַקאַנטעס! וועסטו דאָך זאָגען, אַז עס האָט געקענט זיין די שטימע פון אַן אַזיאַט, פון אַן אַפריקאַנער: זיינען ניטאָ קיין סך אַזיאַטען אָדער אַפריקאַנער אין פּאַריז. אָבער ניט לייקענענדיג דעם אויספיהר, וויל איך איצט דיר אויפמערקזאַם מאַכען נאָר אויף דריי פּונקטען. איין עדות באַצייכענט די שטימע, אַז זי איז „גיכער האַרט, ווי שאַרף", צוויי אַנדערע זאָגען, אַז זי איז געוועזן „שנעל און ניט־גלייך". קיין שום עדות האָט ניט דערמאָנט, אַז ער זאָל

דערקענען ווערטער, קלאַנגען וואָס זאָלען עהנליך זיין צו ווער־
טער.

—איך ווייס ניט, — האָט דיופּען ווייטער גערעדט, — וואָס
פאַר אַן איינדרוק איך האָב ביז אהער געקענט מאַכען אויף דיין
איינענעם שכל; אָבער איך וועל זיך ניט קווינקלען צו זאָגען, אַז
ריכטיגע דעדוקציעס, אפילו אַט פון דעם טייל עדות־זאָגען — דער
טייל מכח דער גראָבער און דער שניידענדיגער שטימע — זיינען
אין זיך אַליין גענוג אַרויסצוברענגען אַ פאַרדאַכט, וואָס זאָל ווייי־
זען אַ וועג צו דעם גאַנצען ווייטערדיגען פאָרטשריט אין דער אונ־
טערזוכונג פון דער געהיימניס. איך האָב געזאָגט „ריכטיגע דע־
דוקציעס“, אָבער מיין מיין איז ניט אינגאַנצען אויסגעדריקט גע־
וואָרען. איך האָב געמיינט אינדירעקט אָנצודייטען, אַז די דעדוק־
ציעס זיינען די איינציגע פּאַסיגע, און אַז דער פאַר־
דאַכט וואַקסט פון זיי אומפאַרמיידליך אַרויס אַלס
דער איינציגער רעזולטאַט. וואָס דער פאַרדאַכט איז אָבער, וועל
איך נאָך איצט ניט זאָגען. איך וויל נאָר, דו זאָלסט האָבען אין
זינען, אַז פאַר מיר אַליין איז עס גענוג שטאַרק געוועזען צו געבען אַ
באַשטימטע פאָרמע — אַ געוויסע טענדענץ — צו מיינע אונטער־
זוכונגען אין דעם צימער.

— לאָמיר איצט אין אונזער פאַנטאַזיע זיך אַריבערטראָגען
אין דעם דאָזיגען צימער. וואָס וועלען מיר די ערשטע זאַך דאָ זו־
כען? דעם וועג, ווי אַזוי די מערדער זיינען אַרויס. עס וועט ניט
זיין איבעריג צו זאָגען, אַז קיינער פון אונז גלויבט ניט אין אי־
בערנאַטירליכע פּאַסירונגען. מאַדאַם און מאַדמואַזעל ל'עספּאַנאַי
זיינען ניט פאַרניכטעט געוואָרען פון גייסטער. די וואָס האָבען
עס געטאָן, זיינען געווען בשר ודם'ס און זיי זיינען אַנטלאָפען
אויף אַ נאַטירליכען אופן. היינט ווי אַזוי? גליקליכערווייז איז
דאָ נאָר איין אופן, ווי צו חקירה'ן זיך וועגען דעם פּונקט, און יע־
נער אופן מוז אונז פיהרען צו אַ באַשטימטען באַשלוס. לאָמיר
חוקר ודורש זיין, איינס נאָכ'ן אַנדערן, די מעגליכע וועגען, ווי אַזוי
מען האָט געקענט אַרויס. עס איז קלאָר, אַז די מערדער זיינען גע־
ווען אין דעם צימער, וואו מאַדמואַזעל ל'עספּאַנאַי איז געפונען

געוואָרען, אָדער לכל־הפּחות אין דעם דערבייאיגען צימער, בעת די קאָמפּאַניע איז אַרויף די טרעפּ. אויב אַזוי, איז נאָר אין אַט די צוויי חדרים מוזען מיר זוכען דעם אַרויסגאַנג. די פּאָליציי האָט אויפגעריסען די דילען, די סטעליעס און די ווענט, אין אַלע זייטען. ווען עס וואָלט געווען אַ ג ע ה י י מ ע ר אַרויסגאַנג, וואָלטען זיי עס באַמערקט. אָבער ניט טרויענדיג ז י י ע ר ע אויגען, האָב איך אונטערזוכט מיט מיינע אויגען. הייסט דאָס, אַז ק י י ן געהיימער אַרויסגאַנג איז ניט געווען. ביידע טירען, וואָס פיהרען פון די צימערן אין קאָרידאָר אַריין, זיינען געווען גוט פאַרשפּאַרט, מיט די שליסלען אינוועניג. לאָמיר איצטער אַ קוק טאָן די קוימענס. אָט דורך די קוימענס, כאָטש זיי זיינען פון געוועהנליכער ברייט, אַז אַכט אָדער צעהן פוס איבער'ן פריפּעטשאָק, וועט דאָך ניט קענען דורכגעהן דער קערפּער פון אַ גרויסער קאַץ. אַזוי ווי עס איז פולשטענדיג אוממעגליך אַרויסצוגעהן אויף די אופנים, וואָס זיינען ערשט אָנגעוויזען געוואָרען, מוזען מיר זיך ווענדען צו די פענסטער. דורך די פענסטער פון פאָדערשטען צימער וואָלט מען בשום אופן ניט געקענט אַנטלויפען ניט ווערענדיג באַמערקט פון דעם עולם אין גאַס. אויב אַזוי, האָבען די מערדער ג ע מ ו ז ט אַרויסגעהן דורך די פענסטער פון דער הינטערשטען צימער. איצט אַז מיר זיינען געקומען צו אָט דעם שלוס אויף אַזאַ אומצווייפעלהאַפטען אופן, איז ניט קיין וועג פאַר אונז אַלס פאָרשער צו פאַרוואַרפען עס צוליב די שיינבאַרע אוממעגליכקייטען. עס בלייבט נאָר פאַר אונז צו באַווייזען, אַז די דאָזיגע שיינבאַרע "אוממעגליכקייטען" זיינען אין דער אמת'ן גאָרניט אַזוי.

— עס זיינען דאָ צוויי פענסטער אין דעם צימער. איינס איז ניט פאַרשטעלט פון קיין מעבעל און מען זעהט עס אינגאַנצען. דער אונטערשטער טייל פון'ם אַנדערען פענסטער איז באַהאַלטען פון אויג דורכ'ן קאָפּ פון זעהר אַ שווערען בעט־געשטעל, וואָס איז זעהר האַרט צוגערוקט צו איהם. דאָס ערשטע פענסטער איז געפונען געוואָרען גוט פאַרהאַקט פון אינוועניג. עס האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען, ווען מען האָט אָנגעווענדט די גרעסטע

קרעפּטען צו עפענען עס. אַ גרויסע לאָך איז אויסגעעגבערט געווען מיט אַן עגבער אין דער ראַם צו־לינקס, און זעהר אַ גרויסער נאַגעל איז געפונען געוואָרען דאָרט אַריינגעזעצט במעט ביז׳ן קעפּעל. אַרומקוקענדיג דאַס אַנדער פענסטער האָט מען געזעהן דאָרט אַן עהנליכען נאַגעל אַריינגעשפּאַרט, און אַ שטאַרקער פּאַרזוך אויפצוהויבען די דאָזיגע פענסטער־ראַם איז אויך געווען אומזיסט. די פּאָליציי איז שוין איצט געווען פולשטענדיג זיכער, אַז דורך אָט די ערטער האָט מען ניט געקענט אַרויסגעהן. און *דערפאַר* האָט מען געטראַכט, אַז עס איז גאַנץ איבעריג אַרויסצונעהמען די נעגעל און צו עפענען די פענסטער.

— מיין אייגענע אונטערזוכונג איז געווען עטוואָס מעהר גענוי, און עס איז געווען אַזוי, צוליעב דער אורזאַך וואָס איך האָב ערשט אָנגעגעבען — ווייל איך האָב געוואוסט, אַט דאָ איז דאָס, וואו אַלע שיינבאַרע אוממעגליכקייטען *מוזען* באַוויזען ווערען, אַז אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי גאַרניט אַזוי.

— איך האָב אַלזאָ גענומען דענקען — אַ פּאָסטעריאָרי. די מערדער *זיינען* אַנטלאָפען דורך איינס פון אָט די פענסטער. וויבאַלד אַז אַזוי, האָבען זיי ניט געקענט צוריק פאַרהאַקען די ראַמען פון אינוועניג, אַזוי ווי מען האָט זיי געפונען פאַרהאַקט, — די באַטראַכטונג, וועלכע האָט דורך איהר באַשיינפערליכקייט געמאַכט אַן ענדע צו דער פּאָליציי׳ס פאָרשונג אויף אָט דעם פּלאַץ. דאָך זיינען די ראַמען *געווען* פאַרהאַקט. האָבען זיי סיידען *געמוזט* האָבען די קראַפט אַליין צו פאַרהאַקען זיך. מען האָט ניט געקענט אויסדרעהען זיך פון אָט דעם שלוס. איך בין צוגעגאַנגען צום ניט־פאַרשטעלטען פענסטער, האָב אַרויסגענומען דעם נאַגעל מיט עטוואָס שוועריגקייט, און געוואָלט אויפהייבען די ראַם. זי האָט זיך ניט געלאָזען, ווי איך האָב אַפריהער זיך פאָרגעשטעלט. איצט האָב איך געוואוסט, אַז דאָ געפינט זיך אַ באַהאַלטענע ספּרונזשינע, און אָט די באַשטעטיגונג פון מיין געדאַנק האָט מיך איבערציינגט, אַז מיין פרעמיסע וועניגסטענס איז ריכטיג, ווי מיסטעריעז עס זאָלען ניט זיין די אומשטענדען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט די נעגעל. אַ זאָרגפעלטיגע אונטערזו־

כונג האט גלייך אויפגעדעקט די באהאלטענע ספרונזשינע. איך האב עס א קוועטש געטאן, און צופרידען מיט דער אנטדעקונג, האב איך זיך איינגעהאלטען ניט אויפצוהויבען די פענסטער ראם.

— דערנאך האב איך צוריק אריינגעזעצט דעם נאגעל, און באטראכט דאס אויפמערקזאם. אימיצער זאל ארויס דורכ'ן פענסטער, קען עס צוריק פארמאכען, און די ספרונזשינע וואלט פארהאקט, אבער דער נאגעל וואלט ניט געקענט צוריק אריינגעזעצט ווערען. דער שלוס איז געווען איינפאך, און ווידער באשרענקט אין פעלד פון מיינע אונטערזוכונגען. די מערדער האבען ג ע מ ו ז ט אנטלויפען דורכ'ן אנדער פענסטער. זיך פארשטעלענדיג אלזא, אז די ספרונזשינעס אין יעטווידער ראם זיינען די זעלבע, ווי עס איז וואהרשיינליך געווען, האט ג ע מ ו ז ט געפונען ווערען אן אונטערשייד צווישען די נעגעל, אדער לכל־הפחות צווישען די אופנים פון זייער איינריכטונג. ארויפקריכענדיג אויפ'ן לייוועגט פונ'ם בעט־געשטעל, האב איך אריינגעקוקט איבער'ן קאפ־ברעט, באטראכטענדיג גוט די צווייטע פענסטער־ראם. דורכשפארענדיג מיין האנט הינטער'ן ברעט, האב איך באלד אויסגעפונען און א דריק געטאן די ספרונזשינע, וועלכע, ווי איך האב זיך פארגעשטעלט, האט געהאט איין פנים מיט איהר שכנה. איך האב איצט א קוק געטאן אויפ'ן נאגעל. ער איז געווען פונקט אזוי גראב ווי דער אנדערער, און ווי עס שיינט אויך אריינגעפאסט אויפ'ן זעלבען אופן — אריינגעשלאגען כמעט ביז צום קעפעל.

— דו ווערסט דאך זאגען, אז איך בין געווען צעטומעלט; אבער אויב דו דענקסט אזוי, פארשטעהסטו דאן ניט די טבע פון די אינדוקציעס. איך מוז דיר זאגען, אז איך האב קיין איין מאל קיין טעות ניט געמאכט. דער שפור איז קיינמאל, אויף קיין רגע ניט, פארלארען געגאנגען. עס איז ניט געווען קיין בראך אין קיין שום רינג פון דער קייט. איך האב נאכגעשפירט דעם סעקרעט ביז צו זיין ענדגילטיגען רעזולטאט, און יענער רעזולטאט איז געווען דער נאגעל. איך האב געהאט, זאג איך, פאר זיך אין יעדער הינזיכט דאס אויסזעהן פון זיין חבר אינ'ם

אַנדער פענסטער. אָבער דער דאָזיגער פאַקט האָט לחלוטין ניט געטויגט (ווי אַנטשיידענד ער זאָל ניט אויסזעהן צו זיין), ווען מען פאַרגלייכט עס מיט דעם געדאַנק, אַז אָט דאָ, ביי דעם פּונקט, ענדיגט זיך די שפּור. „עפּעס מוז זיין ניט גלאַט", האָב איך געזאָגט, „מיט דעם נאָגעל". איך האָב עס אָנגעריהרט, און דאָס קעפּעל צוזאַמען מיט אַ פערטעל אינטש פון דעם נאָגעל גופא איז אַרונטערגעפאַלען צווישען מיינע פינגער. דאָס איבעריגע פון'ם נאָגעל איז געבליבען אין דער אויסגעבויערטער לאָך, וואו עס איז געווען איבערגעבראָכען. דער בראָך איז געווען אַן אַלטער (ווארים די ברעגען זיינען געווען פאַרצויגען מיט זשאַווער), און דאָס איז ווי עס שיינט, געמאַכט געוואָרען מיט'ן זעץ פון אַ האַמער, וואָס האָט טיילוויז טיף אַריינגעשלאָגען אין'ם אויבען פון דער אונטערשטער ראַם דעם אויבערשטען טייל פון'ם נאָגעל. איצט האָב איך פאָרזיכטיג צוריק אַריינגעזעצט דעם אויבערשטען טייל אויף'ן זעלבען פּלאַץ, פון וואַנען איך האָב איהם אַרויסגענומען, און די עהנליכקייט צו אַן אמת'ן נאָגעל איז געווען פאָלקאָמען — די לאָך איז ניט געווען קענטיג. אַ דריק טוענדיג די ספּרונזשינע, האָב איך שטיל אויפגעהויבען די ראַם אויף עטליכע אינטשעס: דער קאָפּ האָט זיך אויפגעהייבען, פאַרבלייבענדיג פעסט אין זיין געלעגער. איך האָב פאַרמאַכט דאָס פענסטער, און דער אויסקוק פון'ם גאַנצען נאָגעל איז צוריק געווען פאָלקאָמען.

— די רעטעניש איז דערווייל געלייזט געוואָרען. דער מערדער איז אַנטלאָפען דורכ'ן פענסטער, וואָס צוקאַפּען פון בעט. אַרונטערפאַלענדיג פון זיך אַליין, נאָכדעם ווי יענער איז אַרויס (אָדער אפשר האָט ער עס מיט אַ כיוון צוגעמאַכט), איז עס פאַרהאַקט געוואָרען פון דער ספּרונזשינע, און דאָ האָט די פּאָליציי אַ טעות געהאַט, מיינענדיג, אַז דער נאָגעל האַלט עס, ניט די ספּרונזשינע, און אַזוי איז שוין די ווייטערדיגע אונטערזוכונג באַטראַכט געוואָרען פאַר ניט נויטיג.

— ווייטער איז די פראַגע, ווי אַזוי איז ער אַרונטער. אויף דעם האָב איך געקראָגען אַ צופרידענשטעלענדע דערקלערונג ביי

מיין שפּאַצירגאַנג מיט דיר אַרום דער געביידע. ביי אַ פינף פוס און אַ האַלב פון׳ם פענסטער, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ, לויפט אַ דראָט פון אַ בליץ־אָפּלייטער. פון אָט דער דראָט וואָלט פאַר קיינעם ניט געווען מעגליך צו דערגרייכן דאָס פענסטער גופא. ווען אַריינגעהן איז אָפּגערעדט. איך האָב אָבער באַמערקט, אַז די לאָדענס פון דעם פערטן שטאָק זיינען געווען פון אַ מאָדנעם סאָרט, וואָס די פּאַריזער סטאָליאַרעס רופן פ ע ר אַ ד ע ס — אַ סאָרט לאָדן, וואָס ווערט זעלטן באַנוצט ביי היינטיגען טאָג, אָבער מען זעהט זיי אָפט אויף די אַלטע הייזער אין ליאָן און באָרדאָ. זיי זעהן אויס אַזוי ווי אַ געוועהנליכע טיר (איין איינציגע, ניט קיין פליגעל־טיר) א חוץ וואָס די אונטערשטע העלפט איז געמאַכט אַזוי ווי אַ נעץ אָדער אויסגעאַרבייט אין אָפענע גראַטעס. געבענדיג אַזוי די געלעגענהייט אויסגעצייכענט אָנצוהאַלטען זיך מיט די הענט. אין דעם איצטיגען פאַל זיינען די לאָדענס געווען פולע דריי און אַ האַלב פוס ברייט. ווען מיר האָבען זיי געזעהן הינטען פון הויז, זיינען זיי ביידע געווען ביי האַלב אָפען — דאָס מיינט, זיי זיינען אָפּגעשטאַנען אין גראַדע ווינקלען פון דער וואַנט. עס איז וואַרשיינליך, אַז די פּאָליציי, פּונקט ווי איך, האָט אַרומגעקוקט הינטען דאָס הויז: אָבער אויב אַזוי, קוקענדיג אויף די פעראַדעס אין דער ליניע פון זייער ברייט (ווי זי האָט עס געמוזט טאָן), האָט זי ניט באַמערקט די דאָזיגע גרויסע ברייט גופא, אָדער אַלענפאַלס האָט זי פאַרפעהלט צו נעהמען דאָס רעכט אין אַנבעטראַכט. אין דער אמת, איינמאַל צופרידענשטעלענדיג זיך, אַז דורך דאָנען אַרויסגעהן האָט מען בשום אופן ניט געקענט, האָט זי נאַטירליך שוין געמאַכט דאָ אַן אויבערפלעכליכע אונטערזוכונג. פאַר מיר איז אָבער געווען קלאָר, אַז דער לאָדען, וואָס געהערט צום פענסטער וואָס צו קאָפּען פון בעט, אויב מען וואָלט איהם אינגאַנצען צוגעמאַכט צו דער וואַנט, וואָלט ער געכאַפּט ביי צוויי פוס פון דעם בליץ־אָפּלייטער. עס איז אויך געווען קענטיג, אַז ביי אַן אַנשטרענגונג פון אַ זעהר אומגעוועהנליכען גראַד קרעפטען און קוראַזש, וואָלט מען געקענט פון דער דראָט אַריין דורכ׳ן פענסטער. דערגריי־

כענדיג די דיסטאנץ פון צוויי און א האלב פוס (מיר שטעלט זיך פאר איצט, אז דער לאדען איז אינגאנצען אפען), וואלט א הויבער געקענט שטארק אנהאלטען זיך אן די גראטעס. אפלאזענדיג דאן די דראט, אוועקשטעלענדיג די פיס גלייך צו דער וואנט און אפשפרינגענדיג מיט מוט, וואלט ער געקענט א מאך טאן אזוי דעם לאדען, אז ער זאל זיך פארמאכען, און אויב מיר שטעלען זיך פאר, אז דאס פענסטער איז בשעת מעשה געווען אפען, וואלט ער זיך געקענט אזוי אריינוווארפען אין צימער.

— איך וויל, דו זאלסט האלטען באזונדערס אין זינען, אז איך האב גערעדט פון זעהר אן אומגעוועהנליכען גראד קרעפטען, אלס דורכאוים נויטיג צו זיין ערפאלגרייך אין אזא ריזיקאלישער און שווערער טאט. מיין פלאן איז צו באווייזען דיר, ערשטענס אז די זאך האט מעגליך געקענט דורכגעפיהרט ווערען: אבער צווייטענס און א י ב ע ר ה ו י פ ט, וויל איך, דו זאלסט גוט האבען אין זינען דעם ה ע כ ס ט-א ו י ס ע ר ג ע ו ו ע ה נ ל י כ ע ן, דעם כמעט איבערנאטירליכען כאראקטער פון דער פלינקייט, מיט וועלכער מען האט דאס געקענט דורכפיהרען.

— דו וועסט אהן צווייפעל זאגען, געברויכענדיג די שפראך פון יוריסטען, אז „אום אויסצומאכען מיין קעיס", האב איך בעסער געדארפט אונטערשעצען, איידער צו באשטעהן אויף דער פולער אפשאצונג פון דער אקטיוויטעט, וואס עס פאדערט זיך אין דעם ענין. אזוי פיהרט מען זיך אפשר אין געזעץ, אבער דער פארנונפט פיהרט זיך אנדערש. מיין ענדגילטיגער צוועק איז נאר דער אמת. מיין באלדיגער צוועק איז צו באווייזען דיר די שייכות צווישען די ז ע ה ר א ו מ ג ע ו ו ע ה נ ל י כ ע קרעפטען, וואס איך האב דיר ערשט געזאגט, מיט דער ז ע ה ר מ א ד נ ע ר שניידענדיגער (אדער הארטער) און נ י ט-ג ל י י כ ע ר שטימע, וועגען וועמעס נאציאנאליטעט עס האבען קיין צוויי מענשען זיך ניט געפונען, וואס זאלען איינשטימען, און אין וועמעס אויסדריקען מען האט ניט געקאנט דערקענען קיין שום קלאנג פון א זילבע.

ביי די דאזיגע ווערטער איז אן אומבאשטימטער און האלב-

פארמירמער באגריף פון דעם וואס דיופען האט געמיינט, דורכ־
געפלויגען אין מיין קאפ. איך האב געשיינט צו זיין אויפ'ן ברעג
פון באגרייפען, ניט האבענדיג אבער די קראפט צו באגרייפען,
פונקט אזוי ווי מענשען געפינען זיך צייטענווייז אין א צושטאנד,
אז אט־אט דערמאנען זיי זיך עפעס א זאך, און צום סוף קענען
זיי זיך ניט דערמאנען. מיין פריינד איז אנגעגאנגען מיט זיין
געשפרעך.

— דו זעהסט, האט ער געזאגט, — אז איך האב אריבערגע־
טראגען די פראגע פון דעם אופן ווי מען איז ארויס צו דעם
אופן ווי מען איז אריין. מיין פלאן איז געווען איבערצוגעבען
דעם געדאנק, אז אי ארויס אי אריין איז מען אויפ'ן זעלבען אופן,
אויפ'ן זעלבען פונקט. לאמיר זיך איצט אומקערען צו דעם
וואס טוט זיך אין צימער. לאמיר באטראכטען דאס אויסזעהן דא.
די שופלאדען פון קאמאד, זאגט מען, זיינען צעראבירט געווארען,
באטש פיעלע זאכען זיינען נאך דארט איבערגעבליבען. דער שלום
איז דא א זינלאזער. עס איז ניט מעהר ווי אז השערה — זעהר
א נארישע, און ניט מעהר. ווי אזוי קענען מיר וויסען, אז די
זאכען, וואס זיינען געפונען געווארען אין די שופלאדען, זיינען
אלע, וואס זיינען פריהער געווען אין די שופלאדען? מאדאם ל'־
עספאנאי און איהר טאכטער האבען געלעבט א זעהר צוריקגע־
צויגען לעבען, האבען ניט געזעהן קיין געזעלשאפט, זיינען זעל־
טען וואו געגאנגען, האבען זיך ניט געקימערט ווענען א סך קליי־
דער צו איבערבייטען אויף זיך. די זאכען, וואס זיינען געפונען
געווארען, זיינען ווענינסמענס געווען פון די בעסטע קוואליטעט,
וואס די דאזיגע פרויען האבען נאר געקענט פארמאגען. אויב
א גנב האט וואס גענומען, פארוואס האט ער ניט גענומען דאס
בעסטע, פארוואס האט ער ניט גענומען אינגאנצען? מיט איין
ווארט, פארוואס האט ער איבערגעלאזען פיער טויזענד פראנק
אין גאלד, אום צו באלעסטיגען זיך מיט א פעקעל לייווענט?
דאס גאלד האט מען נ י ט געטשעפעט. כמעט די גאנצע סומע,
וואס מאסיע מיניא, דער באנקיר, האט דערמאנט, איז געפונען
געווארען אין די זעקלעך אויפ'ן דיל. איך וויל דעריבער, דו זאלסט

זיך ארויסשלאגן פון זינען דעם פעהלערהאפטען גראנק וועגען מ א ט י ו ו , וואס איז געבארען געווארען אין די מוחות פון דער פאליציי צוליעב דעם באווייז וואס עדות האבען דערצעהלט וועגען געלט, וואס איז צוגעטראגען געווארען צו דער טיר פון הויז. צוזאמענטרעפונגען, נאך צעהן מאל מעהר מערקווירדיגע ווי אט די (דאס צוטראגען דאס געלט, און דער מארד, וואס איז באגאנגען געווארען אין משך פון דריי טעג איבער דער פערזאן, וואס האט דאס געלט געקראגען) טרעפען מיט אונז אלעמען אין יעטווידער שטונדע פון אונזער לעבען, ניט צוציהענדיג קיין אויפמערקזאמקייט אפילו אויף א ווײלע. צוזאמענטרעפונגען, בכלל, זיינען גרויסע שטרויכעל־שטיינער אין וועג פון יענעם קלאס דענקער, וועלכע זיינען ערצויגען געווארען ניט צו וויסען גארנישט פון דער טעאריע פון וואהרשיינליכקייטען — יענע טעאריע, וועלכער די גלאררייכסטע אביעקטען פון מענשליכער פארשונג האבען צו פארדאנקען פאר די גלאררייכסטע באלויכטונגען. אין דעם איצטיגען פאל, ווען דאס גאלד וואלט געפעהלט, וואלט דער פאקט, דאס וואס מען האט געבראכט דאס גאלד מיט דריי טעג פריהער, באטראכט געווארען אלס עפעס מעהר ווי א צוזאמענטרעפונג. דאס וואלט געווען א באשטעטיגונג פון דער דאזיגער אידעע פון מאטיוו. אבער אונטער די ווירקליכע אומשטענדען פון דער זאך. אויב מיר זאלען אננעמען גאלד פאר'ן מאטיוו פון דער רציחה, מוזען מיר זיך אויך פארשטעלען דעם רוצח פאר אזא גוואלדיגען אידיאט, אז ער זאל האבען אוועקגעווארפען זיין גאלד מיט זיין מאטיוו צוזאמען.

— האלטענדיג איצט כסדר אין זינען די פונקטען, אויף וועלכע איך האב געצויגען דיין אויפמערקזאמקייט — דער מאדנער קול, די אומגעוועהנליכע פלינקייט און די דערשטוינענדע אפוועזענהייט פון מאטיוו און א מארד, וואס איז אזוי זונדערבאר שוידערליך ווי אט דער — לאמיר איצט כאפען א קוק אויף דער הריגה גופא. א פרוי איז דא דערשטיקט געווארען אויף טויט מיט דעם כח פון הענט, און ארויפגעשפארט אין קוימען מיט'ן קאפ אראפ. געוועהנליכע מערדער געברויכען ניט אזעלכע מארד־

מיטלען. ווייניגער ווי אלץ איז מעגליך, אז זיי זאלען פטור ווערען
פון דעם ערמאָרדעטען אויף אזא וועג. אין דעם אופן, ווי מען
האט אריינגעשפארט דעם קערפער אין קוימען, וועסטו דאך צו־
געבען, אז עס איז געווען עפעס א ו י ס ע ר ג ע ו ו ע ה נ ־
ל י ך  מ א ד נ ע — עפעס, וואס שטימט לחלוטין ניט מיט
אונזערע אלגעמיינע באגריפען פון מענשליכער טעטיגקייט, אפילו
ווען מיר זאלען זיך פארשטעלען די טוער אלס די פארדארבענסטע
מענשען. באַרעכען אויך, ווי גרויס עס האט געמוזט זיין די
קראפט, וואס האט געקענט אריינשפארען מיט גוואלד דעם קער־
פער  א ר ו י פ צ ו צ ו  אין אזא לאך, אז די פאראייניגטע
קרעפטען פון עטליכע מענשען איז קוים געגוג געווען ארויסצו־
שלעפען  פ ו ן  א ו נ ט ע ן!

— איצט גיב זיך א קער צו די אנדערע סמנים פון העכסט
וואונדערליכער קראפט, וואס איז דא געברויכט געווארען. אויפ'ן
פריפעטשאק האט מען געפונען דיקע לאקען, זעהר דיקע לאקען,
פון גראהע מענשליכע האר. זיי זיינען געווען אויסגעריסען מיט
די ווארצלען. דו ווייסט דאך, וואס פאר א גוואלדיגען כח מען
דארף האבען, אום ארויסצורייסען אזוי פון קאפ כאטש צוואנציג
אדער דרייסיג האר פאר א מאל. דו האסט פונקט ווי איך גע־
זעהן די לאקען, ווענען וועלכע עס האנדעלט זיך דא. זייערע וואר־
צלען (א שוידערליכער בילד!) זיינען געווען איינגעוואקסען אין
שטיקער פלייש פונ'ם סקאלפ — א סימן מובהק פון דער וואונ־
דער־קראפט, וואס איז אנגעווענדט געווארען אויף אויסצורייסען
מיט'ן ווארצעל אפשר א האלבען מיליאן האר אויף איין מאל.
דער האלז פון דער אלטער פרוי איז ניט געווען בלויז איבערגע־
שניטען, נאר דער קאפ איז לגמרי געווען אפגעהאקט פונ'ם קער־
פער: דער אינסטרומענט איז געווען ניט מעהר ווי א גאל מעסער.
איך וויל, אז דו זאלסט אויך א קוק טאן אויף דער  ב ר ו ט א ־
ל ע ר  גרויזאמקייט פון די דאזיגע מעשים. ווענען די וואונדען
אויפ'ן קערפער פון מאדאם ל'עספאנאי רעד איך דא ניט. מאסיע
דיומא און זיין ווירדיגער קאלעגע מאסיע עטיען האבען דערקלערט,
אז די וואונדען זיינען געמאכט געווארען מיט א טעמפען איינ־

סטרומענט: און אויף אזוי ווייט זיינען די דאָזיגע הערן זעהר געוואַקסן. עס איז קלאָר, אַז דער טעמפּער אינסטרומענט איז געוועזן דער שטיינערנער ברוק אין הויף, אויף וועלכן דער קרבן איז געפאַלען פון פענסטער, וואָס איז צוקאַפּען פון בעט. אָט די אידעע, ווי איינפאַך זי זאָל איצט ניט אויסזעהן, איז ניט איינגעפאַלען דער פּאָליציי צוליב דער זעלבער אורזאַך, וואָס זי האָט ניט באַמערקט די ברייט פון די לאַדענס — ווייל, איבער דער געשיכטע מיט די נעגעל, איז זייער בח־ההשגה הערמעטיש פאַרזיגעלט געוואָרען, ניט צו באַגרייפען די מעגליכקייט, אַז די פענסטער זיינען אינגאַנצען געעפענט געוואָרען.

— נון, אויב צו אָט די אַלע זאַכען, האָסטו ריכטיג באַטראַכט די מאָדנע אומאָרדנונג פון׳ם צימער, זיינען מיר אזוי ווייט אוועק ווי צו קאָמבינירען די באַגריפען פון אַ פלינקייט אַ דערשטוינענדע, אַ קראַפט אַז איבערמענשליכע, אַ גרויזאַמקייט אַ ברוטאַלע, אַ הריגה אָהן אַ מאָטיוו, אַן אויסטערלישקייט אין שוידערהאַפטיגקייט, וואָס איז לחלוטין פרעמד פון מענשליכקייט, און אַ שטימע, פרעמד אין טאָן פאַר די אויערן פון מענשען פון פיעל פעלקער, און עס פעהלט יעדע שום דייטליכע אָדער פאַרשטענדליכע זילבען־בילדונג. אויב אַזוי, וואָס איז דער פּועל־יוצא דערפון? וואָס פאַר אַן איינדרוק האָב איך געמאַכט אויף דיין פאַנטאַזיע?

איך האָב דערפיהלט, אַזוי ווי ווערים וואָלטען מיר איבער׳ן לייב געקראָכען, בעת דיופּען האָט מיך געפרעגט די פראַגע.

— אַ משוגענער, — האָב איך געזאָגט, — האָט דאָס געטאָן, עפּעס אַ ווילדער מאַניאַק, וואָס איז אַנטלאָפען פון דער דערבייאיגער Maison de Santé

— אין מאַנכע הינזיכטען, — האָט ער געזאָגט, — איז דיין אידעע גאָר ניט אויסען וועג. אָבער די שטימען פון משוגעים, אַפילו אין זייערע ווילדסטע פּאַראָקסיזמען, קענען קיינמאָל ניט זיין צוגעגליכען צו דער מאָדנער שטימע, וואָס איז געהערט געוואָרען אויף די טרעפּ. משוגעים קומען אַרויס פון וואָסער ניט איז פאָלק, און זייער לשון, ווי עס זאָל זיך ניט קלעפּען אַ וואָרט

צו א ווארט, האט אימער די פארבינדונג פון זילבען. אויסער־דעם, די האר פון א משוגענעם זעהט ניט אזוי אויס, ווי די וואס איך האלט איצט אין מיין האנט. איך האב ארויסגענומען אט דעם בינטעל האר פון די שטארק פארקוועטשטע פינגער פון מאַ־דאם ל׳עספאנאי. זאג מיר, וואס קלערסטו וועגען דעם?

— דיופען! — האב איך אויסגערופען אינגאנצען דענעוור־ דירט, — אט די האר איז העכסט אומגעוועהנליך, עס איז קיין מ ע נ ש ל י כ ע האר ניט.

— איך האב ניט באהויפטעט, אז דאס איז, — האט ער געזאגט, —אבער איידער מיר וועלען באשליסען אט דעם פונקט, וויל איך זאלסט א קוק טאן אויף אט דער קליינער צייכענונג, וואס איך האב אראפגענומען דא אויפ׳ן פאפיר. עס איז א פאקסי־מילע צייכענונג פון דעם וואס איז אין איין טייל פונ׳ם עדות־זאגען געשילדערט געווארען אלס „טונקעלע וואונדען און סימנים פון טיף איינגעשניטענע פינגער־נעגעל“ אויפ׳ן האלז פון מאדמו־אזעל ל׳עספאנאי, און אין אן אנדער טייל (פון די העררען דיומא און עטיען) אלס א רייה ברוין־בלויע פלעקען, קענטיג די סמנים פון פינגער“.

— דו ועסט באמערקען, — האט מיין פריינד פארטגעזעצט, אויסשפרייטענדיג פאר אונז דאס פאפיר אויפ׳ן טיש, — אז די דאזיגע צייכענונג גיט דעם באגריף פון א פעסטער און זיכערער האנט. עס זעהט זיך ניט קיין שום א פ ו ו י י כ ו נ ג. יעדער פינגער איז געבליבען שטעקען אין לייב — מעגליך ביז׳ן טויט פונ׳ם קרבן — מיט׳ן שרעקליכען נעם, אזוי ווי עס איז גלייך פון אנפאנג ארייגעלאזען געווארען. פרואוו איצטער שטעל אוועק דיינע פינגער, אלע פאר איין מאל, אין די באטרעפענדע אפדרו־קען, ווי דו זעהסט זיי.

איך האב אומזיסט געמאטערט זיך צו טאן דאס.

— מעגליך, מיר גיבען ניט דער זאך אן אומפארטייאישע פראבע, — האט ער געזאגט, — דאס פאפיר איז אויסגעשפרייט אויף אן איינפאכער אויבערפלאך: אבער דער מענשליכער האלז איז צילינדריש. אט איז א שייטעל האלץ, וואס האט כמעט

אזאַ'נ' אומקרייז אזוי ווי דער האלז. וויקעל אַרום די צייכנונג אַרום דעם, און פּרוביר נאכאמאל דעם עקספּערימענט.

איך האָב אזוי געטאָן, אָבער די שוועריגקייט איז געווען נאָך באַשיינפּערליכער ווי פריהער.

— דאָס, — האָב איך געזאָגט, — איז ניט דער צייכען פון אַ מענשליכער האַנט.

— איצטער לייען, — האָט דיופּען געזאָגט, — אָט די שטעלע פון קיוואוויע.

עס איז געווען אַ גענויע אנאַטאָמישע און אַלגעמיין שילדערנדע באַשרייבונג פון דעם גרויסען טונקעל־ברוינעם אַראַנג־אוטאַנג פון די אָסט אינדישע אינזלען. דער גיגאַנטישער וואוקס, די וואונדער־קראַפט און אַקטיוויטעט, די ווילדע רציחה און די אימיטירטע שלעכטע נייגונגען פון אָט די זויג־חיות זיינען פאַר אַלעמען גענוג באַקאַנט. איך האָב גלייך באַגריפען דעם פולען שוידער פון דעם מאָרד.

— די באַשרייבונג פון די פינגער, — האָב איך געזאָגט נאָכדעם ווי איך האָב געענדיגט לייענען, שטימט פּינקטליך מיט דער צייכענונג. איך זעה, אז קיין שום חיה, נאָר אַן אַראַנג־אוטאַנג, פון דעם מין וואָס איז דאָ דערמאָנט, וואָלט ניט געקענט איינגראָבען זיך אזוי מיט די פינגער, אזוי ווי דו האָסט עס אַרונטערגענומען. היינט אָט דער בינטעל טונקעל־ברוינע האָר זעהט אויך אזוי אויס ווי די האָר פון קיוואוויע'ס חיה. אָבער מיר איז ניט מעגליך צו פאַרשטעהן די פּרטים פון אָט דער שוידערליכער געהיימניס. אחוץ דעם, האָט מען דאָך איז פאַרבינדונג מיט דעם געהערט צ ו ו י י שטימען, און איינע פון די איז אָהן שום שאלות געווען די שטימע פון אַ פראַנצויז.

ריכטיג: און דו וועסט זיך דערמאָנען אַן אויסדרוק, וואָס די עדות האָבען כמעט איינשטימיג צוגעשריבען צו אָט דער שטימע, דער אויסדרוק "Mon dieu!" אָט דאָס איז אונטער די אומשטענדען ריכטיג כאַראַקטעריזירט געוואָרען פון איינעם פון די עדות (מאַנטאַני, דער צוקערניק), אַלס אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט אָדער פאַרוואורף. אויף אָט די צוויי ווערטער האָב איך

דערפאר הויפטזעכליך געבויט מיינע האפנונגען צו לייזען אינ־גאנצען די רעטעניש. א פראנצויז האט געוואוסט פון דעם מארד. עס איז מעגליך — ווירקליך, עס איז מעהר ווי ווארשיינליך — אז ער איז ניט געווען שולדיג אין דער גאנצער בלוטיגער גע־שיכטע, וואס איז פארגעקומען. עס קען זיין, דער אראנג־אוטאנג איז פון איהם אנטלאפען. ער האט אפשר איהם נאכגעשפירט ביז'ן צימער, אבער אונטער די אויפרעגענדע אומשטענדען וואס זיינען נאכדעם געשעהן, האט ער איהם בשום אופן ניט געקענט כאפען. ער איז נאך פראנק און פריי. איך וועל זיך ניט האלטען אן די דאזיגע השערות — איך האב קיין רעכט ניט צו רופען זיי אנדערש — ווייל די שאטענס פון די געדאנקען, אויף וועלכע זיי זיינען באזירט, זיינען קוים טיף גענוג צו האבען עפעס א ווער־דע פאר מיין אייגענעם פארשטאנד, און וויבאלד נאך איך קען ניט פרעטענדירען צו מאכען זיי פארשטענדליך פאר אן אנדער'ס שכל. מיר וועלען זיי אלזא רופען השערות און רעדען פון זיי אלס אזעלכע. אויב דער פראנצויז, וועגען וועלכען עס האנדעלט זיך דא, איז ווירקליך, ווי איך שטעל זיך פאר, ניט שולדיג אין דער דאזיגער רציחה, וועט אט די אנאנסע, וואס איך האב נעכ־טען ביינאכט, ווען מיר זיינען אהיימגעגאנגען, איבערגעלאזען אין דער רעדאקציע פון „דע מאנד" (א צייטונג, וואס גיט זיך אפ מיט שיף־אינטערעסען און וועלכע ווערט געלייענט פון מאטרא־זען), איהם ברענגען היינט צו אונז אין הויז.

ער האט מיר דערלאנגט א צייטונג, און איך האב דארט איבערגעלייענט:

„געכאפט — איז בולאנער וואלד, גאנץ פריה — (דער טאג פונ'ם מארד), א זעהר גרויסען, טונקעל־ברוינעם אראנג־אוטאנג פון דעם בארנעזישען מין. דער אייגענטימער (וועלכער איז באשטימט א מאטראז אויף א מאלטעזישען שיף) קען קריגען די חיה צוריק, אויב ער וועט געבען צופרי־

ד ע נ ש ט ע ל ע נ ד ע ס מ נ י ם א ו ן ע ר ו ו ע ט
ב אַ צ אָ ה ל ע ן , נ י ט ק י י ן ס ד , ו ו י פ י ע ל
ע ס ק ו מ ט פ אַ ר ׳ ן כ אַ פּ ע ן א ו ן א ו י ס ־
ה אַ ל ט ע ן . ז י ך ו ו ע נ ד ע ן אי ן נ ו מ ע ר ——
ג אָ ס , —— פ אַ ר ש ט אָ ד ט ס ט . ז ש ע ר מ ע ן —
Au troisiéme.”

— ווי איז עס מעגליך געווען, — האָב איך געפרעגט, — דו זאָלסט וויסען, אַז דער מאַן איז אַ מאַטראָז און ער געהערט צו אַ מאַלטעזישען שיף?

— איך וויים עס נ י ט , — האָט דיופּען געענטפערט, — איך בין ניט ז י כ ע ר אין דעם. אָט איז אָבער אַ קליין שטי־קעל סטענגע, וואָס וועדליג איהר פאָרמע און נאָך איהר פאַר־שמאָלצענקייט איז קענטיג, אַז זי איז גענוצט געוואָרען אויף צו פאַרפלעכטען די האָר אין לאַנגע צ ע פּ , וואָס די מאַטראָזען האַנ׳דלען זיך אַזוי מיט דעם. נאָכמעהר, אָט דער קניפּעל איז אַזאַ, וואָס וועניג מענשען אַחוץ מאַטראָזען קענען עס מאַכען, און אי־בערהויפּט מאַכען דאָס די מאַלטעזער. איך האָב אויפגעהויבען די סטענגע אונטען ביים בליץ־אָפּלייטער. דאָס האָט ניט געקענט געהערען צו וועמען פון די פאַרשטאָרבענע. נו, אויב נאָך אַלע־מען האָב איך אַ טעות אין דעם שלום, וואָס איך דרינג אַרויס פון אָט דער סטענגע, אַז דער פראַנצויז איז געווען אַ מאַטראָז פון אַ מאַלטעזישען שיף, האָב איך נאָך אַלץ ניט קאַליע געמאַכט מיט דעם וואָס איך האָב געזאָגט אין דער אַנאָנסע. אויב איך האָב אַ טעות, וועט ער זיך בלויז משער זיין, אַז איך בין פאַרפיהרט געוואָרען פון אַ געוויסען אומשטאַנד, וואָס ער וועט זיך גאָר די מיה ניט נעמען צו אונטערזוכען דאָס. אויב אָבער איך בין גע־רעכט, האָב איך אַ וויכטיגען פונקט געוואונען. וויסענדיג, כאָטש אומשולדיג, פון דעם מאָרד, וועט דער פראַנצויז, נאַטירליך, קווינקלען זיך צו ענטפערן אויף דער אַנאָנסע, צו פאָדערן דעם אָראַנג־אוטאַנג. ער וועט זיך אַזוי טראַכטען: „איך בין אומ־שולדיג: איך בין אָרים: מיין אָראַנג־אוטאַנג איז אַ סך ווערט: פאַר אַ מענשען אין מיינע אומשטענדען איז דאָס אַ פאַרמעגען

פאר זיך אליין — פארוואס זשע זאל איך עס פארלירען איבער א פוסטען שרעק פאר געפאהר? אט איז עס מיט'ן האנט צו דער־לאנגען! מען האט עס געפונען אין דעם בולאנער וואלד — א גרויסער מהלך פון דעם פלאץ פון יענער הריגה. ווי קען מען גאר חושד זיין, אז א חיה־רעה זאל עס האבען אפגעטאן? די פאליציי איז דורכגעפאלען — זיי האבען דעם מינדסטען שפור ניט געקענט געפינען. זאלען זיי אפילו נאכשפירען די חיה, וועט עס זיין אוממעגליך צו באווייזען, אז איך האב געוואוסט פון דעם מארד, אדער צו פארמישען מיך אין דעם שולד צוליעב דעם וואס איך האב יא געוואוסט. אויסער אלעמען, ב י ן א י ך ב א ־ ו ו א ו ס ט. דער אנאנסירער באצייכענט מיך אלס דעם אייגענטימער פון דער חיה. איך בין ניט זיכער, ווי ווייט זיין ווי־סען קען גרייכען. זאל איך אויסמיידען ניט צו פאדערן אזא גרוים פארמעגען, וואס מען ווייסט אז דאס איז מיינס, וועט דאך דענסט־מאל ווענינסטענס געווארפען ווערען א חשד אויף דער חיה. איך וויל ניט, אז עס זאל געצויגען ווערען אויפמערקזאמקייט אויף מיר אדער אויף דער חיה. איך וועל זיך אפרופען אויף דער אנאנסע, קריגען דעם אראנג־אוטאנג און האלטען איהם באהאלטען ביז די געשיכטע וועט פארגעסען ווערען".

אין דעם אויגענבליק האבען מיר דערהערט א טראט אויף די טרעפ.

— זיי גרייט מיט דיינע פיסטאלעטען, — האט דיופען גע־זאגט, — אבער דו זאלסט זיי ניט געברויכען און אויך ניט ווייזען זיי, ביז דו וועסט פון מיר ניט זעהן קיין סיגנאל.

די פאדער־טיר פון הויז איז געבליבען אפען, און דער בא־זוכער איז אריין ניט אנקלינגענדיג, און איז ארויף עטליכע טרעפ. דערנאך אבער האט ער געשיינט צו קווינקלען זיך. באלד האבען מיר איהם געהערט ארונטערגעהענדיג. דיופען האט זיך שנעל גע־נומען רוקען צו דער טיר, ערשט מיר האבען ווידער דערהערט איהם ארויפגעהענדיג. א צווייטען מאל האט ער זיך שוין מעהר ניט צוריקגעקערט, נאר ער איז ארויפגעגאנגען מיט אנטשלאסענ־הייט, און ער האט אנגעקלאפט אין טיר פון אונזער צימער.

— קומט אריין! — האָט דיופּען זיך אָנגערופען מיט אַ פרעהליכען און הארציגען טאָן.

אַ מאַן איז אריין. ער איז קענטיג געווען אַ מאטראָז — אַ גרויסער, פולער און קענטיג קרעפטיגער מאַן, מיט אַ געוויסען גע־וואַגטען אויסדרוק פון געזיכט, ניט גאָר אָנציהענד, זיין פּנים, שטארק אָפּגעברענט פון דער זון, איז געווען מעהר ווי האַלב באַ־האַלטען אין באַקענבאַרדען און וואַנצעס. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ גרויסען דעמבענעם דראַנג, אבער ווייטער אַזוי איז ער, דאַכט זיך, געווען ניט באַוואַפענט. ער האָט זיך אומגעלומפּערט פארנייגט און געזאָגט אונז „גוט נ'אָווענט" מיט אַ פראַנצויזישען אַקצענט, וועלכער האָט, אמת, געקלונגען עטוואָס ניושאַטעליש, אבער ער האָט גענוג געצייגט אַז ער איז פון אַ פּאַריזער אָפּ־שטאַמונג.

— זעצט זיך, מיין פריינד! — האָט דיופּען געזאָגט, — איך רעכען, איהר זייט געקומען מכח דעם אַראַנג־אוטאַנג. אויף מיין וואָרט, איך בין שיער ניט מקנא אייך, וואָס איהר פאַר־מאָגט איהם. אַ מערקווירדיגע פיינע און אָהן צווייפעל אַ זעהר ניצליכע חיה. ווי אַלט, רעכענט איהר, דאַרף ער זיין?

דער מאטראָז האָט אַ לאַנגען אָטעם געטאָן, מיט דער מינע פון אַ מענשען, וואָס איז פּטור געוואָרען פון עפּעס אַן אומער־טרעגליכער לאַסט, און דאַן האָט ער געענטפערט מיט אַ דרייסטען טאָן:

— איך קען ניט זאָגען וויפיעל, אבער ער מוז ניט זיין מעהר ווי פיער אָדער פינף יאָהר אַלט. האָט איהר איהם דאָ ביי זיך?

— אָ, ניין! מיר האָבען דאָ ניט די באַקוועמליכקייט צו האַלטען איהם דאָ. ער איז אין אַ פערדען־שטאַל אויף דיובורג גאַס, דאָ דערביי. איהר וועט איהם קענען קריגען אינדערפריה. פאַרשטעהט זיך, איהר האָט סמנים אָנצוגעבען?

— געוויס, מיין העדר!

— עס וועט מיר זעהר לייד טאָן צו שיידען זיך מיט איהם, — האָט דיופּען זיך אָנגערופען.

— איך מיין ניט, אַז איהר זאָלט פאַר אייער גאַנצע טרחה

גארנישט קריגעז, מייז הערר! — האט דער מאז געזאגט — איך האב עס גארניט גערעכענט. איך בין זעהר גערן צו געבען א באלוי־נונג פאר געפינגען די חיה. איך מייז אזא וואס זאל זיין ביים וועג.

— יא, — האט געענטפערט מייז פריינד, — דאס אלץ איז זעהר פיין, זיכער. לאמיר נאר א טראכט געבען! וואס זאל איך האבען דערפאר? יא! איך וועל אייך זאגען. מייז באלוי־נונג זאל אט וואס זיין. איהר זאלט מיר דערצעהלען אלץ וואס איהר ווייסט וועגען אט די מארדען אויף מארג־גאס.

דיופען האט ארויסגערעדט די לעצטע ווערטער אין זעהר א נידעריגען טאז, און זעהר רוהיג. פונקט אזוי רוהיג איז ער אויך צוגעגאנגען צו דער טיר, צוגעשלאסען, און דעם שליסעל ארייגעלייגט צו זיך אין קעשענע. ער האט דאן ארויסגענומען א פיסטאלעט פון זיין בוזים, און אהן דער מינדסטער אויפרע־גונג דאס אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש.

דעם מאטראז'ס פנים האט אויפגעפלאמט, גלייך ווי עס וואלט איהם עפעס גענומען שטיקען אין האלז. ער האט זיך אויפגע־שטעלט אויף די פיס און שטייף אנגענומען זיין דראנג; אבער אין דער אנדער רגע איז ער צוריקגעפאלען אין זיין שטול, שטארק ציטערנדיג און בלאס ווי דער טויט אליין. ער האט קיין ווארט ניט גערעדט. איך האב אויף איהם רחמנות געקראגען פון דער טיפעניש פון מייז הארצען.

— מייז פריינד! — האט דיופען געזאגט מיט א פריינד־ליכען טאז, — איהר באאומרוהיגט זיך אומזיסט, ווירקליך אזוי. מיר מיינען ניט צו טאן אייך עפעס שלעכטס. איך גיב אייך דאס עהרענווארט פון אן אדעלמאן און א פראנצויז, אז מיר ווילען אייך ניט שעדיגען. איך ווייס גאנץ גוט, אז איהר זייט ניט שולדיג אין די רציחות אויף מארג־גאס. איך וועל אבער ניט לייקענען, אז אין א געוויסער מאס זייט איהר יא פארמישט אין דעם. פון דעם, וואס איך האב שוין געזאגט, קענט איהר וויסען, אז איך האב געהאט וועגען ווי צו דערגעהן די זאך, אזעלכע וועגען, פון וועלכע איהר וואלט קיינמאל ניט גע'חלומ'ט. איצט האלט די זאך אזוי.

איהר האָט קיין זאַך ניט געטאָן, וואָס איהר וואָלט געקענט אויס־מיידען — געוויס, קיין זאַך ניט, וואָס זאָל אייך מאַכען פאַר שול־דיג. איהר זייט אפילו ניט שולדיג אין רויבעריי, כאָטש איהר האָט געקענט באַרויבען און בלייבען אומבאַשטראָפט. איהר האָט גאָרנישט וואָס צו באַהאַלטען. איהר האָט קיין שום אורזאַך ניט צו באַהאַלטען. פון דער אַנדער זייט, זייט איהר פאַרפליכטעט פון יעדען עהרען־פּרינציפּ מודה צו זיין זיך אין אַלעם וואָס איהר ווייסט. אַן אומשולדיגער מענש איז איצט אַרעסטירט, באַשול־דיגט אין דעם פאַרברעכען, פון וועלכען איהר קענט אָנצייגען דעם טועה.

דער מאַטראָז איז אין אַ היבשער מאָס צו זיך געקומען, בעת דיופּען האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, אָבער זיין ערשטע דרייס־טע האַלטונג איז אינגאַנצען פאַרשוואונדען.

— זאָל מיר גאָט אַזוי העלפען, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ קורצער פּויזע, — איך וועל אייך דערצעהלען אַלעס וואָס איך וויים וועגען דער געשיכטע. אָבער איך ערוואַרט ניט, איהר זאָלט מיר גלויבען אפילו האַלב פון דעם וואָס איך וועל דער־צעהלען. איך וואָלט ווירקליך געווען אַ נאַר, ווען איך זאָל עס ער־וואַרטען. דאָך בין איך אומשולדיג, און אויב עס וועט אויס־קומען, וועל איך שטאַרבען מיט אַ ריינעם געוויסען.

וואָס ער האָט דערצעהלט, איז אין עצם אַזוי געווען: ער האָט לעצטענס געמאַכט אַ רייזע צום אינדישען אַרכיפּעלאַג. אַ קאָמפּאַניע, פון וועלכער ער איז געווען איינער, האָט געלאַנדעט אין באָרנעאָ, און איז אַוועק ווייטער אויף אַ לוסט־עקסקורסיע. ער און אַ קאָמפּאַניאָן האָבען געכאַפּט דעם אָראַנג־אוטאַנג. דער קאָמפּאַניאָן איז געשטאָרבען, איז די חיה געבליבען פאַר איהם אַליין. נאָך אַ סך צרות, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיין רייזע אי־בער די אומצוימבאַרע ווילדקייט פון זיין געפאַנגענעם, איז איהם ענדליך געלונגען צו ברענגען איהם בשלום צו זיך אַהיים אין פּאַריז, וואו אום ניט צוציהען צו זיך די אומאַנגענעהמע נייגעריגקייט פון זיינע שכנים, האָט ער איהם זאָרגפעלטיג באַהאַלטען ביז דער צייט, ווען ער וועט געזונט ווערען פון אַ וואונד אין פוס, וועלכע ער

האט געקראַגען, פאַרשטעכענדיג זיך פון אַ האַלץ אויפ׳ן שיף. סוף־כל־סוף האט ער עם גערעכענט צו פאַרקויפען.

צוריקקערענדיג זיך אהיים פון עפּעס אַ מאַטראָזסקע שמחה׳־לע אין דער נאַכט, אָדער בעסער געזאָגט אין דעם פריהמאָרגען פון דעם מאָרד, האט ער געפונען די חיה פאַרנעמענדיג זיין אייגען שלאָפצימער, וואוהין ער האט זיך אריינגעריסען פון אַ דערבייאיגען אַלמער, וואו, ער האט גערעכענט, ער איז גוט פאַרפּאַקט. מיט׳ן גאַלמעסער אין האַנט, און ווי געהעריג אָנגעזייפט, איז דאָס זיך געזעסען פאַר אַ שפּיגעל, פּרובירענדיג זיך צו גאָלען, אַזוי ווי ער האט אהן צווייפעל פריהער געזעהן דורכ׳ן שליסעל־לאָך פון אַלמער זיין האר טוענדיג דאָס. דערשראָקען ביז גאָר, דערזעהענדיג אַזאַ געפעהרליכען וואפען אין די הענט פון אַזאַ ווילדע חיה, וועלכע איז נאָך גוט אימשטאַנד צו געברויכען דאָס, איז דער מאַן געבליבען שטעהן פאַר עטליכע רגע׳ס, ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן. ער איז אָבער געווען געוועהנט איינצושטילען דאָס באַשעפעניש, אַפילו אין זיינע ווילדסטע מאָמענטען, געברויכענדיג דערצו אַ בייטש, און דאָס האט ער אויך איצט געוואָלט טאָן. דערזעהענדיג דאָס, האט דער אראַנג־אוטאַנג אַ שפּריין געטאָן גלייך דורכ׳ן טיר פון צימער און איז אַרונטער די טרעפּ, און דאַן, דורך אַ פענסטער, וואָס איז צום אומגליק געווען אָפען, אין גאַס אַרוים.

דער פראַנצויז האט נאָכגעפאָלגט אין פאַרצווייפלונג. די מאַלפּע, מיט׳ן גאָלמעסער נאָך אין האַנט, האט ווען ניט ווען זיך אָפּגעשטעלט אַ קוק צו טאָן אַהינטער און צו מאַכען מיט די הענט צו איהר נאָכיאָגער, ביז דער לעצטער האט זי שיער־שיער ניט אָנגעיאָגט. דאַן האָט זי זיך ווידער אַ לאָז געטאָן לויפען. אויף אַזאַ׳נ׳אופן האט דאָס יאָגעניש געדויערט אַ היבשע צייט. די גאַסען זיינען געווען טויט שטיל, ווייל עס איז געווען אַרום דריי פאַרטאָג. אריינגעהענדיג אין אַ געסעל הינטער דער מאָרג־גאַס, האט דעם אַנטלאָפענעם׳ס אויפמערקזאַמקייט זיך אָפּגעשטעלט אויף דאָס פּייערל, וואָס האט געשימערט פונ׳ם אָפענעם פענסטער פון מאַדאַם ל׳עספּאַנאַי׳ס צימער אויפ׳ן פערטען שטאָק

פון איהר הויז. אַ לאָז־טועענדיג זיך צו דער געביידע, האָט ער באַ־מערקט דעם בליץ־אַפּלייטער, האָט ער ארויפגעקלעטערט אויף דעם מיט אַן אומבאגרייפליכער פלינקייט, אָנגעכאַפּט דעם לאַדען, וואָס איז געווען איינגאַנצען אָפען, און איז אויף אַזאַ'נ'אופן ארויפגע־שפּרונגען גלייך אויפ'ן קאָפּען פונ'ם בעט. די גאַנצע מעשה האָט קיין מינוט ניט געדויערט. דער לאַדען איז צוריק אָפּגעפּענט געוואָרען פון דעם אראַנג־אוטאַנג'ס שטויס, ער איז אין צימער אריין.

דער מאַטראָז איז דערווייל געווען אי דערפרעהט אי צעטומעלט. ער האָט געהאַט איצט שטאַרקע האָפענונגען צו כאַפּען די בעסטיע, ווייל זי האָט קוים געקענט אנטלויפען פון דער פאַסטקע, אין וועלכער זי האָט זיך אריינגעכאַפּט, סיידען דורכ'ן בליץ־אַפּלייטער, וואו מען האָט זי געקענט איבערנעמען ביים ארונ־טערגעהן. פון דער אַנדער זייט איז געווען אַ סך וואָס צו באַ־אומרוהיגען זיך, וועגען דעם וואָס זי קען דאָרטען אַנטאָן אין הויז. דער לעצטער געדאַנק האָט געצוואונגען דעם מאַן נאָכצופאָלגען דעם אַנטלאָפענעם. ארויפצוקלעטערן איבער אַ בליץ־אַפּלייטער איז פון די לייכטע זאַכען, איבערהויפּט פאַר אַ מאַטראָז; אָבער ווען ער איז ארויף אַזש ביז צום פענסטער, וואָס איז געלעגען ווייט פון איהם לינקס, איז ער געבליבען שטעהן. דאָס העכסטע וואָס ער האָט געקענט אויפטאָן, איז אויסצוציהען זיך אויף אַזוי פיעל, אַז ער זאָל קענען כאַפּען אַ קוק וואָס עס טוט זיך אינווענינ אין צימער. אָבער ווי נאָר ער האָט אַ קוק געטאָן, איז ער שיער ניט ארונטערגעפאַלען פאַר גרויס שרעק. דאָס איז דעמאָלט געווען, וואָס די שוידערליכע געשרייען האָבען דורכגעשניטען די נאַכט, אויפרייסענדיג פון שלאָף די איינוואוינער פון דער מאָרג־גאַס. מאַדאַם ל'עספּאַנאַי און איהר טאָכטער, אָנגעטאָן אין זייערע נאַכט קליידער, זיינען, ווי עס שיינט, געווען פאַרנומען מיט אי־בערלעזען עפּעס פּאַפּירען אין דעם שוין דערמאָנטען אייזערנעם שראַנק, וועלכער איז ארויסגעפיהרט געוואָרען אינמיטען צימער. עס איז געווען אָפען, און דאָס וואָס איז אינווענינ געווען, איז געלעגען ביי דער זייט אויפ'ן דיל. די קרבנות האָבען געמוזט

זיצען מיט זייערע רוקענס צום פענסטער, און פון דער צייט וואס איז אוועק צווישען דעם אריינגעהן פון דער חיה און די געשרייען, זעהט וואהרשיינליך אויס, אז מען האט עס ניט גלייך באמערקט. דעם קלאפען פונ'ם לאדען האט מען געקענט נאטירליך צושרייבען צום ווינט.

ווען דער מאטראז האט אריינגעקוקט, האט די ריזיגע חיה אנגעכאפט מאדאם ל'עספאנאי פאר די האר (וועלכע זיינען געווען צעלאזען, ווייל זי האט זיי געהאלטען אין קעמען). און געמאכט מיט'ן גאלמעסער ארום איהר פנים, ווי נאכמאכענדיג די באוועגונגען פון א ראזירער. די טאכטער איז געלעגען אויסגעצויגען און באוועגלאז: זי האט גע'חלש'ט. די געשרייען און דאס ראנגלען זיך פון דער אלטער פרוי (וואס פאר דער צייט איז איהרע האר אויסגעריסען געווארען פון קאפ) האבען געהאט די ווירקונג אויף אראנג־אוטאנג, אז ער זאל ענדערן זיינע וואהרשיינליך פרידליכע אבזיכטען אויף ווילד־צארניגע. מיט איין אנטשלאסענעם מאך פון זיין מוסקולאטורען ארעם האט ער כמעט ווי אפגעהאקט איהר קאפ פון איהר קערפער. דערזעהן דאס בלוט איז ער אנגעצונדען געווארען מיט מעהר רציחה. קריצענדיג מיט די צייהן און ברענענדיג מיט די אויגען, האט ער זיך א ווארף געטאן אויף דער מיידעל'ס קערפער און אריינגעלאזען זיינע מורא'דיגע נעגעל אין איהר האלז, האלטענדיג דאס אזוי לאנג, ביז זי איז אויסגעגאנגען. זיינע בלאנדזשעדיגע און ווילדע בליקען זיינען אין דעם אויגענבליק געפאלען אויפ'ן קאפען פונ'ם בעט, איבער וועלכען דער פנים פון זיין האר, פארגליווערט פאר שרעק, האט זיך אקארשט אנגעזעהן. דער ווילדער צארן פון דער בעסטיע, וועלכע האט אהן צווייפעל נאך געהאט אין זינען די מורא'דיגע בייטש, איז אויגענבליקליך אריבער אין שרעק. פיהלענדיג אז זי האט פארדינט א שטראף, האט זי, ווי עס שיינט, געוואלט באהאלטען איהרע בלוטיגע מעשים, און זי איז ארומגעשפרונגען איבער'ן צימער אין אן אגאניע פון נערוועזער אויפרעגונג, איבערקערענדיג און צעברעכענדיג דאס מעבעל ביים ארומלויפען, און האט אזוי אויך ארויסגעשלעפט דאס בעט פונ'ם געשטעל. צום

סוף האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם קערפּער פון דער טאָכטער און עס אַרויפגעשטופּט אין קוימען, וואו עס איז געפונען געוואָרען; דאַן האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם קערפּער פון דער אַלטער פרוי און עס גלייך אַ שליידער געטאָן דורכ'ן פענסטער מיט'ן קאָפּ אַראָפּ.

ווען די מאַלפּע איז צוגעקומען צו דער פענסטער־ראַם מיט איהר צעקאַליעטשעטער משא, האָט דער מאַטראָז אין שרעק זיך צוריקגעצויגען צו דער דראָט פון בליץ־אַפּלייטער, און גיכער אַרונטערגליטשענדיג זיך איידער אַרונטערקריכענדיג, האָט ער זיך געאיילט גלייך אַהיים, ציטערנדיג פאַר די פאָלגען פון דער הריגה, און אין זיין שרעק צופרידען אַוועקוואַרפענדיג יעדע שום זאָרג וועגען דעם שיקזאַל פון דעם אָרגאַנג־אוטאַנג. די ווערטער, וואָס די קאָמפּאַניע האָט געהערט אויף די טרעפּ, זיינען געווען דעם פראַנצויז'ס אויסגעשרייען פאַר אימה און שרעק, צוזאַמענגעמישט מיט די טייוואָלנישע פּלוידערייען פון דער חיה־רעה.

איך האָב כמעט ניט וואָס צו צוגעבען. דער אָראַנג־אוטאַנג האָט געמוזט אַנטלויפען פון'ם צימער איבער'ן בליץ־אַפּלייטער, פונקט פאַר דעם ווי מען האָט אויפגעבראָכען די טיר. דורכקריכענדיג, האָט ער געמוזט פאַרמאַכען דאָס פענסטער. דער סוף איז געווען, אַז דער אייגענטימער אַליין האָט איהם געכאַפּט און פאַרקויפט איהם פאַר אַ זעהר גרויסע סומע. און Jardin des Plantes לע באָן איז באַפרייט געוואָרען, גלייך ווי מיר האָבען דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע (מיט איינינע קאָמענטאַרען פון דיופּען'ען) אין ביוראָ פון דעם פּאָליציי־פּרעפעקט. דער דאָזיגער באַאַמטער, ווי גוט ער איז ניט געווען געניינט צו מיין פריינד, האָט ער גאָר אינגאַנצען ניט געקענט פאַרבאָרגען זיין פאַרדרוס, וואָס די געשיכטע האָט אַזאַ ווענדונג אָנגענומען, און ער האָט מיט צופרידענהייט געמאַכט אַ סאַרקאַסטישע באַמערקונג וועגען דעם וואָס ס'איז ניט שעהן פאַר אַ מענשען זיך מישען אין פרעמדע עסקים.

— זאָל ער רעדען! — האָט געזאָגט דיופּען, וועלכער האָט גאָרניט געהאַלטען פאַר נויטיג איהם צו ענטפערען, — זאָל ער רעדען, וועט איהם ווערען לייכטער אויפ'ן האַרצען. איך בין צופריי־

דען, וואס איך האב איהם צעקלאפט אין זיין אייגענעם שלאס. פונדעסטוועגען, דאס וואס איהם האט זיך ניט איינגעגעבען צו לייזען די דאזיגע געהיימנים, איז פאר קיין פאל ניט דערפאר ווייל עס איז א וואונדערליכע זאך, ווי ער איז זיך משער: ווארים אין דער אמת איז אונזער פריינד דער פרעפעקט עטוואס צו כיטרע, אום צו זיין טיפזיניג. אין זיין קלוגשאפט איז ניטא קיין פעסטע גרונדלאגע. עס איז דורכאויס קאפ, אהן א גוף, פונקט ווי די בילדער פון דער געטין לאווערנא: אדער אין דעם בעסטען פאל דורכאויס קאפ און אקסלען, אזוי ווי א שטאק־פיש. אבער נאך אלעמען איז ער א גוטער נפש. איך אכט איהם איבערהויפט פאר זיין באהערשען די קאנווענציאנעלע פראזעאלאגיע, מיט וואס ער האט ערווארבען זיין רעפוטאציע פון א שארפזיניגען. איך מיין דעם אופן ווי ער האט "de nier ce qui est; et d'expliquer ce qui n'est pas."*)

*) Rousseau—Nouvelle Héloïse.

# א מאנוסקריפט, וואס מען האט געפונען אין א פלעשער.

Qui n'a plus qu'un moment a viare
n'a plus rien a dissimuler.

ק י נ א ל — א ט י.

ווענען מיין לאנד און מיין משפחה האב איך וועניג וואס צו זאגען. שלעכטע געוועהנהייטען און א משך פון יאהרען האבען מיך פארטריבען פון דעם ערשטען און פארפרעמדט מיך פון דער צווייטער. איך האב גע'ירש'נט א פארמעגען, וואס האט מיר געגעבען די מעגליכקייט צו קריגען ניט קיין געוועהנליכע ערציהונג, און מיין פארשענדער גייסט האט מיר געגעבען די מעגליכקייט צו מעטאדיצירען די גייסטיגע אוצרות, וועלכע איך האב אנגעזאמעלט שטודירענדיג מיט התמדה יונגערהייד. א חוץ אלע זאכען, האבען די ווערק פון די דייטשע מאראליסטען פארשאפט מיר גרויס פארגעניגען, ניט פון נארישער התפעלות פאר זייער בארעדזאמער משוגעת, נאר ווייל עס פלעגט מיר לייכט אנקומען, צוליב מיין שארפען קאפ, אויפצודעקען זייערע פאלשקייטען. מען האט מיר אפט אויפגעווארפען, אז איך האב א טרוקענע נשמה; מען האט מיר פאררעכענט פאר א פארברעכען דאס וואס עס פעהלט מיר פאנטאזיע, און דער פירהאניזם פון מיינע מיינונגען האט אין אלע צייטען מיך באריהמט געמאכט. ווירקליך, א שטארקע נייגונג פאר פיזישע פילאזאפיע, האב איך מורא, האט אנגעשטעקט מיין מארד מיט א זעהר אלגעמיינעם פעהלער פון היינטיגען דור — איך מיין, די מאדע צוצושרייבען פאסירונגען, אפילו אזעלכע, וואס האבען אם ווייניגסטען א שייכות דערמיט צו די פרינציפען פון יענער וויסענשאפט. אינגאנצען גענומען, קען קיין שום מענש ניט זיין ווייניגער מסוגל ווי איך אראפגעפיהרט צו ווערען פון די שטרענגע גרעניצען פון אמת דורך די

ignes fatui פון אבערגלויבען. **איך** האב געהאלטען פאר ריכטיג צו מאכען אזא לאנגע הקדמה, כדי די אומגלויבליכע געשיכטע, וואס איך וועל דא דערצעהלען, זאל ניט באטראכט ווערען גיכער אלס די פלוידערייען פון אן אומגעלומפערטער פאנטאזיע, איידער אלס די פאזיטיווע ערפאהרונג פון א מענשען מיט פארשטאנד, פאר וועמען די טרוימערייען פון פאנטאזיע זיינען געווען א טויטער בוכשטאב און א נול.

נאכדעם ווי איך האב פארבראכט פיעל יאהרען אין ארומפאהרען איבער פרעמדע לענדער, בין איך אין דעם יאהר ——18 אפגעפאהרען פון דעם פארט פון באטאוויא, וואס אויף דעם רייכען און באפעלקערטען אינזעל יאווא, אויף א רייזע צו די ארכיפעלאג אינזלען. איך בין אוועק אלס פאסאזשיר, ניט האבענדיג קיין אנדער פארלאנג, ווי נאר א מין נערוועזע אומרוהיגקייט, וועלכע האט מיך געיאגט ווי א שטן.

אונזער שיף איז געווען א שעהנע שיף פון ארום פיער הונדערט טאן, באשלאגען מיט קופער, און געבויט אין באמביי פון מאלאבארישען טעק־האלץ. זי איז געווען אנגעלאדען מיט רויהען באוועל און עהל פון די לאקאדיווען אינזלען. מיר האבען אויך געהאט אויפ'ן שיף קאיאר, דזשאגערי, גהי, קאקוס־ניס און עטליכע קאסטענס אפיום. די אנלאדונג איז געמאכט געווארען אומגעלומפערט, און די שיף האט זיך דערפאר לייכט געקענט איבערקעהרען.

ווען מיר זיינען אפגעפאהרען, האט קוים א ווינטעל געבלאזען, און א סך טעג זיינען מיר געשטאנען ביים מזרח־ברעג פון יאווא, און עס האט זיך גארנישט געמאכט, עפעס, וואס זאל פארטרייבען די מאנאטאניגקייט פון אונזער רייזע, א חוץ דאס צופעליגע טרעפען זיך מיט איינינע פון די קליינע שיפלאך פון דעם ארכיפעלאג, וואוהין מיר זיינען געפאהרען.

איינמאל איז אן אוונט, אנשפארענדיג זיך איבער'ן דעקגעלענדער, האב איך באמערקט א זעהר מאדנעם אפגעזונדערטען וואלקען צו נארד־וועסט צו. ער איז געווען מערקווירדיג, אי מיט זיין קאליר, אי מיט דעם וואס עס איז געווען דער ערשטער,

וואס מיר האבען געזעהן זינט אונזער אפּפאהרען פון באטאוויא. איך האב דאס אויפמערקזאם באאבאכטעט ביז זונען־אונטערגאנג, ווען דאס האט זיך מיט א מאל צעשפּרייט צו מזרח־צו און צו מערב־צו, ארומגארטלענדיג זיך אין דעם האריזאנט מיט א שמאלען שטרייף פון נעבעל, און אויסקוקענדיג ווי א לאנגע ליניע פון א נידעריגען ברעג. מיין אויפמערקזאמקייט איז גלייך נאכדעם געצויגען געווארען אויפ׳ן טונקעל־רויטען אויסזעהן פון דער לבנה און אויפ׳ן זונדערבארען כאראקטער פון דעם ים. דאס לעצטע האט זיך שנעל געענדערט, און דאס וואסער האט אויסגעזעהן מעהר ווי געוועהנליך דורכזיכטיג. כאטש איך האב דייטליך געקענט זעהן דעם אפּגרונט, האב איך געפונען, אז די שיף איז פופצעהן קלאפטער אין וואסער. די לופט איז געווארען אומערטרעגליך הייס, און עס איז געווען אנגעלאדען מיט ספּיראלע אויסדונסטונגען, ענליך צו די וואס קומען ארויס פון אנגעברענטע אייזען. ווען די נאכט האט זיך אנגערוקט, איז יעדעס ברעקעל ווינט אפּגעשטארבען, און א מעהר פאלשטענדיגע רוהיגקייט איז אוממעגליך צו באגרייפען. דער פלאם פון א ליכט האט געברענט אין הינטער־טייל פון שיף אהן א שום באמערקבארער באוועגונג, און א לאנגע האר וואס איך האב געהאלטען צווישען די פינגער, איז געהאנגען אהן א שום מעגליכקייט צו געפינען א וויבראציע. אזוי ווי אבער דער קאפּיטאן האט געזאגט, אז ער קען ניט זעהן קיין שום סימן פון געפאהר, און אזוי ווי עס האט אונז געטריבען צום ברעג, האט ער געהייסען אויפציהען די זעגלען און אפּלאזען דעם אנקער. קיין וואך האט מען ניט אוועקגעשטעלט, און די מאנשאפט, באשטעהענדיג הויפּטזעכליך פון מאלאיער האט זיך ברייטליך אויסגעצויגען אויפ׳ן דעק. איך בין אראפּ אונטען, און דאס הארץ האט מיר געזאגט, אז עפּעס וועט טרעפען. ווירקליך, יעדע זאך האט אויסגעזעהן צו באשטעטיגען מיין מורא פאר א סאמום. איך האב דערצעהלט דעם קאפּיטאן פון מיין שרעק, אבער ער האט ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט צו דעם וואס איך האב געזאגט, און האט מיר אפילו דעם כבוד ניט אנגעטאן צו ענטפערען מיר. מיין אומרוהיגקייט אבער האט מיר ניט געלאזען שלאפען, און ארום האלבע

נאכט בין איך ארויף אויפ'ן דעק. ווי איך האב ארויפגעשטעלט מיין פוס אויפ'ן אויבערשטען טרעפעל פון די טרעפ, בין איך דערשטוינט געווארען פון א הויכען הודזשענדען קול, אזוי ווי עס הערט זיך א מאל בעת די ראד פון א מיהל נעמט זיך שנעל דרעהען, און איידער איך האב געקענט דערגעהן וואס דאס מיינט, האב איך דערזעהן, אז די שיף טרייסעלט זיך אין מיטען. באלד נאכדעם האט א גאנצער ים מיט שוים אונז א שליידער געטאן אויף איין זייט, און א לאז טוענדיג זיך איבער אונז הין און צוריק, האט עס א שווינק געטאן די גאנצע דעק פון עק ביז עק.

די ווילדע רציחה פון דעם שטורעם האט אין א גרויסע מאס א טובה געטאן דער שיף. כאטש איינגאנצען פול מיט וואסער, דאך, ווען איהרע מאסטבוימער זיינען צעשמעטערט געווארען, האט זי א מינוט שפעטער זיך שווער אויפגעהויבען פונ'ם ים, און וואקלענדיג זיך א ווייל אונטער דעם מורא'דיגען דרוק פון דעם שטורמווינט, האט זי זיך ענדליך אויסגעגלייכט.

דורך וואס פאר א נס האב איך זיך געראטעוועט פון טויט, איז אוממעגליך צו זאגען. פאלענדיג ווי א שטיין פון דעם קלאפ פון וואסער, האב איך דערנאך, קומענדיג צו זיך, דערזעהן, אז איך ליג צונויפגעקוועטשט צווישען דעם דעק־סלופ און דעם שטייער־רודער. שטעלענדיג זיך מיט גרוים מאטערניש אויף די פיס און ארומקוקענדיג זיך ווי א צעמישטער, איז מיר צוערשט איינגעפאלען א געדאנק, אז מיר זיינען צווישען שטורעמדיגע כוואליעס: אזוי מורא'דיג, וואס די ווילדסטע פאנטאזיע קען זיך דאס גארניט פארשטעלען, איז געווען דערווירבעל־שטראם פון דעם בערגיגען און שוימענדען אקעאן, אין וועלכען מיר זיינען איינגעשלונגען געווארען. א ווייל שפעטער האב איך דערהערט די שטימע פון אן אלטען שוועד, וועלכער איז ארוים צוזאמען מיט אונז בעת מיר האבען פארלאזען דעם פארט. איך האב א געשריי געטאן צו איהם מיט אלע מיינע כחות, און ער איז באלד צוגעקומען ווארפענדיג זיך ווי א שכור אין אלע זייטען. מיר האבען באלד אויסגעפונען, אז מיר זיינען די איינציגע לעבען־איבערגעבליבענע פון דעם אומגליק. אלע אויפ'ן דעק, א חוץ

אונז ביידען, זיינען ארייגעשליידערט געווארען אין ים אריין; דער קאפיטאן און זיינע העלפער האבען געמוזט אומקומען שלא־פענדיגעהייט, ווייל די קאיוטעס זיינען געוועזן פול מיט וואסער. אהן הילף האבען מיר ווייניג וואס געקענט טאן, אום צו ראטעווען די שיף, און אונזערע אנשטרענגונגען זיינען צוערשט פאראלי־זירט געווארען פון די מאמענטאנע ערוואַרטונגען, אז אט־אט גע־העז מיר אונטער. אונזער קאבעל איז, פארשטעהט זיך, צעררי־סען געווארען אזוי ווי פאק־פאדים ביים ערשטען בלאז פונ׳ם אוראגאן, אניט וואלטען מיר אויגענבליקליך דערטרונקען געווא־רען. מיר זיינען געלאפען איבער׳ן ים מיט א מורא׳דיגער שנעל־קייט, און דאס וואסער האט איבער אונז געשליידערט די כוואַ־ליעס. די געביי פונ׳ם הינטערטייל פון אונזער שיף איז שטארק צעקלאפט געווארען, און כמעט אומעטום זיינען מיר שטארק צע־שעדיגט געווארען, אבער צו אונזער גרעסטער פרייד האבען מיר געפונען די פאמפעס ניט פארשטאפט, און מיר האבען אהין אראפ־געלאזען א ביסעל פון אונזער באלאסט. די העכסטע רציחה פון דעם שטורעם איז שוין אריבער, און מיר האבען ערווארט ווייניג געפאהר פון דעם ווינט׳ס שטורעמען. אבער מיר האבען געקוקט פאר־אוים מיט פחד אויף דער קומענדער שטילקייט, גלויבענדיג שטארק, אז אין אונזער צערודערטען צושטאנד, וועלען מיר אומפארמיידליך אומקומען אין די מורא׳דיגע כוואליעס פון ים, וואס וועלען קומען נאכ׳ן שטורם. אבער אט די ריכטיגע מורא האט בשום אופן ניט אויסגעזעהן זאל גיך מקוים ווערען. פינף גאנצענע טעג און נעכט, אין וועלכע מיר האבען אויפגעהאלטען אונזער לעבען, ניט מעהר ווי מיט א קליין ביסעל דזשאגערי, וואס מיר האבען מיט גרוים שוועריגקייטען געקראגען פונ׳ם פאדער־שטען טייל פון שיף, איז אונזער צעבראכענע שיף געפלויגען מיט א שנעלקייט, וואס מען קען גארניט אויסרעכענען, און דא האט אונז אנטקעגען געבלאזען א ווינט, וועלכער האט זיך אמת ניט געקענט פארגלייכען מיט דער ערשטער בייזער גבורה פון דעם סאַ־מום, אבער ער איז נאך געוועזן פיעל שרעקליכער ווי וואסער ניט איז שטורעם, וועלכען אך האב ווען באגעגענט. אונזער מאר־

שרוט פאר די ערשטע פיער טעג איז געווען, מיט אומבאדייטענדע ענדערונגען, פון זיך־אַסט צו זיך, און מיר האָבען געמוזט פאָהרען מיט'ן ברעג פון ניי־האָלאַנד. אויפ'ן פינפטען טאָג איז די קעלט געוואָרען זעהר שטאַרק, כאָטש דער ווינט האָט זיך אויסגעדרעהט אויף א פונקט מעהר צו צפון צו. די זון איז ארויס מיט א קרענקליך געלען שיין, און זי האָט ארויפגעקלעטערט זעהר ווייניג גראַדען איבער'ן האָריזאָנט, ניט ארויסלאָזענדיג קיין קלאָר ליכט. קיין וואָלקענס האָבען זיך ניט געזעהן, דאָך האָט דער ווינט גע־האַלטען אין איין שטאַרקער ווערען, און ער האָט געבלאָזען מיט אַן אומרעגעלמעסיגער און ניט אַנטשלאָסענער קראַפט. אַרום האַלבען טאָג, אויף ווי וויים מיר האָבען זיך געקענט משער זיין, איז אונזער אויפמערקזאַמקייט ווידער צוגעצויגען געוואָרען פון דער ערשיינונג פון דער זון. זי האָט ניט ארויסגעגעבען קיין ליכט, ווי מען זאָל עס ריכטיג אָנרופען, נאָר א מאַטע און טריבע רויטקייט אָהן אַן אַפּגלאַנץ, אַזוי ווי אַלע איהרע שטראַלען וואָל־טען פאַראַליזירט געוואָרען. איידער זי האָט זיך ארונטערגעלאָ־זען אין דעם אויפגעברויזטען ים, זיינען איהרע צענטראַלע פייע־רען פּלוצלונג אויסגעגאַנגען, אַזוי ווי זיי וואָלטען שנעל אויסגע־לאָשען געוואָרען דורך עפּעס אַן אונדערקלערבאַרע קראַפט. עס איז געווען ניט מעהר ווי א טונקעלער, זילבערנער רייף, בעת זי האָט זיך ארונטערגעלאָזען אין דעם ניט־דערגרונטעווען אָקעאַן.

מיר האָבען אומזיסט געוואַרט אויפ'ן אָנקומען פון דעם זעק־סטען טאָג: יענער טאָג איז פאַר מיר נאָך ניט אָנגעקומען, און פאַר דעם שוועד איז ער שוין קיינמאָל ניט אָנגעקומען. פון דאַן אַן זיינען מיר איינגעהילט געוואָרען אין א געדיכטע פינסטער־ניש, אַזוי אַז מיר האָבען ניט געקענט זעהן קיין שום זאַך פאַר צוואַנציג טריט פון דער שיף. אייביגע נאַכט האָט אונז אַלץ מעהר איינגעוויקעלט, גאָר ניט געלינדערט פון דעם פאָספאָרישען ים־שיין, צו וועלכען מיר זיינען געווען צוגעוועהנט אין די טראָפּי־קען. מיר האָבען אויך באַמערקט, אַז כאָטש דער שטורעם האָט נאָך אַלץ געבושעוועט מיט ניט פאַרקלענערטער רציחה, איז אָבער שוין מעהר ניט געווען צו באַמערקען די געוועהנליכע ער־

שיינונגען פון כוואַליעס אָדער שוים, וואָס מיר האָבען ביז אַהער
געזעהן. אַלעס אַרום איז געווען שרעק און געדיכטע פינסטער־
ניש און אַ שוואַרצער שטיקענדער מדבר פון עבען־האַלץ. אַבער־
גלויבישער שרעק איז גראַדענווייז געקראָכען אין דער נשמה פון
דעם אַלטען שוועד און מיין אייגענע זעלע איז געווען איינגעהילט
אין שווייגענדער שטוינונג. מיר האָבען זיך אינגאַנצען פאַרגעסען
אָן דער שיף, וועלכע איז געווען נאָך ערגער ווי נוצלאָז, און באַ־
וואָרענענדיג זיך אויף ווי ווייט מעגליך אויפ׳ן שטומפּ פון דעם
מיזען־מאַסטבוים, האָבען מיר ביטער אַרויסגעקוקט אין דער וועלט
פונ׳ם אָקעאַן. מיר האָבען ניט געהאַט קיין וועג, ווי אויסצורע־
כענען די צייט, און מיר האָבען אויך ניט געקענט זיך פאַרשטעלען,
וואו מיר געפינען זיך. מיר האָבען אָבער גוט געוואוסט, אַז מיר
זיינען פאַרגאַנגען ווייטער ווי וועלכער ניט איז נאַוויגאַטאָר צו
דרום צו, און מיר האָבען געפיהלט גרויס איבערראַשונג, וואָס מיר
האָבען ניט אָנגעטראָפען די געוועהנליכע שטערונגען פון אייז.
דערווייל האָט יעטווידער מאָמענט אויסגעזעהן צו זיין דער לעצ־
טער פאַר אונז, יעטווידע כוואַליע איז געלאָפען אונז צו פאַר־
פלייצען. די אויפגעשוואָלענקייט פון ים האָט איבערשטייגט אַלץ,
וואָס איך האָב זיך געקענט פאַרשטעלען פאַר מעגליך, און
עס איז אַ וואונדער, וואָס מיר זיינען ניט דערטרונקען געוואָרען.
מיין קאָמפּאַניאָן האָט גערעדט פון דער גרינגקייט פון אונזער
לאַדונג און ער האָט מיר דערמאָנט וועגען די אויסגעצייכענטע
אייגענשאַפטען פון אונזער שיף, אָבער איך האָב אַלץ געפיהלט די
אַבסאָלוטע האָפנונגסלאָזיגקייט פון דער האָפנונג אַליין, און איך
האָב מיך באַטריבט צוגעגרייט צו דעם טויט, וועלכער, איך האָב
גערעכענט, וועט קומען ניט שפּעטער ווי אין אַ שטונדע, וואָריס
מיט יעטווידען מייל פון דער רייזע וואָס די שיף האָט געמאַכט,
האָט די אויפגעשוואָלענקייט פון די שוואַרצע ערשטוינליכע כוואַ־
ליעס אַלץ מעהר געשראָקען אונז. צייטענווייז האָבען מיר
אָטעם געזוכט אין די הויכקייטען, וועלכע דער אַלבאַטראָס
אפילו קען ניט דערגרייכען, צייטענווייז האָט אונז גענומען שווינ־
דלען פון דער שנעלקייט, מיט וועלכער מיר זיינען געפלויגען

ארונטער ערגעץ אין א וואסערדיגען גיהנום, וואו די לופט איז געווארען אומבאוועגליך און קיין שום קלאנג האט ניט געשטערט דעם שלאף פון דעם קראקען.

מיר זיינען געוועזן אויפ'ן דעק פון איינעם פון די דאזיגע אפגרונטען, ערשט א שארפער געשריי פון מיין קאמפאניאן האט זיך מורא'דיג ארויסגעריסען אין דער נאכט. „זעה! זעה! זעה!" האט ער אויסגערופען, שרייענדיג מיר אין אויער „אלמעכטיגער גאט! זעה! זעה!" בעת ער האט גערעדט, האב איך באמערקט א מאטען, טריבען שיין פון א רויטען ליכט, וואס האט געשטראמט איבער די זייטען פון דעם ברייטען אויפגעעפענטען תהום, וואו מיר זיינען געלעגען, און געווארפען אן אומרעגעלמעסיגען שיין אויף אונזער דעק. א ווארף טוענדיג מיינע אויגען ארויפצו, האב איך דערזעהן א בילד, וואס האט פארפרירט דעם שטראם פון מיין בלוט. אויף א מורא'דיגער הויך גלייך איבער אונז, און אויפ'ן סאמען ראנד פון דער שארף משופע'דיגער אראפשטייגונג, האט געשוועבט א ריזיגע שיף פון אפשר א פיער טויזענד טאן. כאטש אויפגעהויבען אויף א שפיץ פון א כוואליע, וואס איז געוועזן איבער הונדערט מאל אזוי די גרויס ווי זי, האט איהר באשיינפערליכע מאס נאך אלץ אריבערגעשטייגט וואסער ניט איז שיף פון דער ליניע אדער אן אסט־אינדישע שיף וואס איז נאר אויף דער וועלט דא. איהר ריזיגער קערפער איז געוועזן טיף ברודנע שווארץ, ניט האבענדיג פאר'ן אויג די געוועהנליכע שניצערייען פון א שיף. איין־איינציגע רייה פון מעשענע קאנאנען האבען ארויסגעשטעקט פון איהרע אפענע לעכער און געווארפען פון זייערע גלאנציגע פנימ'ער די פייערן פון אהן א שיעור קריגס־לאנטערנעס, וועלכע האבען זיך געוויגט הין און צוריק ארום איהר שטריק־ווערק. אבער וואס עס האט אונז איבערהויפט אנגעפילט מיט שרעק און פארוואונדערונג איז געוועזן דאס וואס זי איז געגאנגען אונטער'ן דרוק פון די זעגלען, אויסלאכענדיג זיך פון דעם איבערנאטירליכען ים און אומבאהערשבארען אוראגאן. ווען מיר האבען זי צוערשט באמערקט, האט מען איהר פאדער־טייל אליין געקענט זעהן, לאנגזאם אויפהויבענדיג זיך פון דעם טונקע־

לען און שוידערליכען תהום הינטער איהר. אויף איין ווײַלע פון אינטענסיווען שרעק איז זי שטעהן געבליבען אויפ'ן אומזיכערן שפּיץ, ווי זי וואָלט באַטראַכטען איהר אייגענע דערהויבענקייט. דאַן האָט זי אַ ציטער געטאָן, זיך אַ שאָקעל געטאָן, און איז אַרונטערגעגאַנגען.

איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ פּלעצליכע זעלבסטבאַהערשונג עס איז אין דער רגע אַראָפּגעקומען אויף מיין גייסט. דערשלעפּענדיג זיך ביז צום הינטערטייל פון שיף, אַזוי ווייט ווי איך האָב געקענט, האָב איך אָהן מורא געוואַרט אויפ'ן ביטערען סוף, וואָס דאַרף קומען. אונזער אייגענע שיף האָט ענדליך אויפגעהערט צו קעמפען און גענומען זינקען מיט'ן קאָפּ אין ים אַריין. דער שטויס פון דער אַראָפּשטייגענדער מאַסע האָט איהר אַ קלאַפּ געטאָן, נאַטירליך, אין יענעם טייל פון איהר געביי, וואָס איז כמעט ווי געווען אונטער'ן וואַסער, און דער אומפאַרמיידליכער רעזולטאַט איז געווען אַ שליידער צו טאָן מיך מיט אַן אומווידערשטעהליכער קראַפט אויפ'ן שטריק-ווערק פון דער פרעמדער שיף.

בעת איך בין אַרונטערגעפאַלען, איז די שיף געבליבען שטעהן, און דאַן צוריקגעגאַנגען, און צוליב דער צעטומלעניש, רעכען איך, האָט די מאַנשאַפט מיך ניט באַמערקט. מיט ווענינ שוועריגקייט האָב איך אומבאַמערקט זיך דערשלאָגען ביז צו דער הויפּט-לוקע, וועלכע איז טיילווייז געווען אָפען, און איך האָב באַלד געפונען אַ געלעגענהייט צו באַהאַלטען זיך דאָרט, וואו מען האָט די פּראַכט. פאַרוואָס האָב איך אַזוי געטאָן, קען איך אַליין ניט זאָגען. אַן אומבאַשטימטער געפיהל פון אימה, וואָס האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים ערשטען קוק אויף די נאַוויגאַטאָרען פון דער שיף, איז אפשר געווען דער הויפּט גרונד פון מיין באַהאַלטען זיך. עס האָט זיך מיר ניט געוואָלט פאַרטרויען זיך אויף אַזעלכע מענשען, וועלכע האָבען, ווערליג מיין אויבערפלעכליכען בליק, אַרויסגערופען אין אַזוי פיעל הינזיכטען אומקלאָרע טשיקאַוועקייט, צווייפעל און מורא. איך האָב דערפאַר געטראַכט, אַז עס וועט זיין בעסער, ווען איך באַהאַלט זיך דאָרט וואו מען האַלט די פּראַכט. איך

האב צוליעב דעם אוועקגענומען א קליינעם טייל פון די ברעטער אזוי, אז איך זאל קענען באקוועם באהאלטען זיך צווישען די ריזיגע קלעצער פון שיף.

איך בין קוים פארטיג געווארען מיט מיין ארבייט, ערשט טריט פון פיס אין דעם פראכט־פלאץ האבען מיך געצוואונגען צו באנוצען זיך דערמיט. א מענש איז פארבייגעגאנגען מיין באהעלטעניש־פלאץ מיט א שוואכען און ניט זיכערען טראט. איך האב זיין פנים ניט געקענט זעהן, אבער איך האב געהאט א געלעגענהייט צו באאבאכטען זיין אלגעמיינעם אויסזעהן. עס איז געווען קענטיג, אז דער מאן איז זעהר אלט און שוואך. זיינע קני האבען זיך געבראכען אונטער דער משא פון יאהרען, און זיין גאנצע געביי האט זיך געטרייסעלט אונטער דער לאסט. ער האט געמורמעלט צו זיך אליין אין א נידעריגען, געבראכענעם טאן עפעס ווערטער פון א שפראך, וועלכע איך האב ניט געקענט פארשטעהן, און ער האט געטאפט אין דער פינסטער אין א ווינקעל צווישען א הורבע אנגעלעגטע מאדנע אינסטרומענטען און צעפוילטע קארטעס פון נאוויגאציע. זיין מאניער איז געווען א ווילדע געמישעניץ פון די קאפריזנעקייט פון צווייטער קינדהייט און די פייערליכע האלטונג פון א גאט. ער איז ענדליך אוועק אויפ'ן דעק, און איך האב איהם שוין מעהר ניט געזעהן.

. . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

א געפיהל, פאר וועלכען איך האב קיין נאמען ניט, האט אנגעכאפט מיין זעלע — א געפיהל, וועלכער לאזט זיך ניט אנאליזירען, פאר וועלכען די לערנונגען פון דער פארגאנגענער צייט זיינען ניט צוגעפאסט, און פאר וועלכען, איך האב מורא, די צוקונפט אפילו וועט מיר קיין שליסעל ניט געבען. פאר א פארשטאנד אזא ווי מיינער איז די לעצטע באטראכטונג אן אומגליק. איך וועל קיינמאל ניט — איך ווייס, אז איך וועל קיינמאל ניט — זיין צופרידען וואס איז שייך צו דעם אופן פון מיינע באגריפען. דאך איז עס ניט וואונדערבאר, וואס די דאזיגע באגריפען זיינען אומבאשטימט, וויבאלד זיי קומען ארויס פון אזעלכע דורכאויס טשי־

קאווע קוועלען. א נייער געפיהל, א ניי וועזען איז צוגעקומען אין מיין זעלע. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז שוין לאנג ווי איך האב צוערשט מיין פוס געשטעלט אויפ'ן דעק פון דער דאזיגער שרעקליכער שיף, און די שטראלען פון מיין שיקזאל, דענק איך, קלייבען זיך דערווייל אין איין פאקוס. אומפארשטענדליכע מענשען! פארטיפט אין רעיונות איבער זאכען, וועלכע איך קען ניט טרעפען, געהען זיי פארביי מיר אומבאמערקט. עס איז אן אמת'ע נארישקייט פון מיין זייט צו באהאלטען זיך, ווארים די מענשען ו ו י ל ע ן נ י ט זעהן. אט ערשט בין איך פארבייגעגאנגען אקוראט פאר די אויגען פון דעם שטייערמאן, און ערשט דא גאר ניט לאנג צוריק האב איך געוואגט ארייני צוגעהן אין דעם קאפיטאנ'ס אייגענע קאיוטע און האב פון דארטען גענומען די מאטעריאלען, מיט וועלכע איך שרייב, און איך האב געשריבען. איך וועל פון צייט צו צייט פארטזעצען דעם דאזיגען זשורנאל. עס איז וואהר, אז איך קען אפשר ניט געפינען א געלעגענהייט איבערצוגעבען דאס צו דער וועלט, איך וועל זעהן צו געפינען אזא געלעגענהייט. אין דעם לעצטען מאמענט וועל איך ארייינלעגען דעם מאנוסקריפט אין א פלעשעל און דאס ארייינווארפען אין ים.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אן אינצידענט האט געטראפען, וואס האט מיר געגעבען א נייעם באדען פאר נאכדענקען. זיינען אזעלכע זאכען די ארבייט פון אן אומבאהערשטען צופאל? איך האב זיך דערוועגט ארויסצוגעהן אויפ'ן דעק און האב זיך ארונטערגעווארפען, ניט ציהענדיג קיינעמ'ס אויפמערקזאמקייט, צווישען א הורבע פון שטריק און אלטע זעגלען אויפ'ן דעק פון דער שיף. טראכטענדיג וועגען דער זונדערבארקייט פון מיין שיקזאל, האב איך ניט וויסענדיג פארשמירט מיט א פענזעל פון סמאלע די ברעגען פון א נעט צונויפגעלעגטען קליינעם קוואדראטנעם זעגעל, וואס איז געלעגען לעבען מיר אויף א פאס. דער זעגעל איז איצט אנגעצויגען אויף דער שיף, און די אומבארעכענטע שטריכען פונ'ם פענזעל זיינען צוזאמענגעגאסען אין דעם ווארט א נ ט ד ע ק ו נ ג.

איך האב ניט לאנג געמאכט מיינע באאבאכטונגען פון דער סטרוקטור פון דער שיף. כאטש גוט באוואפענט, דאך דענק איך ניט, אז זי איז א קריג־שיף. איהר שטריק־ווערק, געבוי און די אלגעמיינע אויסשטאטונג באווייזען, אז זי איז דאס ניט. וואס זי איז ניט, קען איך לייכט באגרייפען; וואס זי איז יא, האב איך מורא, איז אוממעגליך צו זאגען. איך ווייס ניט ווי דאס איז, אבער אויספארשענדיג איהר זונדערבארען מאדעל און מאדנעם כאראקטער פון די קלעצער, וואס שפארען אונטער די זעגלען, איהר ריזיגע גרויס און די ריזיגע זעגלען, איהר שטרענג איינפאכען פאדער־טייל און פארעלטערטען הינטער־טייל מוט פון צייט צו צייט אויפבליצען אין מיין געדאנק א געפיהל פון באקאנטע זאכען, און עס מישט זיך אימער צוזאמען מיט אזעל־כע ניט קלארע שאטענס פון עראינערונגען פון לאנג פארגעסענע צייטען פון אלטע פרעמדע כראניקעס און לאנג לאנג פארגאנגענע דורות...

איך פלעג קוקען אויפ'ן הילצערנעם טייל פון דער שיף. זי איז געוועזן געבויט פון א מאטעריאל, וואס איז פאר מיר פרעמד געוועזן. עס איז דא עפעס אייגענטימליכעס אין דעם האלץ, וואס קוקענדיג אויף דעם, פאלט מיר איין צו זאגען, אז עס טויג ניט פאר דעם צוועק, פאר וועלכען מען האט עס באנוצט. איך מיין דאס וואס עס איז דורכאויס פול מיט קליינע לעבעלאך, וועלכע נעמען זיך ניט דוקא פון דעם וואס ווערים האבען עס אויסגעגע־סען, א צושטאנד וואס קומט פון דעם ארומפאהרען איבער אזעל־כע ימ'ן, און אויך א חוץ דער צעפוילטקייט, וועלכע קומט פון יאהרען. דאס וועט פיליייכט אויסווייזען ווי אז עטוואס צו קוריא־זע באאבאכטונג, אבער דאס וואלט געהאט אלע כאראקטערים־טישע סמנים פון שפאנישען דעמב, אויב שפאנישער דעמב וואלט געקענט אויפגעשוואלען ווערען דורך וועלכע ניט איז אומנאטיר־ליכע מיטלען.

איבערלייענענדיג דעם אויבערשטען זאץ, קומט ארויף ווי לעבעדיג אויף מיין זינען א קוריאזעם גלייכווארט פון אן אלטען דורכגעטריבענעם האלענדישען נאוויגאטאר. „עס איז אזוי ריכ־

טיג", פּלעגט ער זאָגן, ווען מען פּלעגט צווייפלען אין זיין וואַר־הייטליכקייט, „אַזוי ריכטיג, ווי עס איז דאָ אַ ים, וואו די שיף אַליין קען ווערן ווי דער לעבעדיגער קערפּער פון דעם מאַטראָז."...

אַז ערד מיט אַ שטונדע צוריק האָב איך זיך דערוועגט אַריינ־צושפּאַרן זיך צווישן אַ גרופּע פון דער מאַנשאַפט. זיי האָבן מיר קיין שום אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט, און כאָטש איך בין געשטאַנען אין סאַמע מיטן צווישן זיי, האָט אויסגעזעהן, אַז זיי פיהלען לחלוטין ניט מיין אַנוועזענהייט. ווי יענער, וועל־כען איך האָב צום ערשטען געזעהן אין דעם פּלאַץ וואו מען האַלט די פּראַכט, אַזוי האָבן זיי אַלע געטראָגן אין זיך די סמנים פון גרייז אַלטע יאָהרען. זייערע קני האָבן געציטערט פון שוואַכ־קייט; זייערע אַקסלען זיינען שטאַרק געבויגען געווען פון אָפּגע־לעבטקייט; זייער איינגעשרומפּענע הויט האָט געציטערט אופ'ן ווינט; זייערע שטימען זיינען געווען נידעריג, ציטערדיג און געבראָכען; זייערע אויגען האָבען געשימערט, טרערענדיג פון אַלטקייט, און זייערע גראָהע האָר האָבען שרעקליך געפּלאַטערט אין דעם שטורעם. אַרום זיי, אויף יעטווידען טייל פון דעם דעק, זיינען געלעגען צעוואָרפען מאַטעמאַטישע אינסטרומענטען פון דער אַלט־פרענקישסטער און פאַרעלטערסטער קאָנסטרוקציע...

איך האָב מיט אַ קורצע צייט צוריק דערמאָנט, אַז מען האָט אויסגעשפּרייט אַ קליינעם קוואַדראַטנעם זעגעל. פון יענער צייט אָן האָט די שיף, פאָהרענדיג פריי מיט די זעגעלשטאַנגען אָפּגע־לאָזען, פאָרטגעזעצט איהר שרעקליכען מאַרשרוט צו דרום־צו מיט יעטווידען ברעקעל לייווענט אויפגעצויגען אויף איהר, פון דעם שפּיץ פון איהר מאַסט ביז צו איהרע נידעריגע זעגעל־שטאַנגען, טרייבענדיג יעטווידען מאָמענט איהרע העכסטע זעגעל־שטאַנגען אין דעם אימה'דיגען וואַסער־גיהנום, וואָס אַ מענש קען זיך נאָר אין די געדאַנקען פאָרשטעלען. איך האָב אַקאָרשט פאַרלאָזען דעם דעק, וואו איך האָב בשום אופן זיך ניט געקענט איינהאַלטען אויף די פיס, כאָטש די מאַנשאַפט האָט, ווי עס שיינט, וועניג וואָס אומבאַקוועמליכקייט געפיהלט. עס זעהט מיר אויס ווי אַ וואונ־דער שב'וואונדער, וואָס אונזער ריזיגע מאַכינע ווערט ניט איינ־

געשלונגען גלייך און אויף אימער. מיר זיינען זיכער פאר׳משפט צו שוועבען בסדר איבער׳ן ראנד פון אייביגקייט, ניט מאכענדיג דעם לעצטען שפרונג אין אפגרונט אריין. פון אינדען, א טויזענט מאל מעהר ערשטוינליך ווי וועלכע ניט איז וואס איך האב ווען געזעהן, גליטשען מיר זיך אויעק מיט דער לייכטקייט פון דער מעווע, וואס פליהט, ווי א פייל פון א בויגען. און די קאלאסאלע וואסערן שטעלען אויף זייערע קעפ איבער אונז אזוי ווי טייוואלים פון גיהנום, אבער אזוי ווי טייוואלים זיינען זיי פארזאגט געווארען נאר צו סטראשען, אבער ניט צו פארניכטען. איך בין גענויגט צוצושרייבען די דאזיגע אפטע רעטונגען צו דער איינציגער נאטירליכער אורזאך, וועלכע קען דערקלערען אזא מין ווירקונג. איך בין זיך משער, אז די שיף איז געווען אונטער׳ן איינפלום פון עפעס א שטארקען שטראם אדער א האסטיגער שטרעמונג אויפ׳ן באדען פון ים, וואס באוועגט זיך אין דער געגענזעצליכער ריכטונג פון דער שטרעמונג, וואס שטראמט פון אויבען...

איך האב געזעהן דעם קאפיטאן פנים אל פנים, און טאקע אין זיין אייגענער קאיוטע, אבער, ווי איך האב ערווארט, האט ער מיר ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט. כאטש אין זיין אויסזעהן איז פאר א צופעליגען באאבאכטער גארנישט ניטא, וואס זאל איהם קאנען באצייכענען מעהר אדער וועניגער ווי מענשליך, דאך, ווען איך קוק אויף איהם, נעמט מיך אן א געפיהל פון אומאונטערדריקבארער אכטונג און עהרפורכט געמישט מיט א געפיהל פון פארוואונדערונג. אין וואוקס איז ער כמעט מיט מיר איין הויך, דאס הייסט, ארום פינף פוס אכט אינטשעס. די געביי פון זיין קערפער איז גוט צוזאמענגעשטעלט און קאמפאקט, ניט מגושם׳דיג און אויך ניט מערקווירדיג אויף אן אנדער אופן. אבער עס איז די זונדערבארקייט פון דעם אויסדרוק וואס עס באהערשט דאס געזיכט, עס איז דער שטארקער, דער וואונדערבארער, דער דורכנעמענדער זיגעל פון טיפען עלטער, אזוי פולשטענדיג, אזוי אומגעוועהנליך, וואס עס רעגט אויף אין מיין גייסט א געפיהל, א סענטימענט, וואס קען מיט ווערטער ניט אויסגעדריקט ווערען. זיין שטערען, כאטש א ביסעל צע-

קנייטשט, שיינט צו טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אַ מיריאַד מיט יאָהרען. זיינע גרויע האָר זיינען כראָניקעס פון דער פאַרגאַנגענהייט, און זיינע נאָך גרויערע אויגען זיינען פאָראויסזאָגער פון דער צוקונפט. דער דיל פון דער קאַיוטע איז געוועזן געדיכט פאַרלעגט מיט מאָדנע, אייזען געקלאַמערטע בלעטער, און אין שטיקלעך צעבראָכענע אינסטרומענטען פון וויסענשאַפט, און פאַרעלטערטע, לאַנג־פאַרגעסענע קאַרטעס. זיין קאָפּ איז געוועזן אָנגעבויגען איבער זיינע הענט, און ער האָט אריינגעקוקט מיט אַ פייערדיג, אומרוהיג אויג אין אַ פּאַפּיר, וואָס איז ביי מיר אויסגעקומען, אַז דאָס איז אַ מין פולמאַכט, און וואָס האָט יעדענפאַלס געטראָגען די חתימה פון אַ מאָנאַרך. ער האָט גערעדט עפּעס צו זיך, אַזוי ווי דער ערשטער מאַטראָז, וועלכען איך האָב געזעהן דאָרט וואו מען האַלט די פראַכט, עפּעס נידעריגע, משוגענע זילבען פון אַ פרעמדער שפּראַך, און כאָטש ער איז געוועזן האַרט ביי מיין עלענבויגען, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז זיין שטימע קומט פון ערגעץ אַ מייל ווייט...

די שיף און אַלעס וואָס אין איהר איז אָנגעזאָפּט מיט'ן גייסט פון אַלטקייט. די מאַנשאַפט באַוועגט זיך הין און צוריק אַזוי ווי גייסטער פון באַגראָבענע יאָהרהונדערטער: זייערע אויגען האָבען אַ זשעדנעם און אומרוהיגען קוק, און ווען זייערע פיגורען פאַלען מיר אין וועג, אין דעם ווילדען שיין פון די קריגס־לאַנטערנעס, פיהל איך ווי איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געפיהלט, כאָטש איך בין געוועזן מיין גאַנצען לעבען אַ הענדלער מיט אַנטיק־זאַכען און האָב איינגעזויגען אין זיך די שאָטענס פון די איינגעפאַלענע קאָלאָנעס פון באַאַל־בעק און טאַדמאָר און פּערסעפּאָלים ביז מיין סאַמע האַרץ איז געוואָרען אַ חורבה...

ווען איך קוק זיך אַרום, שעם איך זיך פאַר מיין פריהערדיגער מורא. אויב איך האָב געציטערט אין דעם שטורעם־ווינט, וועלכער האָט ביז אַהער אונז באַגלייט, זאָל איך ניט שטעהן אַ דערשראָקענער אין דעם קאַמף צווישען ווינט און אָקעאַן, וואָס איבערצוגעבען פון דעם אַ וועלכען עס איז באַגריף, זיינען די ווערטער טאָרנאַדאָ און סאַמום אומבאַדייטענד און ניט שטאַרק? אַלעס

וואס נאהענט ארום דער שיף איז די שווארצקייט פון אייביגער נאכט און א כאאס פון שוימלאזען וואסער. אבער ביי א ים־מייל פוןביידע זייטען שיף קען מען זעהן, ניט־קלאר און אין אינטערוואלען, ערשטוינליכע בערג פון אייז, הויבענדיג זיך ווי א טורעם אין דעם טריבען הימעל אריין, און אויסקוקענדיג ווי די ווענט פון דעם אוניווערזום...

ווי איך האב זיך פארגעשטעלט, איז די שיף טאקע אין א שטראם, אויב דאס קען אזוי ריכטיג אנגערופען ווערען א וואסער־פלוס, וואס וואיענדיג און שרייענדיג דורכ'ן ווייסען אייז, דונערט ער ווייטער צו דרום־צו מיט דער שנעלקייט פון א ראשי־גען הויכען וואסערפאל...

צו באגרייפען דעם שרעק, וואס איך פיהל דורך, רעכען איך, איז לחלוטין אוממעגליך. דאך א נייגעריגקייט דורכצודרינגען די סודות פון די דאזיגע אימה'דיגע רעגיאנען איז שטארקער אפילו פון מיין פארצווייפלונג, און עס וועט מיך צונויפברענגען מיט'ן שוידערליכסטען אנבליק פון טויט. עס איז קענטיג, אז מיר איילען זיך פארווערטס צו עפעס אן אויפרעגענדער ערקענטניש, צו עפעס א קיינמאל־ניט־אנטפלעקטען סוד, וואס זיין דערגרייכונג איז פארניכטונג. אפשר פיהרט אונז דער דאזיגער שטראם צום זיך־פאל גופא. איך מוז זיך מודה זיין, אז אזא ווילד־אויסזעהענדע השערה האט יעטווידע וואהרשיינליכקייט אויף איהר זייט...

די מאנשאפט שפרייזט אום אויפ'ן דעק מיט אומרוהיגע און ציטערדיגע טריט, אבער אויף זייערע פנימ'ער איז גיכער צו זעהן אן אויסדרוק פון באגעהר נאך האפנונג, איידער פון דער אפאטיע פון פארצווייפלונג.

דערווייל איז דער ווינט נאך אונז פון הינטען, און אזוי ווי מיר האבען אויפגעצויגען א מאסע זעגלען, ווערט די שיף צייטענווייז אויפגעהויבען איננאנצען פון ים ארויס. א, שרעק איבער שרעק! דאס אייז עפענט זיך פלוצלונג רעכטס און לינקס, און מיר דרעהען זיך שווינדלדיג אין אוממעגליכע קאנצענטרישע קרייזען, ארום און ארום די ברעגען פון א ריזיגען אמפיטעאטער,

וואס דער שפיץ פון זיינע ווענט ווערט פארלארען אין דער פינ־סטערניש און ווייטקייט. אבער עס וועט ווייניג צייט מיר איבער־בלייבען צו טראכטען איבער מיין שיקזאל! די קרייזען ווערען שנעל קלענער, מיר ווערען משוגע געשטירצט, געכאפט פון דעם ווירבעל־שטראם, און צווישען א ברומען און א ברויזען און א דו־נערן פון אקעאן און שטורעם טרייסעלט זיך די שיף — א, גאט! — און געהט אונטער!

---

ב א מ ע ר ק ו נ ג. — דער „מאנוסקריפט, וואס מען האט געפונען אין א פלעשעל" איז צוערשט געווען פארעפענטליכט אין 1831, און ערשט א סך יאהרען נאכדעם בין איך באקאנט געווארען מיט די מאפעס פון מערקאטאר, אין וועלכע דער אקעאן ווערט פארגעשטעלט ווי ער פליסט אריין דורך פיער מיילער אין דעם (צפון'דיגען) פאלא־רען גאלף, אום איינגעשלונגען צו ווערען אין דעם בויך פון דער ערד. דער פאל אליין ווערט פארגעשטעלט דורך א שווארצען פעלז, הויבענדיג זיך ווי א טורעם צו אן אומגעהויערער הויכקייט.

# ליגעיא

„און דער ווילען ליגט אין דעם, וואס שטארבט ניט אפ. ווער קען וויסען די סודות פון דעם ווילען, מיט זיין קראפט? ווארים גאט איז נאר א גרויסער ווילען, וואס דרינגט דורך אלע זאכען מיט זיין השגחה. א מענש פאלט ניט פאר מלאכים, אויך ניט אינגאנצען פאר'ן טויט, סיידען נאר דורך דער שוואכקייט פון זיין צעקראכענעם ווילען".

ושאזעף גלענוויל.

איך קען זיך באמת איצט ניט דערמאנען, ווי אזוי, ווען, אדער אפילו וואו, איך בין צוערשט באקאנט געווארען מיט דער ליידי ליגעיא. א סך יאהרען איז פון דעמאלט אן אוועק, און מיין זכרון איז שוואך פון פיעל ליידען. אדער, אפשר, קען איך א י צ ט דאס ניט ארויפברענגען אויף מיין זכרון, ווייל אין דער אמת האט דער כאראקטער פון מיין ליבסטער, איהר זעלטענע געלערנטקייט, איהר וונדערבארער, דאך מילדער, סארט שעהנקייט און די דורכדרינגענדע און באצויבערנדע עלאקווענץ פון איהר שטילער מוזיקאלישער שפראך וואס אמאל מעהר אריינגעדרונגען אין מיין הארצען מיט אזעלכע גלייכמעסיגע און גע־גנב'עטע טריט, אז זיי זיינען געבליבען אומבאמערקט און אומ־באוואוסט. דאך גלויב איך, אז איך האב זי צוערשט און אם אפטסטען געטראפען אין עפעס א גרויסער, אלטער אפשטארבענ־דער שטאט ביים רהיין. וועגען איהר משפחה האב איך זי זיכער געהערט רעדענדיג. אז עס איז פון ווייט אלטע צייטען, קען דערין

קיין שום ספק ניט זיין. ליגעיאַ! ליגעיאַ! פאַרגראָבען אין׳ם
שטודיום פון אַזעלכע זאַכען, וועלכע זיינען מעהר ווי אַלע אַנ־
דערע מסוגל אָפּצוטויטען די איינדרוקען פון דער דרויי־
סענדיגער וועלט, איז נאָר מיט דעם דאָזיגען זיסען איינציגען
וואָרט — ליגעיאַ — קען איך אויפברענגען פאַר מיינע אויגען אין
דער פאַנטאַזיע די געשטאַלט פון יענער, וועלכע איז שוין מעהר
ניטאָ. און איצט, שרייבענדיג, דערמאָן איך זיך פּלוצלונג, אַז
איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט דעם פאַמיליען־
נאָמען פון יענער, וועלכע איז געווען מיין פריינד און מיין פאַר־
לאָבטע, און וועלכע איז געוואָרען דער קאָמפּאַניאָן אין מיין
שטודיום, און ענדליך די ווייב פון מיין שוים. איז עס געווען
אַ שפּיצעל פון ליגעיאַ׳ס זייט? אָדער איז עס געווען אויסצו־
פּרובען די שטאַרקייט פון מיין ליבע, אַז איך זאָל ניט מאַכען
קיין חקירה ודרישה וועגען אַזאַ זאַך? אָבער איז עס געווען
מיינער אַן אייגענער קאַפּריז — אַ ווילדער ראָמאַנטישער פייער־
צאָפּער אויפ׳ן מזבח פון דער ליידענשאַפטליכסטער ליבשאַפט?
איך דערמאָן זיך בלויז ניט קלאָר דעם פאַקט אַליין — וואָס איז
דער וואונדער, אַז איך האָב לגמרי פאַרגעסען די אומשטענדען.
וועלכע האָבען דאָס ארויסגעבראַכט אָדער באַגלייט? און
ווירקליך, אויב יענער גייסט, וועלכער רופט זיך ראָמאַנס,
אויב יענע, די טונקעלע, מיט די נעבעל־פליגלען, אַשטאַפּעט
פון דעם געצענדינערישען מצרים האָט ווען געפּראַוועט, ווי זיי
דערצעהלען, די בייז־באַשערטע חתונות, דאַן האָט זי זיכער מיין
חתונה געפּראַוועט.

עס איז אָבער דאָ איין ליבער פּונקט, וועגען וועלכען מיין
זכרון פאַרראַט מיר ניט. דאָס איז ווי ליגעיאַ האָט אויסגע־
זעהן. אין וואוקס איז זי געווען הויך, עטוואָס שלאַנק, און
אין איהרע שפּעטערדיגע טעג זאָגאַר אָפּגעצעהרט. איך וואָלט
אומזיסט געמאַטערט זיך צו שילדערן איהר מאַיעסטעט, די געלאַ־
סענע רוהיגע האַלטונג איהרע, אָדער די אומבאַגרייפליכע לייכט־
קייט און עלאַסטישקייט פון איהרע טריט. זי פלעגט קומען
און אַוועקגעהן אַזוי ווי אַ שאָטען. איך פלעג קיינמאָל ניט

הערען, ווי זי פלעגט אריין אין מיין פארמאכטען ארבייטס־צימער,
וואו איך פלעג ניט דערהערען די ליבע מוזיק פון איהר נידערי־
גער זיסער שטימע, אוועקלעגענדיג איהר מירמעל־האנד אויף מיין
אקסעל. אין שעהנקייט פון געזיכט איז קיין מיידעל צו איהר
גלייך ניט געווען. עס איז געווען דער אפגלאנץ פון א אפיום־
טרוים — א לופטיגע גייסט־אויפהויבענדע וויזיאן, מעהר ווילד־
געטליך, ווי די פאנטאזיעס, וועלכע האבען געשוועבט ארום די
דרעמלענדע זעעלען פון די טעכטער פון דעלאס. דאך זיינען
איהרע שטריכען ניט געווען פון יענעם געוועהנליכען פורעם, וועל־
כען מען האט אונז פאלש געלערנט צו פארגעטערען אין די קלא־
סישע ווערק פון דעם געצענדינער. „עס איז ניטא קיין אויס־
געצייכענטע שעהנקייט“, זאגט בייקאן, לארד ווערולאם, רעדענדיג
ריכטיג פון אלערליי פארמען און מינים שעהנקייט, „וואו עס זאל
ניט זיין עפעס זונדערבארעס אין דער פראפארציע“.
דאך, כאטש איך האב געזעהן, אז די שטריכען פון ליגעיא זיינען
ניט געווען פון קלאסישער רעגעלמעסיגקייט: כאטש איך האב
באגריפען, אז איהר ליבליכקייט איז ווירקליך געווען „אויסגעצייכ־
בענט“, און געפיהלט, אז עס איז דא פילעס פון דער „זונדער־
בארקייט“, וואס דרינגט עס דורך, דאך האב איך אומזיסט גע־
מאטערט זיך אויפצודעקען די אומרעגעלמעסיגקייט און אויסצו־
זוכען מיין אייגענע השגה פון „דעם זונדערבארען“. איך האב גוט
באטראכט די קאנטור פון׳ם הויכען און בלאסען שטערן — קיין
שום מום — ווי קאלט איז ווירקליך אזא אויסדרוק, רעדענדיג
וועגען אזא געטליכער מאיעסטעט! די הויט האט קאנקורירט
מיט׳ן ריינסטען עלפענביין, היינט די באפעהלענדע גרויס און
רוהיגקייט, און די צארטע בולט׳קייט פון די פלעצער איבער די
שלייפען! און דאן די ראב־שווארצע, גלאנציגע, גרויסע און נאטור־
געקרייזעלטע לאקען, וואס האבען ארויסגעבראכט אין פולער קראפט
דעם האמערישען עפיטעט „היאצינטיש“! איך האב געקוקט
אויף די דעליקאטע שטריכען פון דער נאז, און ערגעץ ניט, סיידען
אין די גראציעזע מעדאליאנען פון די אידען, האב איך באמערקט
אז עהנליכע פאלקאמענהייט. עס איז געווען די זעלבע רייכע

גלאטקייט פון הויט. די זעלבע קוים באמערקבארע טענדענץ צו אדלערישעס, די זעלבע הארמאניש אויסגעבויגענע נאזלעכער, אין וועלכע דער פרייער גייסט האט גערעדט. איך האב באטראכט דאס זיסע מויל. דא איזווירקליך געווען דער טריאומף פון אלצדינג וואס איז הימליש: דער פרעכטיגער שניט פון דער קורצער אויבערשטער ליפ, דער ווייכער, ליידענשאפטליכער שלומער פון דער אונטערשטער, די גריבעלעך וואס האבען זיך געחנ'דעלט און די פארב וואס האט גערעדט, די ציינער, וואס האבען אפגעשפיגעלט מיט א שיער דערשטוינענדען גלאנץ יעדען שטראל פון'ם היילינגען ליכט, וואס איז געפאלען אויף זיי אין איהר רוהיגען, מילדען, דאך פריידיגסט־שטראלענדען פון אלע שמייכלען. איך האב גוט באטראכט די פארמירונג פון דעם קין, און אויך דא האב איך געפונען די צארטע ברייטקייט, די ווייכקייט און די גרויסקייט, די פולקייט און די גייסטיגקייט פון דאס גריכישע, די קאנטור וועלכע אפאלא האט נאר אין טרוים אנטפלעקט צו קלעאמענעס, דעם זוהן פון דעם אטענער. און דאן האב איך אריינגעקוקט אין די גרויסע אויגען פון ליגעיא.

פאר אויגען האבען מיר ניט קיין מאדעלען אין דעם וויטען אלטערטום. עס קען אויך זיין, אז אט אין די אויגען פון מיין ליבסטער ליגט דער סוד, אויף וועלכען לארד ווערולאם איז מרמז. זיי זיינען געווען, מוז איך גלויבען, פיעל גרעסער, ווי די געוועהנליכע אויגען פון אונזער אייגענער ראסע. זיי זיינען זאגאר געווען פולער ווי די פולסטע פון די גאזעלען־אויגען פון דעם שבט פון'ם טאל פון נורזשאהאד. דאך איז עס געווען נאר אין צווישען צייטען — אין מאמענטען פון העכסטער אויפרעגונג — וואס די דאזיגע אייגענטימליכקייט פלעגט ווערען מעהר ווי עטוואס באמערקבאר ביי ליגעיא'ן. און אין אזעלכע מאמענטען איז געווען איהר שעהנקייט — אין מיין צעהיצטער פאנטאזיע איז דאס אפשר אזוי אויסגעקומען — די שעהנקייט פון וועזענס, וואס זיינען, אדער איבער אדער וויט פון דער ערד — די שעהנקייט פון דער פאבעלהאפטער הורי, פון די טערקען. דער קאליר פון די אויגען־קוילען איז געווען דער גלענצענדסטער שווארצער קאליר

וואס איז דא, און ווייט איבער זיי זיינען געהאנגען פעד־שווארצע וויהעס פון א היבשער לענג. די ברעמען, עטוואס אונרעגעל־מעסיג אין קאנטור, האבען געהאט דעם זעלבען קאליר. די „זונ־דערבארקייט" אבער, וואס איך האב געפונען אין די אויגען, איז געווען פון א גאנץ אנדער נאטור, ניט אין דער פארמירונג, אדער קאליר, אדער אין דעם גלאנץ פון די שטריבען, און איך האב געמוזט, נאך אלעמען, זיך ווענדען צום א ו י ס ד ר ו ק. אך, אווארט, וואס מיינט גארנישט! א ווארט, וואס הינטער זיין מורא'דיגער ברייטקייט פון בלויזען קלאנג, באהאלטען מיר אונ־זער אומוויסענהייט פון אזוי פיעל פון דאס גייסטיגע. דער אויסדרוק פון ליגעיא'ס אויגען! אך, ווי איך האב שטונדען־לאנג געטראכט איבער דעם! אך, ווי איך האב איינמאל א גאנצע מיטען־זומער נאכט געמאטערט זיך דאס צו דערגרונטעווען! וואס איז דאס געווען, אט דאס עפעס טיפער ווי דער קוואל פון דע־מאקריטוס, וואס איז געלעגען הינטער די שווארצאפלען פון מיין ליבסטער? וואס איז דאס ג ע ו ו ע ן? א ליידענשאפט האט מיך אנגענומען צו אנטדעקען דאס. יענע אויגען, יענע גרויסע, יענע שיינענדע, יענע געטליכע ארביטען — זיי זיינען געווארען פאר מיר דער צווילינג־שטערען פון לעדא, און איך פאר זיי — דער איבערגעבענסטער אסטראלאג.

צווישען די פיעלע אומבאגרייפליכע אנאמאליעס פון דער ווי־סענשאפט פון זכרון איז ניטא קיין מעהר שארף אויפרעגענדער פונקט, ווי דער פאקט — קיינמאל, גלויב איך, ניט באמערקט אין די שולען — וואס מאטערענדיג זיך אמאל צו דערמאנען זיך עפעס לאנג פארגעסענעס, דוכט זיך אויס, אז א ט ־ א ט ד ע ר־מ א נ ע ן מ י ר ז י ך, און צום סוף קענען מיר זיך נ י ט דערמאנען. און אט אזוי, אין מיין שטארקער פארשונג פון ליגעיא'ס אויגען, ווי אפט האב איך געפיהלט, אז אט באלד וועל איך איינגאנצען דערגעהן זייער אויסדרוק — געפיהלט, אז אט־אט וועט עס געשעהן — און דאך דאס ניט געקענט, און אט אזוי איז עס ענדליך איינגאנצען פארשוואונדען. און (זונדערבאר, אה, זונדערבארסטע געהיימנים!) איך האב געפונען אין די איינ־

פאַכסטע געגענשטאַנדען פון דעם אוניווערזום א גרופּע אַנאַלאָגיעם פאַר יענעם אויסדרוק. איך וויל זאָגען, אז נאָכדעם, נאָך דער צייט, ווען ליגעיאַ׳ס שעהנקייט איז אריבער אין מיין גייסט, ליגענדיג דאָרטען, ווי אין אַן אָרון־קודש, האָב איך פון פיעלעם וואָס עקזיסטירט אין דער מאַטעריעלער וועלט, זיך אויסגעבילדעט א געפיהל, אזא, ווי איך האָב אימער געפיהלט אַרום מיר, אין מיר דורך איהרע גרויסע און ליכטיגע אויגען. דאָך קען איך אַלץ ניט דעפינירען יענעם געפיהל, אָדער אַנאַליזירען עס, אָדער אפילו בסדר עס בעאָבאַכטען. לאָמיך דאָס נאָך אַמאָל זאָגען — איך האָב עס אָפטמאָל דערקענט, באַטראַכטענדיג א שנעל־וואַקסענדען וויינשטאָק, באָאָבאַכטענדיג א מאָט, א שמעטערלינג, אַן איג־זעקטען־פּופּע, א שטראָם פון לויפענדען וואַסער. איך האָב דאָס געפיהלט אין דעם אָקעאַן, אין דעם פאַלען פון א מעטעאָר. איך האָב דאָס געפיהלט אין די בליקען פון אומגעוועהנליך אַלטע לייט, און עס איז דאָ איינער אָדער צוויי שטערען אין הימעל (איינער איבערהויפּט, א שטערען פון דער זעקסטער גרויס, טאָפּעלט און פאַרענדערליך, וואָס מען קען איהם געפינען לעבען דעם גרויסען שטערען אין לירא), וואָס קוקענדיג אויף זיי דורך א טעלעסקאָפּ, בין איך דורכגעדרונגען געוואָרען מיט׳ן געפיהל. איך בין דערמיט אָנגעפילט געוואָרען דורך געוויסע קלאַנגען, אַרויסגעבראַכט דורך אינסטרומענטען מיט סטרונעס, און זעהר זעלטען דורך ציטאַ־טען פון ביכער. צווישען אַנדערע ביישפּילען אָהן א צאָהל געדענק איך גוט עפּעס אין א באַנד פון דזשאָזעף גלענוויל, וואָס (אפשר מיט זיין אַלטפרענקישקייט — ווער קען זאָגען?) פלעגט מיך אימער אָנפילען מיט אָט דעם געפיהל: „און דער ווילען ליגט אין דעם, וואָס שטאַרבט ניט אָפּ. ווער קען וויסען די סודות פון דעם ווילען פון זיין קראַפט? וואָרים גאָט איז נאָר א גרויסער ווילען, וואָס דרינגט דורך אַלע זאַכען מיט זיין השגחה. א מענש פאַלט ניט פאַר מלאכים, אויך ניט אינגאַנצען פאַר׳ן טויט, סיידען נאָר דורך דער שוואַכקייט פון זיין צעקראָכענעם ווילען".

א משך פון יאָהרען און נאָכפאָלגענדע נאָכדענקונג האָבען מיר געגעבען די מעגליכקייט ווירקליך אויסצושפּירען עפּעס א

ווייטע שייכות צווישען דער דאזיגער ציטאטע פון דעם ענגלישען מאראליסט און א טייל פון ליגעיא'ס כאראקטער. אז אינ־טענסיווי טעט אין דענקען, האנדלען אדער רעדען איז מעגליך געווען אין איהר א רעזולטאט, אדער וועניגסטענס אן אנצייגער, פון יענער ריזיגער ווילענס־קראפט, וועלכער האט אין משך פון אונזער לאנגען באקעהר ניט ארויסגעוויזען קיין אנדערע און מעהר דירעקטע סימנים פון איהר עקזיסטענץ. פון די אלע פרויען, וועלכע איך האב ווען־עס־איז געקענט, איז זי, די אויסערליך רוהיגע, אלעמאל מילדע ליגעיא, אם שטארקסטען געווען א רויב צו די צערייצטע רויב־פויגעל פון בייזער ליידענשאפט. און איך קען מיר אנדערש ניט דערקלערען אזא ליידענשאפט, סיידען מיט דער כמעט צויבערליכער מעלאדיע, מאדולאציע, קלארקייט און זאנפטקייט פון איהר זעהר נידעריגער שטימע, און מיט דער געוואלדיגער ענערגיע (נאך אמאל אזוי פיעל ווירקזאם געמאכט דורכ'ן קאנטראסט מיט איהר מאניער פון אויסשפראך) פון די ווילדע ווערטער, וועלכע זי פלעגט געוועהנליך ארויסרעדען.

איך האב גערעדט פון ליגעיא'ס געלערנטקייט: עס איז געווען געוואלדיג, וואס איך האב אזוינס נאך אין א פרוי ניט גע־זעהן. אין די קלאסישע שפראכען האט זי געהאט א טיפע בקיאות, און אויף ווי ווייט עס גרייכט מיין אייגענע באקאנטשאפט, וואס איך האב אין די מאדערנע אייראפעאישע שפראכען, האב איך זי קיינמאל ביי קיין גרייז ניט געכאפט. ווירקליך, אין וואסער ניט איז ענין פון דער באוואונדערטסטער, ווייל ס'איז איינפאך די אומפארשטענדליכסטע, פון דער באריהמערישער ערודיציע פון דער אקאדעמיע — האב איך וועןן געפונען ליגעיא זאל זיין: הינטערשטעליג? ווי מאדנע, ווי ריהרענד, וואס ערשט איצט אזוי שפעט, האב איך געמוזט שענקען אויפמערקזאמקייט אט דער איין אייגענשאפט פון מיין ווייב'ס נאטור! איך האב גע־זאגט, אז איהר קענטעניש איז געווען אזא, וואס איך האב אין א פרוי ניט געטראפען — אבער וואו לעבט דער מאן, וואס איז דורכגעגאנגען, און ערפאלגרייך, אל'די ברייטע פעלדער פון מא־ראלער, פיזישער און מאטעמאטישער וויסענשאפט? איך האב

דערנסטמאל ניט געזעהן דאס, וואס איך זעה איצטער קלאר, אז ליגעיא׳ס ערוואַרבענע ידיעות זיינען געווען ריזיג, זיינען געווען דערשטוינענד. דאך האָב איך גענוג געוואוסט פון איהר אומ־ענדליכער אויבערמאכט איבער מיר, איך זאָל, מיט אַ קינדער־שען צוטרוי לאָזען זיך פיהרען פון איהר דורך דער כאאָטישער וועלט פון מעטאפיזישער חקירה, מיט וועלכער איך בין געווען ושטארק באשעפטיגט פאר דער צייט פון די ערשטע יאָהרען פון אונזער הייראט. מיט וואס פאר א גוואלדיגען נצחון, מיט וואס פאר א שטארקער חדוה, מיט וואס פאר א הימלישקייט אין דער האפענונג — האָב איך ג ע פ י ה ל ט, בעת זי פלעגט זיך אָנבויגען איבער מיר ביים לערנען דאס ווייניג געזוכטע, דאס ווייניג באַקאַנטע, יענע מחיה׳דיגע אלעע, לאַנגזאַם, גראדענווייז, אויסציהענדיג זיך פאר מיר, אז געהענדיג איבער איהר לאַנגען, פרעכטיגען און גאַרניט באטראטענעם שטעג, וואָלט איך ענדליך געקענט צוקומען צום ציל פון חכמה, וואס איז צו געטליך טייער, אום ניט פארבאָטען צו זיין!

היינט ווי שארף האָט געמוזט זיין מיין שמערץ, מיט וועלכען איך האָב אין עטליכע יאָהר ארום געזעהן, מיינע גוט באגרינדעטע ערוואַרטונגען קריגען פליגלען און פליהען אוועק! אָהן ליגעיא׳ן בין איך נאר געווען ווי א קינד וואס טאפט אין דער פינסטער. איהר אנוועזענהייט, איהר איין לייענען האָט שטארק ליכטיג געמאכט די פיעלע סודות פון דעם טראנסצענדענטאליזם, אין וועלכען מיר האָבען זיך ארונטערגעלאָזען. ניט האָבענדיג דעם שיינענדען גלאַנץ פון איהרע אויגען, זיינען די בוכשטאבען, שי־מערנד און גאָלדיג, געוואָרען טונקעלער ווי סאטורנישער בליי. און דאן האָבען יענע אויגען געשיינט אַלץ זעלטענער און זעל־טענער איבער די בלעטער, אין וועלכע איך האָב זיך פארטיפט. ליגעיא איז קראַנק געוואָרען, די ווילדע אויגען האָבען אויפגע־פלאמט מיט א צו — יא, א צו הערליכען גלאַנץ. די בלאסע פינגער האָבען געקראָגען דעם דורכזיכטיגען וואקסענעם קאליר פון קבר און די בלויע אדערען אויף׳ן הויכען שטערען זיינען אויפגעשוואָ־לען געוואָרען און ראשיג אפגעפאלען מיט׳ן שטראם פון דער צארט־

סטער עמאציע. איך האב געזעהן, אז זי מוז שטארבען, און איך האב פארצווייפעלט געקעמפט אין גייסט מיט'ן בייזען אזראעל. און דער קאמף פון דער ליידענשאפטליכער ווייב איז צו מיין דער־שטוינונג געווען נאך ענערגישער, ווי מיין אייגענער. עס איז געווען פיעלעס אין איהר שטרענגער נאטור, וואס זאל אין מיר איינפלאנצען דעם גלויבען, אז צו איהר וועט דער טויט קומען אהן זיינע שרעקען. אבער עס איז ניט געווען אזוי. ווער־טער זיינען ניט אימשטאנד איבערצוגעבען א וועלכען־עס־איז ריכ־טיגען באגריף פון דעם ווילדען ווידערשטאנד, מיט וועלכען זי האט זיך געראנגעלט מיט'ן טויט. איך האב געקרעכצט אין אנגסט, ניט קענענדיג צוזעהן דעם צער. איך וואלט זי גע־טרייסט, איך וואלט גערעדט צו איהר: אבער אין דער איג־טענסיוויטעט פון איהר ווילדען חשק צו לעבען, צו לעבען, נאר צו לעבען, וואלטען טרייסט און רייד געווען די גרעסטע נאריש־קייט. דאך ניט ביז צו דער לעצטער רגע, אינ'ם העבסט קאנ־וואלסיווען דרעהען זיך פון איהר ווילדען גייסט, איז געבראכען געווארען די אויסערליכע רוהיגקייט פון איהר כאראקטער. איהר שטימע איז געווארען צארטער, געווארען נאך נידעריגער, דאך וואלט איך ניט וועלען זיך אפשטעלען אויף דער ווילדער באַ־דייטונג פון די שטיל ארויסגערעדטע ווערטער. מיין מח האט זיך אין מיר געקעהרט, הארכענדיג, אין עקסטאז, צו א מעלאדיע, מעהר ווי שרעקליך — צו איינבילדונגען און שטרעבונגען, פון וועלכע די שטערבליכקייט האט קיינמאל פריהער ניט געוואוסט.

אז זי האט מיך געליבט, אין דעם האב איך ניט געקענט צווייפלען, און איך וואלט לייכט געקענט זעהן, אז אין אזא הארץ, ווי איהרס, קען די ליבע באזיצען ניט קיין געוועהנליכע ליידענ־שאפט. אבער נאר אין טויט האב איך דערפיהלט די גאנצע קראפט פון איהר ליבע. שטונדען־לאנג, האלטענדיג מיין האנט, האט זי פאר מיר אויסגעגאסען דעם איבערפלוס פון א הארץ, וועמעס מעהר ווי ליידענשאפטליכע איבערגעבענהייט האט דערגרייכט ביז צו געצענדיענערייע. ווי אזוי איך האב דאס פארדיענט אזוי געבענשט צו זיין מיט אזא וידוי? ווי אזוי איך האב דאס

פאַרדיענט אזוי פאַרשאַלטען צו זיין, אז מיין ליבסטע זאָל פון מיר אוועקגענומען ווערען אין דער שטונדע, וואָס זי האָט זיך דאָס אזוי מתודה געווען? אבער איך קען וועגען דעם ענין קיין סך ניט רעדען. איך וועל נאָר זאָגען, אז אין ליגעיא'ס איבער־געבען זיך, נאָך מעהר וויפיעל אַ פרוי קען, צו אַ ליבע, ליידער גאָרניט אָפגעשאַצט, נאָר אומפאַרדיענט געשענקט, האָב איך ענד־ליך דערקענט דאָס פּרינציפּ פון איהר בענקען מיט אזאַ ווילד־שטאַרקען באַגעהר נאָכ'ן לעבען, וואָס פליהט פון איהר איצט אזוי געשווינד אוועק. דאָס איז אַט די ווילדע בענקשאַפט, דאָס איז אַט דער זעהר העפטיגער באַגעהר צום לעבען — נ אַ ר צום לעבען — וואָס איך האָב קיין קראַפט ניט צו שילדערן — קיין ווערטער זיינען ניט אימשטאַנד אויסצודריקען.

אין רעכטען מיטען נאַכט, אין דער נאַכט אין וועלכער זי איז געשטאָרבען, אַ ווינק טוענדיג צו מיר מיט אַ פעסטער אַנט־שלאָסענהייט, איך זאָל צוגעהן צו איהר, האָט זי מיר געהייסען איבערזאָגען פאַר איהר געוויסע פערזען, וואָס זי אַליין האָט פאַרפאַסט מיט ניט קיין סך טעג צוריק. איך האָב איהר געפאָלגט. אַט דאָס זיינען זיי געווען:

א גרויסער פעסט געגעבען ווערט 1)
אין איינזאַמקייט פון צייט.
פאַרדעקט, פאַרטרויערט און פאַרטרערט,
מלאכים זיצען גרייט.
פון האָפנונג און פון שרעק אַ שפּיעל
געהט אַן פאַר זייער בליק,
און דער אָרקעסטער אָטעמט שטיל
פון ספערען די מוזיק.

1) דאָס ליעד, און דאָס צווייטע ליעד אין „אונטערגאַנג פון הויז אַשער" זיינען איבערזעצט פון י. קיסין.

און מורמלענדיג וואס אין דער שטיל,
פּאַיאַצען פיעל אין גאָט'ס געשטאַלט,
הער־היין זיך דרעהען אין דעם שפּיעל.
א מחנה שאָטענס זיי באַפאַלט
און פיהרט זיי, דרעהט די ביהנע אום
ביי יעדען ווינקעל, ברעט און שפּאַלט,
פון זיי'רע פליגלען פייערליך־שטום
אומזיכבאַר אומגליק פאַלט.

משונה'דיג די דראַמאַ! קענסט
פאַרגעסען זי? — אַ, קיינמאָל ניט!
מען יאָגט נאָך אייביג אַ געשפּענסט,
מען כאַפּט איהם קיינמאָל ניט.
און אין אַ רינג געשווינד, געשווינד,
אַלץ פליהט ער אום און פליהט.
פיעל וואַהנזין דאַ, און נאָך מעהר זינד,
און שרעק אויף יעדען טריט.

אַ קריכיג, רויט באַשעפעניש
קומט, דרעהענדיג זיך פויל,
אַ ווארים קומט פון פינסטערניש
אינמיטען דעם פּאַיאַצען־קנויל.
ער דרעהט זיך, גראַבט איין דורשטיג־ווילד
אין זיי זיין העסליך מויל,
די שרפים וויינען ביי דעם בילד
און שוידערען פאַר גרויל.

און באַלד דער שיין פאַרלאַשען ווערט,
אויף יעדער אַנגסטליכער געשטאַלט
אַ טויט־קלייד פלאַטערט, צו דער ערד
מיט אַ גערויש דער פאַרהאַנג פאַלט.
די שרפים אין דער לופטיגער שטיל
ערקלערען, בלייכע, פאַר דער וועלט,
אַז „לעבען“ הייסט דער טרויער־שפּיעל,
דער ווארים איז דער העלד.

„אַ גאָט!“ — האָט ליגעיאַ האַלב אויסגעשריען, אויפשפּרינגענדיג פון בעט און אויסשפּרייטענדיג אין דער הויך איהרע אָרימס מיט אַ ספּאַזמאַטישער באַוועגונג, ווען איך האָב געענדיגט די דאָזיגע שורות. — „אַ, גאָט! אַ, געטליכער פאָטער! וועלען אַט די זאַכען אַזוי כסדר זיין? וועט אַט־אָ־דער באַזיגער גאָר קיינמאָל ניט באַזיגט ווערען? זיינען מיר דען ניט אַ טייל פון דיר? ווער, ווער קען וויסען די סודות פון דעם ווילען, מיט זיין קראַפט? אַ מענש פאַלט ניט פאַר מלאכים, אויך ניט אינגאַנצען פאַר'ן טויט, סיידען נאָר דורך דער שוואַכקייט פון זיין צעקראָכענעם ווילען“.

און איצט, ווי זי וואָלט אויסגעמאַטערט געוואָרען פון עמאָציע, האָט זי אַרונטערגעלאָזען איהרע ווייסע אָרימס, און פייערליך זיך צוריקגעקעהרט צו איהר טויטען־בעט. און ווען זי האָט אויסגעאָטעמט איהרע לעצטע זיפצען, און צוזאַמען מיט זיי אַרום אַ שטילער מורמעל פון איהרע ליפּען. איך האָב אַנגעבויגען מיין אויער, און איך האָב ווידער דערקענט די לעצטע ווערטער פון דער ציטאַטע פון גלענוויל: — „אַ מענש פאַלט ניט פאַר מלאכים, אויך ניט אינגאַנצען פאַר'ן טויט, סיידען נאָר דורך דער שוואַכקייט פון זיין צעקראָכענעם ווילען“.

זי איז געשטאָרבען, און איך, דערשלאָגען מיט טרויער ביז צום סאַמען שטויב, האָב שוין מעהר ניט געקענט אַריבערטראָגען

דעם איינזאמען פלאץ, וואו איך האב געוואוינט אין דער פינס־
טערער טויטער שטאדט ביים רהיין. דאס, וואס די וועלט רופט
עשירות, האט מיר ניט געפעהלט. ליגעיא האט מיר אריינ־
געבראכט פיעל מעהר, ווי עס פאלט געוועהנליך אוים אויפ'ן
חלק פון א בשר־ודם. איך האב דערפאר נאך עטליכע מאנאטען
פון אויסגעמאטערטען און ציללאזען וואנדערן אפגעקויפט, און
געלאזט עטוואס רעמאנטירען, א מאנאסטיר (וועלכען איך
וועל ניט אנרופען מיט'ן נאמען) אין איינער פון די ווילדסטע
און אם ווענינסטען באזוכטע געגענדען פון דער שעהנער ענג־
לאנד. די טונקעלע און מרה־שחורה'דיגע פרעכטיגקייט פון דעם
בנין, דאס כמעט ווילדע אויסזעהן פונ'ם פלאץ ארום, די פיעלע
מעלאנכאלישע און פון דורות פארהערליכטע ערינערונגען, וואס
זיינען פארבונדען אי מיט'ן קלויסטער אי מיט'ן פלאץ ארום, —
דאס אלעם האט פיעל געשטימט מיט די געפיהלען פון דער
פולשטענדיגער דערשלאגענקייט, וועלכע האט מיך פארטריבען
אין יענע ווייטע און פארווארפענע געגענד פונ'ם לאנד. דאך, כאטש
אויסערליך איז דער מאנאסטיר מיט דעם שימעל, וואס האט איהם
באדעקט, ווענינ איבערגעאנדערשט געווארען, האב איך אבער מיט
א קינדערשער פערווערזיטעט, און אפשר מיט א שוואכער האפע־
נונג צו לינדערן מיינע ליידען, זיך ערלויבט נאך מעהר ווי קעניג־
ליכען גלאנץ און פראכט אינווענינ. צו אזעלכע נארישקייטען
האב איך געהאט א שטארקע נייגונג אין מיין קינדהייט זאגאר,
און איצט זיינען זיי צו מיר צוריק געקומען, אזוי ווי מיינע יסורים
וואלטען מיר צוריקגעקעהרט מיין קינדערשען שכל. אך, איך
פיהל, וויפיעל כאטש פון אן אנפאנג־משוגעת וואלט מען געקענט
אויסגעפינען אין די פרעכטיגע און פאנטאסטישע דראפירונגען,
אין די איינדרוקספולע שניצונגען פון עגיפטען, אין די ווילדע
קארניזען און מעבעל, אין די משוגע'נע צייכענונגען פון די טעפי־
כער פון געבינטעלטען גאלד! איך בין געווארען א געבונדענער
שקלאף אין די נעצען פון אפיום, און מיין ארבייט און מיינע
באשטעלונגען האבען אפגעשפיגעלט מיינע טרוימען. אבער איך
וועל זיך ניט אפשטעלען צו באשרייבען מיט אלע איינצעלהייטען

די דאָזיגע אונזיניגקייטן. איך וועל נאָר רעדן פון יענעם איין צימער, דעם אימער פאַרשאָלטענעם, וואוהין איך האָב אין אַ מאָמענט פון משוגעת אַריינגעפירט פון אַלטאַר אַלס מיין ווייב — אַלס די נאָכפאָלגערין פון דער אומפאַרגעסליכער ליגעיאַ — די העל־האָריגע און בלוי־אויגיגע ליידי ראָווענאַ טרעוואַניאָן פון טרעמען.

עס איז ניטאָ קיין ברעקעל פון דער אַרכיטעקטור און דעקאָראַציע פון יענעם חתן־כלה צימער, וואָס איך זאָל ניט זעהן איצט פאַר מיינע אויגען. וואו זיינען געווען די נשמות פון דער שטאָלצער משפחה פון דער כלה, ווען דורך דאָרשט נאָך גאָלד, האָבען זיי געלאָזט אַ מיידעל און אַ טאָכטער אַזאַ באַליבטע, אַריבערטרעטען די שוועל פון אַזאַ באַפּוצטען חדר? איך האָב געזאָגט, אַז איך געדענק גענוי די איינצעלהייטען פונ׳ם צימער — דאָך, צום באַדויערן פאַרגעס איך אַן פונקטען פון טיפע מאָמענטען. און דאָ איז ניט געווען קיין שום סיסטעם, קיין שום האַרמאָניע אין דער פאַנטאַסטישער אויסשטעלונג, וואָס זאָל זיך קענען איינהאַלטען אין מיין זכרון. דאָס צימער איז געלעגען אין אַ הויכען טורעם פון דעם באַפעסטיגטען מאָנאַסטיר, איז געווען פיער־עקיג און זעהר גערעם. איין־איינציג פענסטער האָט פאַרנומען דעם גאַנצען זידליכען פראָנט פון דעם פּענטאַגאָן — אַ גרויסער גאַנצער בויגען ווענעציאַניש גלאָז, איין־איינציגע שויב, און געפאַרבט מיט אַ מאַטען קאָליר, אַזוי, אַז די שטראַלען סאַי פון דער זון סאַי פון דער לבנה, דורכגעהענדיג, פלעגען פאַלען מיט אַן אימה׳דיגען שיין אויף די געגענשטאַנדען אינוועניג. איבער׳ן אויבערשטען טייל פון אָט דעם גרויסען פענסטער האָבען זיך געצויגען ווי אַ נעץ אַלטע פלאַנצען, וועלכע האָבען געקלעטערט אַרויף די מאַסיווע ווענט פונ׳ם טורעם. דער סופיט, פון טונקעלען דעמב, איז געווען זעהר הויך, געוועלבט, און קונסטפול באַצירט מיט די ווילדסטע און משונה׳דיגסטע צייכענונגען פון אַ האַלב־גאָטישען, האַלב־דרואידישען סטיל. פון אַ פאַרטיפונג אין סאַמען צענטער פון דעם דאָזיגען מעלאַנכאָלישען געוועלב, איז אַרונטערגעהאַנגען אויף איין־איינציגער קייט פון גאָלד מיט

לאנגע רינגען, א גרויסער פייערפאן, אויך פון גאלד, סאראצעניש אין מוסטער, און מיט א סך דורכלעכערונגען, אזוי קונציג געמאכט, אז עס האבען זיך אריינגעדרעהט און ארויסגעדרעהט דורך זיי, אזוי ווי באשאנקען מיט דער לעבעדיגקייט פון א שלאנג, פייערען פון אלערליי קאלירען, כסדר איינע נאך די אנדערע.

איינינגע אטאמאנקעס און גאלדענע קאנדעליאברעס פון אריענטאלישען אויסזעהן זיינען געווען צעשטעלט ארום אין פארשיידענע פלעצער. און עס איז געווען אויך א געלעגער — דאס חתן־כלה בעט — פון אן אינדישען מאדעל, א נידעריגס און אויסגעשניצט פון מאסיווען עבען־האלץ, מיט א חופה פון אויבען, וואס האט אויסגעקוקט ווי דאס שווארצע טוך, מיט וועלכען מען דעקט איבער א מטה. אין יעדען ווינקעל פונ'ם צימער איז געווען אויפגעשטעלט א ריזיגער סארקאפאג פון שווארצען גראניט, פון די קברים פון די מלכים אנטקעגען לוקסאר, מיט זייערע אלטע דעקלאך פול מיט גאר פארצייטיגע שניצערייען. אבער — אך! — אין דער דראפירונג פונ'ם צימער איז געלעגען די הויפט־פאנטאזיע פון אלצדינג. די הויכע ווענט, ריזיג הויך — זאגאר ניט פראפארציאנעל — זיינען באהאנגען געווען פון אויבען ביז אראנטער, אין ברייטע פאלבען, מיט שווערע און מאסיוו־אויסזעהענדע טעפּיך־טאפעטען, געמאכט פון א שטאף, וואס האט אויסגעקוקט גלייך, ווי א טעפּיך אויפ'ן דיל, ווי אן איבערדעק פאר די אטאמאנקעס און פאר'ן עבעט־בעט, ווי א באלדאכין פאר'ן בעט, און ווי די פרעכטיגע וואליוטען פון די פארהאנגען, וואס האבען טיילווייז פארדעקט דאס פענסטער. דער שטאף איז געווען דער רייכסטער געוואנט פון גאלד. עס איז געווען געפלעקט דורכאויס אין אומרעגעלמעסיגע אינטערוואלען מיט אראבעסקע פיגורען, ביי א פוס אין דיאמעטער, און אויסגעארבייט אויפ'ן געוואנט אין צייכענונגען פון דעם פעך־שווארצסטען קאליר. אבער די דאזיגע פיגורען האבען אויסגעקוקט אמת אראבעסק נאר דאן, ווען מען האט זיי באטראכט פון אן איינצעלנעם געזיכטס־פונקט. דורך אן איינפאל, וואס איז איצט גאנץ איינפאך, און וואס שטאמט ווירקליך פון זעהר ווייטע אלטע צייטען, האבען די פיגורען גע־

האַלטען אין איין ענדערען זייער אויסזעהן ווי איינפאַכע פאַר־ זעהענישען, אַבער געהענדיג ווייטער, פלעגט אַט דאָס אויסזעהן ביסלעכווייז פאַרשווינדען, און שריט ביי שריט, רוקענדיג זיך ווייטער אין צימער אריין, פלעגט דער באַזוכער זעהן זיך ארומ־ גערינגעלט פון אַן ענדלאָזער רייה פון שוידערליכע געשטאַלטען, וועלכע דער נאָרמאַנער פלעגט אין זיין אַבערגלויבען זעהן, אָדער דער מאָנאַך אין זיין שולדיגען דרעמעל. דער פאַנטאַסמאַגאָרי־ שער עפעקט פלעגט נאָך מעהר פאַרשטאַרקט ווערען דורך דעם קינסטליכען אריינקומען פון אַ שטאַרקען אומאויפהערליכען שטראָם פון ווינט הינטער די דראַפּירונגען, וואָס פלעגט אריינבלאַ־ זען אַ שוידערליכען און אומהיימליכען רוח־חיים אין אַלעם.

אין אַט אַזעלכע זאַלען, אין אַט אַזאַ חתן־כלה צימער האָב איך פאַרבראַכט מיט דער ליידי פון טרעמען די זינדיגע שטונדען פון דעם ערשטען מאָנאַט פון אונזער הייראַט — פאַרבראַכט מיט נאָר אַביסעל אומרוהיגקייט. אַז מיין ווייב האָט געציטערט פאַר מיין ווילדען געמיטס־צושטאַנד, אַז זי האָט פון מיר געווייכט און מיך וועניג ליב געהאַט — דאָס האָב איך ניט ווילענדיג געמוזט באַמערקען, אַבער דאָס האָט מיר גיכער פאַרשאַפט פאַרגעניגען, ווי עפּעס אַנדערש. איך האָב זי געהאַסט מעהר מיט'ן האַס פון אַ טייוועל, ווי פון אַ מענשען. מיין ערינערונג איז צוריקגעפלוי־ גען (אַ, מיט וואָס פאַר אַ שטאַרקען באַדויערען!) צו ליגעיאַ'ן, די באַליבטע, די הערליכע, די שעהנע, די באַערדיגטע. איך האָב זיך געקוויקט מיט די ערינערונגען וועגען איהר ריינקייט, וועגען איהר קלוגקייט, וועגען איהר ערהאַבענער, איהר הימלישער נאַטור, וועגען איהר ליידענשאַפטליכער, איהר געצענדיענרישער ליבע. און מיין גייסט האָט דאַן פול און פריי געברענט מיט נאָך מעהר ווי אַלע פייערען פון איהר גייסט. אין דער אויפרעגונג פון מיינע אָפּיום־טרוימען (וואָרים איך בין שטאַרק איינגעשמידט געוואָרען אין די קייטען פון אַט דעם סם־המות) פלעג איך הויך אויסרופען איהר נאָמען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אָדער ביי טאָג אין די פאַרבאָרגענע ערטער צווישען די טאָלען, אַזוי ווי דורך דעם ווילדען חשק, דורך דער פייערליכער ליידענשאַפט, דורך

דער פארצעהרענדער היץ פון מיין בענקשאפט נאך דער פאר־
שטארבענער וואלט איך געקענט זי צוריקברענגען צום לעבען אויף
דער ערד, וואס זי האט פארלאזען — אה, קען עס דען געמאלט
זיין, אז אויף אייביג?

ארום דעם אנפאנג פון דעם צווייטען מאנאט פון אונזער
הייראט איז די ליידי ראווענא פלוצלונג קראנק געווארען, און
זי איז לאנגזאם געזונט געווארען. די היץ, וועלכע האט זי אויפ־
געגעסען, האט איהר געבראכט אומרוהיגע נעכט, און אין איהר
צעמישטען צושטאנד פון האלב־דרעמעל האט זי גערעדט פון
קלאנגען און פון באוועגונגען אין און ארום דעם צימער פונ'ם
טורעם, וועלכע, איך האב באשלאסען, שטאמען נאר פון איהר
צערודערטער פאנטאזיע, אדער אפשר פון די פאנטאסמאגארישע
ווירקונגען פונ'ם צימער גופא. זי איז דערנאך צו זיך געקומען,
און ענדליך געזונט געווארען. דאך, איז נאך ניט אוועק א קורצע
צייט, ערשט א צווייטע, נאך א שטארקערע אטאקע, האט זי
אוועקגעלעגט צום בעט פון יסורים, און אט פון דער אטאקע
איז איהר ארגאניזם, אימער א שוואכער, שוין מעהר ניט געקומען
פולשטענדיג צו זיך. איהר חולאת, דאס מאל באאומרוהיגענדיג
אי מיט איהר כאראקטער און נאך מעהר מיט דער ווידערהאלונג,
האט זיך אויסגעלאכט פון דער קענטניש און פון די גרויסע אנ־
שטרענגונגען פון די דאקטוירים. מיט דער פארגרעסערונג פון
דער כראנישער קראנקהייט, וועלכע האט אזוי, באשיינפערליך,
מיט צופיעל זיכערקייט זיך אנגעזעצט אויף מיין ווייב'ס ארגא־
ניזם, אז עס איז ניט געווען פאר מענשליכע כחות דאס אויס־
צוווארצלען, — האב איך ניט געקענט ניט באמערקען אן עהנ־
ליכע פארגרעסערונג פון דער נערוועזער גערייצטקייט פון איהר
טעמפעראמענט און פון איהר אויפרעגען זיך פון דער קלענסטער
אורזאך פאר שרעק. זי האט ווידער גערעדט, און איצט נאך
אפטער און איינגעשפארטער, פון די קלאנגען — פון די מינדסטע
קלאנגען — און פון די אומגעוועהנליכע באוועגונגען צווישען די
טעפיך־טאפעטען, וועגען וועלכע זי האט פריהער אנגעדייטעט.

איינמאל ביי דער נאכט, ארום סוף סעפטעמבער, האט זי

שטאַרקער ווי אימער געצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט מיט איהרע רייד וועגען דעם דאָזיגען טרויעריגען ענין. זי האָט זיך נאָר וואָס אויפגעכאַפּט פון אַן אומרוהיגען שלאָף, און איך האָב באַאָבאַכטעט מיט געפיהלען פון האַלב אַנגסט, האַלב אומבאַשטימטער שרעק, די אויסדרוקען פון איהר אויסגעצעהרטען געזיכט. איך האָב זיך געזעצט ביי דער זייט פון איהר עבען־בעט, אויף איינער פון די אינדישע אָטאָמאַנקעס. זי האָט זיך טיילווייז אויפגעהויבען און האָט גערעדט אין אַן ערנסטען נידעריגען פליסטער פון קלאַנגען, וועלכע זי האָט ד ע מ אָ ל ט געהערט, אָבער וועלכע איך האָב ניט געקענט הערען: פון באַוועגונג, וועלכע זי האָט ד ע מ אָ ל ט געזעהן, אָבער וועלכע איך האָב ניט געקענט באַמערקען. דער ווינט האָט שנעל געבלאָזען הינטער די טעפּיך־טאַפּעטען, און איך האָב געוואָלט איהר באַווייזען (וואָס, לאָמיך זיך מודה זיין, איך קען ג אַ ר נ י ט גלויבען), אַז יענע כמעט ניט־דייטליך ארויסגעבראַכטע אָטעמונגען און יענע זעהר צאַרטע וואַריאַציעס פון די פיגורען אויף דער וואַנט, זיינען געווען ניט מעהר, ווי די נאַטירליכע ווירקונגען פון יענעם געוועהנליכען בלאָזען פון'ם ווינט. אָבער אַ טויטליכע בלאַסקייט, פאַרשפּרייטענדיג זיך איבער איהר פּנים, האָט מיר באַוויזען, אַז מיינע אַנשטרענגונגען צו פאַרזיכערן זי וועלען זיין אומזיסט. זי האָט אויסגעזעהן, ווי זי חלש'ט, און ועמען אַ רוף טאָן צו הילף איז ניט געווען. איך האָב זיך דערמאָנט, וואו ס'איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אַ פלעשעל לייכטער וויין, וואָס די דאָקטוירים האָבען איהר געהייסען געבען, און איך בין אריבער דעם צימער צו קריגען דאָס. אָבער ווי נאָר איך האָב אַ טראָט געגעבען הינטער'ן ליכט פון'ם פייערפאַן, האָבען צוויי דערשטוינענדע זאַכען צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט. איך האָב דערפיהלט, אַז עפּעס אַ זאַך וואָס מען קען אָנטאַפּען, כאָטש מען קען עס ניט זעהן, איז לייכט פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי מיר. און איך האָב געזעהן, אַז עס איז געלעגען אַ שאָטען אויפ'ן גאָלדענעם טעפּיך, אין דעם סאַמען מיטען פון'ם רייכען שיין, וואָס איז געפאַלען פון'ם פייערפאַן — אַ בלאַסער, אומבאַשטימטער שאָטען פון מלאך'שען

אויסזעהן, אזא, ווי מען וואלט זיך קענען פארשטעלען ווי דער שאטען פון א גייסט. אבער איך בין געווען ווילד פאר אויפרעגונג פון אן איבערמאסיגער דאזע אפיום, און האב ווייניג אויפמערקזאמקייט געשענקט די זאכען, אויך ניט דערצעהלט ראווענא'ן וועגען זיי. געפינענדיג דעם וויין, בין איך אריבער צוריק דאס צימער, און האב אנגעגאסען א פולען בעכער, צוטראגענדיג דאס צו די ליפען פון דער שמאכטענדער פרוי. זי איז איצט טיילוויין דאך צו זיך געקומען, און האט אליין גענומען די כלי אין האנט, און איך האב זיך אראפגעלאזען אויף אן אטאמאנקע, לעבען איהר, מיט מיינע אויגען אנגעשטעלט אויף איהר. ערשט דאן האב איך קלאר דערהערט א צארטען טראט איבער'ן טעפיך, און לעבען דעם געלעגער: אין א סעקונדע נאכדעם, ווען ראווענא האט געוואלט צוטראגען דעם וויין צו איהרע ליפען, האב איך געזעהן, אדער אפשר האט זיך מיר גע'חלומ'ט, אז איך זעה, ווי עס פאלען אריין אין בעכער, ווי פון עפעס אן אומזיכטבארען קוואל אין דער לופט פונ'ם צימער, דריי אדער פיער גרויסע טראפענס פון א גלענצענדער און רובין־קאלירטער פליסיגקייט. אויב איך האב דאס יא געזעהן, האט דאס אבער ראווענא ניט געזעהן. זי האט ניט קווייקלענדיג זיך אראפגעשלונגען דעם וויין, און איך האב זיך אפגעהאלטען פון צו רעדען צו איהר פון א זאך, וועלכע, ווי איך האב באטראכט, איז נאך אלעמען געווען נאר די באאיינפלוסונג פון א לעבעדיגער פאנטאזיע, וואס איז געווארען קראנקהאפט טעטיג דורך דעם שרעק פון דער פרוי, דורך דעם אפיום און דורך דער שטונדע פון דער נאכט.

דאך קען איך דאס ניט באהאלטען פון זיך אליין, אז גלייך נאכ'ן פאלען פון די רובין־טראפענס האט זיך שנעל גענומען ענדערן צום ערגערן מיין ווייב'ס קראנקהייט, אזוי, אז אויף דער דריטער נאכט נאכדעם, האבען די הענט פון איהרע דיענער זי פארטיג געמאכט צו דער קבורה, און אויף דער פערטער נאכט בין איך געזעסען אליין, מיט איהר אין תכריכים אנגעטאנענעם קערפער אין יענעם פאנטאסטישען צימער, וואס האט זי אויפגענומען אלס מיין ווייב. ווילדע זעהונגען, פון אפיום געבארען,

זיינען ווי אַ שאָטען געפלויגען פאַרביי מיר. איך האָב געקוקט מיט
אַן אומרוהיג אויג אויף די סאַרקאָפאַגען וואָס אין די ווינקלען
פונ׳ם צימער, אויף די וואַריאירענדיגע פיגורען פון דער דראַ־
פירונג און אויפ׳ן דרעהען זיך פון די בונטע פייערען אין דעם
פייערפּאַן איבער׳ן קאָפּ. איך האָב אַרויסגערופען אין זכרון די אומ־
שטענדען פון אַ פריהערדיגער נאַכט, און דאַן זיינען מיינע אויגען
געפאַלען אויפ׳ן פּלאַץ אונטער׳ן שיין פונ׳ם פייערפאַן, וואו
איך האָב געהאַט געזעהן די בלאַסע שפּורען פון דעם שאָטען. עס
איז אָבער שוין מעהר דאָרטען ניט געווען; און אָפּאָטעמענדיג
פרייער, האָב איך אַ קעהר געטאָן מיינע בליקען צו דער
בלאַסער און שטרענגער פיגור אויפ׳ן בעט. דאַן האָבען
זיך אויף מיר אַ לאָז געטאָן אַ טויזענט ערינערונגען פון
ליגעיאַ׳ן, און דאַן איז צו מיין האַרץ צוריקגעקומען מיט אַ רוי־
שענדער קראַפט פון אַ מבול דאָס גאַנצע פון יענעם אומאויס־
דריקבאַרען וועה, מיט וועלכען איך האָב ז י אַזוי באַטראַכט
איינגעוויקעלט אין תכריכים. די נאַכט איז געקומען צו איהר
ענדע, און מיט אַ האַרץ, פול נאָך מיט ביטערע געדאַנקען וועגען
דער איינער נאָר און אַלערהעכסטער געליבטער, בין איך געבליבען
זיצען קוקענדיג אויפ׳ן קערפּער פון ראָוועָנאַ.

עס האָט געמוזט זיין האַלבע נאַכט, אָדער אפשר פריהער,
אָדער שפּעטער (ווארים איך האָב ניט געקוקט אויף דער צייט),
ווען אַ קרעכץ, אַ שטילער, אַ צאַרטער, אָבער זעהר אַ דייטליכער,
האָט מיך אויפגעריסען פון מיין חלום אויפ׳ן וואָר. איך האָב
ג ע פ י ה י ל ט, אַז עס איז געקומען פונ׳ם בעט פון עבען־האַלץ —
דעם בעט פון טויט. איך האָב זיך צוגעהערט אין אַן אַגאָניע
פון אָבערגלויבישען שרעק, אָבער דער קלאַנג האָט זיך ניט ווי־
דערהאָלט. איך האָב אָנגעשטרענגט מיין ראיה צו אַנטדעקען
כאָטש אַבי וועלכע באַוועגונג אין דעם טויטען קערפּער — אָבער
עס איז ניט געווען דאָס מינדסטע צו באַמערקען. עס האָט דאָך
אָבער ניט געקענט זיין, אַז איך האָב זיך אָפּגענאַרט. איך ה אָ ב
געהערט דעם קלאַנג, ווי שוואַך ער איז ניט געווען, און מיין זעלע
האָט אין מיר ערוואַכט. איך האָב מיט אַנטשלאָסענהייט און

מיט איינגעשפּאַרטקייט געהאַלטען מיין אויפמערקזאַמקייט צוגע־נאַגעלט צום קערפּער. אַ סך מינוטען זיינען פאַריבער ביז וואַנען עפּעס אַז אומשטאַנד זאָל זיך מאַכען, וואָס זאָל זיין מסוגל צו וואַרפען ליכט אויף דאָס געהיימניס. ענדליך האָט מען באַשיינפּערליך געקאָנט זעהן, אַז אַ לייכטער, זעהר אַ שוואַכער און קוים באַמערקבאַרער סימן פון אַ פאַרב האָט אויפגעפלאַמט אין איהרע באַקען און איבער די איינגעפאַלענע קליינע אָדערלאַך פון די אויגען־דעקלעך. עס האָט מיך אָנגענומען אַ מין אומאויס־דריקבאַרער שרעק און אימה, פאַר וועלכע די שפּראַך פון אַ בשר ודם האָט ניט קיין גענוג שטאַרקען אויסדרוק, אַז איך האָב דערפיהלט, מיין הארץ הערט אויף צו קלאַפּען, מיינע גלידער ווערען שטייף דאָרט וואו איך בין געזעסען. דאָך, אַ געפיהל פון פליכט האָט ענדליך גענומען אַרבייטען צוריקצוקעהרען מיין זעלבסטבאַהערשונג. איך האָב שוין לענגער ניט געקענט צווייפ־לען, אַז מיר זיינען געווען צו געאיילט אין אונזערע פאַרבעריי־טונגען — אַז ראָווענאַ האָט נאָך געלעבט. עס איז נויטיג געווען, אַז עפּעס אַ שנעלע אָנשטרענגונג זאָל געמאַכט ווערען. אָבער דער טורעם איז געווען אינגאַנצען אָפּגעזונדערט פון דעם טייל מאַנאַסטיר, וואו די־ דיענער האָבען געוואוינט, מען האָט זיי ניט געקענט אַ רוף טאָן, איך האָב קיין שום וועג ניט געהאַט ווי אַ רוף צו טאָן זיי צו הילף, ניט איבערלאָזענדיג דאָס צימער אויף אַ סך מינוטען, און דאָס האָב איך זיך ניט דערוועגט צו טאָן. איך האָב דערפאַר אַליין געקעמפט אין מיינע באַמיהונגען צוריקצו־רופען די נשמה, וועלכע האָט נאָך אַרומגעשוועבט. אין אַ קורצע צייט איז אָבער געווען זיכער, אַז דער פריהערדיגער צושטאַנד האָט זיך צוריקגעקעהרט: דער קאָליר איז פאַרשוואונדען געוואָ־רען אי פון די אויגען־דעקלעך, אי פון די באַקען, איבערלאָזענדיג אַ בלאַסקייט, וואָס איז נאָך פיעל בלאַסער ווי מירמעלשטיין געווען: די ליפּען זיינען געוואָרען איינצווייען איינגעשרומפּען און איינגעצויגען מיט דעם שוידערליכען אויסדרוק פון טויט; אַן אָפּשטויסענדע פייכטקייט און קעלט האָט שנעל פאַרשפּרייט זיך איבער'ן גאַנצען קערפּער, און באַלד איז נאָך צוגעקומען

די גאנצע געוועהנליכע שטארקע שטייפקייט. איך בין צוריק־געפאלען מיט א שוידער אויפ׳ן געלעגער, פון וועלכען איך האב זיך אויפגעכאפט מיט גרוים שרעק, און זיך ווידער אפגעגעבען צו ליידענשאפטליכע לעבעדיגע וויזיאנען פון ליגעיא׳ן.

א שטונדע איז אזוי אוועק, ערשט (קען עס מעגליך זיין?) איך האב א צווייטען מאל דערפיהלט עפעס אן אומבאשטימטען קלאנג, ארויסקומענדיג פון דעם ארט, וואו דאס בעט שטעהט. איך האב זיך צוגעהערט אין גרוים שרעק. דער קלאנג איז ווידער געקומען — עס איז געווען א זיפץ. צולויפענדיג צום קערפער, האב איך דערזעהן — דייטליך געזעהן — א ציטער אויף די ליפען. אין א מינוט שפעטער זיינען זיי לויז געווארען, אויפדעקענדיג א ליכטיגע צייל פון די פערלדיגע צייהן. אין מיין הארצען האט איצט געקעמפט איבערראשונג מיט דער טיפער מורא, וועלכע האט ביז איצט אליין דארט געהערשט. איך האב געפיהלט, עס ווערט מיר טונקעל אין די אויגען, אז מיין פארשטאנד נעמט בלאנדזשען, און נאר דורך א שטארקע אנשטרענגונג האט זיך מיר ענדליך איינגעגעבען צו שטארקען זיך פאר דער אויפגאבע, וועלכע די פליכט האט אזוי נאך אמאל מיר אנגעצייגט. עס איז איצט געווען א טיילווייזע רויטקייט אויפ׳ן שטערן און אויף די באקען און אויפ׳ן האלז; א פיהלבארע ווארעמקייט האט דורכגענומען דעם גאנצען קערפער; עס איז אפילו געווען א לייכט קלאפען אין הארצען. די פרוי ה א ט ג ע ל ע ב ט, און מיט צווייפאכער היץ האב איך זיך גענומען פאר דער ארבייט צוריקצוברענגען זי. איך האב געריבען און געוואשען די שלייפען און די הענט, און באנוצט יעדעס מיטעל, וואס ערפאהרונג און ניט ווייניג מעדיצינישע אנגעלעזענקייט האבען געקענט ברענגען אויפ׳ן זינען. אבער אומזיסט. פלוצלונג איז דער קאליר פארשוואונדען, דאס קלאפען האט אויפגעהערט, די ליפען האבען צוריקגעקראגען דעם אויסדרוק פון טויט, און אין א ווײַלע שפעטער האט דער גאנצער קערפער אויף זיך אנגעצויגען די אייזיגע קאלטקייט, דעם ברוין־בלאהען קאליר, די שטארקע שטייפקייט, די איינגעפאלענע קאנטור און אל׳די

עקעלהאפטע איינגעשאפטען פון דעם, וואס איז פאר פיעלע טעג געווען א שוכן־עפר.

און ווידער בין איך פארזונקען געווארען אין וויזיאנען פון ליגעיא׳ן, און ווידער (וואס פאר א וואונדער, וואס איך שווידער שרייבענדיג?), ו ו י ד ע ר האט דערגרייכט מיין אויער א שטי־לער קרעכץ פון דעם ארט, וואו דאס עבען־בעט איז געשטאנען. אבער צו וואס זאל איך איבערגעבען מיט אלע איינצעלהייטען די אומבאשרייבליכע שרעקען פון יענער נאכט? וואס זאל איך זיך אפשטעלען צו דערצעהלען, ווי אזוי, צייט נאך צייט, ביז דער טאג האט גענומען גראהען, האט זיך די דאזיגע שווידערליכע דראמע פון ווידער־אפלעבונג ווידערהאלט? ווי יעדער שרעק־ליכער צוריקקער איז נאר געווען א צוריקקער צו א שטרענגערען און באשיינפערליך מעהר אומאויסלייזבארען טויט? ווי יעדע אגאניע האט געטראגען דאס אויסזעהן פון א קאמף מיט עפעס אן אומזיכטבארען שונא? און ווי נאך יעדען קאמף איז געקומען איך ווייס ניט וואס פאר א ווילדע ענדערונג אין דעם קערפערליכען אויסזעהן פון דעם בר־מינן? לאמיך אויף גיך ענדיגען.

דער גרעסטער טייל פון דער מורא׳דיגער נאכט איז שוין אוועק, און זי, וועלכע איז טויט געווען, האט זיך ווידער אמאל א ריהר געטאן — און איצט שוין שטארקער ווי געווען, כאטש אויפכאפענדיג זיך פון אן אויפלעזונג, וואס איז דאס מאל געווען שווידערליכער אין איהר פולשטענדיגער האפנונגסלאזיגקייט. איך האב שוין לאנג אויפגעהערט צו קעמפען מיט זיך, אדער צו באַ־וועגען זיך, און איך בין פארגליווערט געבליבען זיצען אויף דער אטאמאנקע, א האפנונגסלאזער רויב צו א ווירבעל־ווינט פון העפ־טיגע עמאציעס, פון וועלכע די קלענסטע אימה איז גארניט אזוי שרעקליך געווען, גארניט אזוי פארצעהרענד. דער בר־מינן, זאג איך נאך א מאל, האט זיך א ריהר געטאן, און איצט שוין שטאַר־קער ווי פריהער. די פארבען פון לעבען האבען אויפגעפלאמט אין געזיכט מיט אן אומגעוועהנליכער ענערגיע, די גלידער האַ־בען אפגעלאזען, און ווען ניט די אויגען־דעקלעך, וואס זיינען נאך

געוועזן שטייף צונויפגעפּרעסט, און די באַנדאַזשען און דראַפּי־
רונגען פון קבר, וואָס האָבען נאָך צוגעגעבען זייער טויטען־שטי־
בעל כאַראַקטער צו דער פיגור, וואָלט זיך מיר געקענט אויס־
דוכטען, אַז ראַוועננאַ האָט ווירקליך אָפּגעטרייסעלט פון זיך
לגמרי די קייטען פון טויט. אָבער אויב דער דאָזיגער געדאַנק
איז אַפילו דאַן גאַרניט אָנגענומען געוואָרען, האָב איך לכל הפּחות
בעת איך האָב זיך אויפגעהויבען פון בעט, וואַקלענדיג מיט שוואַ־
כע טריט, מיט פאַרמאַכטע אויגען און האַלטענדיג זיך אַזוי ווי
איינער וואָס איז צעמישט אין אַ חלום, שוין מעהר ניט געקענט
צווייפלען, אַז די זאַך וואָס איז געווען איינגעהילט אין ווייסען
האָט מוטיג און באַשיינפּערליך געשפּרייזט אינמיטען צימער אַריין.

איך האָב זיך אַ טרייסעל ניט געטאָן, איך האָב זיך אַ ריהר
ניט געטאָן, וואָרים אַ מחנה פאַנטאַסטישע בילדער, פאַרבונדען
מיט דער מינע, וואוקס און האַלטונג פון דער פיגור, דורכלויפענ־
דיג האַסטיג דורך מיין מאַרך, האָבען פּאַראַליזירט, האָבען מיך
פאַרשטיינערט. איך האָב זיך אַ ריהר ניט געטאָן — נאָר איך
האָב מיט דערשטוינונג געקוקט אויפ'ן געשפּענסט. עס איז גע־
ווען אַ ווילדע צערודערונג אין מיינע געדאַנקען, אַ טומעל ניט
איינצושטילען. קען עס ווירקליך זיין די ל ע ב ע ד י ג ע ראַ־
וועננאַ, וועלכע האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען מיר? קען עס ווירק־
ליך זיין ראַוועננאַ א י נ ג א נ צ ע ן — די העל־האָריגע, די בלוי־
אויגיגע ליידי ראַוועננאַ טרעוואַניאָן, פון טרעמען? פאַרוואָס,
פ אַ ר ו ו אָ ס זאָל איך צווייפלען אין דעם? דער באַנדאַזש
איז שטייף געלעגען אַרום מויל, אָבער דאַן קען עס דען ניט זיין
דאָס מויל פון דער אָטעמענדער ליידי פון טרעמען? און די באַ־
קען — עס זיינען אויף זיי געווען די רויזען ווי אין דער בליהונג
פון איהר לעבען — יאַ, דאָס האָבען דאָך ווירקליך געקענט זיין די
שעהנע באַקען פון דער לעבעדיגער ליידי פון טרעמען. און דאָס
קין, מיט די חן־גריבעלעך, ווי בעת זי איז געזונט געווען, איז
דאָס ניט איהרעס? נ אָ ר א י ז ז י א ו י ס ג ע װ א ק־
ס ע ן, ה ע כ ע ר ג ע װ אָ ר ע ן, ז י נ ט ז י א י ז
ק ר אַ נ ק? וואָס פאַר אַן אומאויסדריקליכע משוגעת האָט מיך

אנגעכאפּט מיט דעם דאַזיגען געדאַנק? איין שפּרונג, און איך בין שוין ביי איהרע פיס געווען! אויפשוידערענדיג פון מיין ריהר, האָט זי אַרונטערגעוואָרפען פון איהר קאָפּ, לויז געמאַכט די טויטען־קליידער, וועלכע האָבען דאָס באַהאַלטען, און עס האָבען געגומען שטראָמען אַרויף, אין דער רוישענדער אטמאָס־פערע פון'ם צימער, גרויסע שטיקער לאַנגע און צעשויבערטע האָר, שוואַרצער ווי די ראָבען־פליגלען פון מיטען נאַכט! און דאַן האָבען זיך לאַנגזאַם געעפענט די אויגען פון דער געשטאַלט, וואָס איז פאַר מיר געשטאַנען. „אָט, איצטער, ווענינגסטענס", האָב איך הויך אויסגעשריען, „קען איך שוין מעהר ניט, קען איך שוין מעהר ניט, קיין טעות ניט האָבען — דאָס זיינען די פולע, די שוואַרצע און די ווילדע אויגען — פון מיין פאַרלאָרענער ליבע — פון דער ליידי — פון דער ליידי ליגעיאַ!"

# דער אונטערגאַנג פון הויז אשער.

Son coeur est un luth suspendu,
Litot qu' on le touche il resonne.

ב ע ר א נ ז ש ע .

דעם גאַנצענעם טאָג, אַ שווערען, פינסטערען און טויט־שטילען הערבסט־טאָג, ווען די וואָלקענס זיינען שטיקענדיג נידעריג געהאַנגען אין די הימלען, בין איך אַליין זיך געפאָהרען, רייטענדיג אויף אַ פערד, דורך אַ מאָדנעם וויסטען שליאַך פון לאַנד, און ענדליך, ווען די שאָטענס פון'ם אָווענט האָבען זיך אַרונטערגעלאָזען, האָב איך דערזעהן פאַר זיך דאָס מעלאַנכאָלישע ה ו י ז פ ו ן אַ ש ע ר. איך ווייס ניט, ווי דאָס איז געווען, אָבער מיט'ן ערשטען בליק אויף דער געביידע האָט אַ געפיהל פון אומערטרעגליכען אומעט דורכגעדרונגען מיין נשמה. איך זאָג: אומערטרעגליכער, וואָרים דאָס געפיהל איז ניט פאַרלייכטערט געוואָרען דורך עטוואָס פון יענער האַלב־אַנגענעמער, ווייל פאָעטישער, עמפּפינדליכקייט, מיט וועלכער דער געדאַנק נעמט געוועהנליך אויף אפילו די ערגסטע נאַטירליכע בילדער פון אומגליק אָדער שרעק. איך האָב געקוקט אויף דער סצענע וואָס פאַר מיר — אויף דאָס הויז אַליין און אויף די איינפאַכע לאַנדשאַפט־שטריכען פון דעם פּלאַץ אַרום, אויף די אומעטיגע ווענט, אויף די פוסטע פענסטער, וואָס האָבען ווי אויגען אויסגעזעהן, אויף דאָס ביסעל גרויסע דיקע גראָזען און אויף די עטליכע ווייסע שטאַמען פון פאַרפוילטע ביימער — געקוקט מיט דעם העכסטען יאוש אין דער נשמה, צו וועלכען איך קען ניט געפינען צווישען אַלע ערדישע געפיהלען קיין פאַסיגערען פאַרגלייך, ווי דער נאָך־טרוים פון אַן אָפּיום־שכור, דער ביטערער צוריקקעהר צום אַלטעגליכען לעבען, דאָס שרעקליכע אַרונטערפאַלען פון דעם שלייער. עס האָט גענומען פריהרען, איינפאַלען, וועה־טאָן דאָס האַרץ: אַ האָפנונגסלאָזער עלענד האָט גענומען [illegible]ערען דעם געדאַנק, אַזוי מאַטערען, אַז קיין שום טרייב־

קראפט פון דער פאנטאזיע וואלט דאס ניט געקאנט טאן. וואס איז דאס געווען, האב איך גענומען טראכטען, וואס איז דאס אזוינס געווען, וואס עס האט מיר אזוי די נערווען צעשרויפט אין די געדאנקען איבער דעם **הויז פון אשער**? עס איז געווען א געהיימניס, וואס קען גארניט געלייזט ווערען: איך האב אויך ניט געקענט בייקומען די טונקעלע פאנטאזיעס, וואס זיינען מחנות־וויז געקראכען צו מיר, בעת איך האב געהאלטען אין טראכטען. איך בין געווען געצוואונגען צוריקצוקומען צום ניט צופרידענשטעלענדען באשלוס, אז כאטש עס זיינען אהן ספק פאראן קאמבינאציעס פון זעהר איינפאכע נאטירליכע אביעקטען, וועלכע האבען די קראפט אונז אזוי צו ריהרען, דאך, דער אנאליז פון דער דאזיגער קראפט ליעגט צווישען די באטראכטונגען, וואס זיינען מחוץ לגבול פון אונזער השגה. עס איז מעגליך געווען, האב איך געטראכט, אז ווען מען זאל נאר אנדערש צעשטעלען די איינצעלהייטען פון דער סצענע, די פרטים פון בילד, וועט דאס שוין זיין גענוג צו מאדיפיצירען, אדער אפשר צו פארניכטען די פעהיגקייט דערפון צו מאכען א שמערצליכען איינדרוק. און אפשטעלענדיג זיך אויף דעם דאזיגען געדאנק, האב איך צוגעבונדען מיין פערד צום שטארק־משופע'דיגען ראנד פון א שווארצער און שמוציגער סאזשעלקע, וואס איז געלעגען אין שטילען גלאנץ ביים הויז, און האב ארונטערגעקוקט, אבער מיט א נאך מעהר דורכנעהמענדען שוידער, ווי פריהער, אויף די איבערגעמאכטע און איבערגעשטעלטע בילדער פון די גרויע זומפגראזען און אויף די מורא'דיגע שטאמען פון די ביימער און די פוסטע פענסטער, וואס האבען ווי אויגען געקוקט.

פונדעסטוועגען האב איך גערעכענט צו פארברענגען עטליכע וואכען אין אט דעם הויז פון חושך און טרויער. דער באלעבאס זיינער, ראדעריק אשער, איז געווען איינער פון מיינע לוסטיגע קאמפאניאנען אין די אינגעלשע יאהרען, אבער עס איז אוועק א סך יאהרען, זינט מיר האבען זיך געזעהן צום לעצטען מאל. א בריף אבער האט צו מיר לעצטענס געגרייכט אין א ווייטען טייל פון לאנד, א בריף פון איהם, אויף וועלכען, ווערליג זיין ווילד־

צודרינגליכען כאראקטער, האט מען געמוזט געבען ניט קיין אנ־דערען, ווי נאר א פערזענליכען ענטפער. דער מאנוסקריפט האט געוויזען סימנים פון נערוועזער אויפרעגונג. דער שרייבער האט גערעדט וועגען א שארפער קערפערליכער קראנקהייט, וועגען א גייסטיגער צערודערונג וואס איז איהם באפאלען, און וועגען אן ערנסטען וואונש צו זעהן מיר, אלס זיין בעסטען און ווירקליך זיין איינציגען פערזענליכען פריינד, מיט דער אבזיכט צו פרובירען דורך דער לוסטיגקייט פון מיין געזעלשאפט עטוואס צו פארלייכ־טערן זיין חולאת. עס איז געווען דער אופן, ווי דאס אלעס, און פיעל מעהר, איז אויסגעדריקט געווארען: עס איז געווען די באשיינפערליכע הארציגקייט, וואס איז צוזאמען מיט דער בקשה געקומען, — דאס איז געווען, וואס האט ניט געלאזט מיר קווינקלען זיך, און איך האב דערפאר גלייך געפאלגט דאס, וואס איך האב נאך אלץ באטראכט פאר א זעהר זונדערבארען רוף.

כאטש אינגעלווייז זיינען מיר געווען זאגאר זעהר נאהענטע חברים, דאך האב איך ווירקליך ווייניג געוואוסט פון מיין פריינד. זיין איינגעהאלטענקייט איז תמיד געווען איבער דער מאס און באשטענדיג. איך האב אבער געוואוסט, אז זיין זעהר אלטע משפחה האט פון לאנג־אן גע'שמ'ט מיט איהר מאדנער עמפפינד־ליכקייט פון טעמפעראמענט, ארויסווייזענדיג זיך דורך לאנגע דורות אין פיעלע ווערק פון הויכער קונסט, און די לעצטע צייט ארויסווייזענדיג זיך אין צדקה־טאן כסדר מיט א ברייטער האנט, דאך אויף א באשיידענעם אופן, אויך איבערגעבענדיג זיך ליידענ־שאפטליך צו די שווערינקייטען פון מוזיקאלישער וויסענשאפט, אפשר נאך מעהר אפילו ווי צו די פעסטגעשטעלטע און לייכט אנער־קענבארע שעהנקייטען. איך האב זיך אויך דערוואוסט דעם זעהר מערקווירדיגען פאקט, אז דער שטאם פון דער אשער־פאמיליע, ווי בכבוד'יג פון דורות־לאנג זי איז ניט געווען, האט אין קיין שום צייט ניט ארויסגעבראכט קיין צווייג, וואס זאל מאריך ימים זיין; מיט אנדערע ווערטער, אז די גאנצע פאמיליע געהט אין דער דירעקטער ליניע פון אפשטאמונג, און איז תמיד אזוי געווען, מיט זעהר אומבאדייטענדע און זעהר צייטווייליגע אויס־

נאמען. עס איז געווען אַט־אָ־דער פעהלער, האָב איך געטראַכט, איבערלויפענדיג אין געדאנק די פאלקאמענע הארמאניע אין דעם כאראקטער פונ'ם פּלאַץ מיט דעם אנערקענטען כאראקטער פון די מענשען, און ספּעקולירענדיג איבער דעם מעגליכען איינפלוס, וואס איינס, אין דעם לאנגען משך פון יאהרהונדערטער, האָט געקענט האָבען איבער'ן צווייטען, — עס איז געווען אַט־אָ־דער פעהלער אפשר, וואס דער דור האט זיך ניט פארצווייגט און דאָס בסדר'דיגע ניט־אפּווייכענדיגע איבערגעהן בירושה, פון פאָטער צו זוהן, דער מאיאָנטעק צוזאמען מיט'ן נאמען, וואָס האט ענדליך אזוי אידענטיפיצירט די ביידע, אז דער אריגינעלער נאָ־מען פון דער נחלה איז איינגעשלונגען געווארען אין דעם אויסטער־לישען און צווייד־יטיגען נאמען „דאָס הויז פון אשער", אַ נאָמען, וואס האט איין די מחות פון די פויערים, וועלכע האָבען דאָס אזוי גערופען, געשיינט איינצושליסען אי די פאמיליע אליין אי דאָס הויז.

איך האב שוין געזאגט, אז דער איינציגער עפעקט פון מיין עטוואָס קינדישען עקספּערימענט, ארונטערצוקוקען אין סאזשעלקע אריין, איז געווען, צו פארטיפען דעם ערשטען מאָדנעם איינדרוק. עס קען קיין שום צווייפעל ניט זיין, אז דאָס באוואוסטזיין פון דעם שנעלען וואוקס פון מיין אבערגלויבען (ווארים פארוואָס זאל איך דאָס ניט אזוי רופען?) האָט הויפּטזעכליך געפיהרט צו דער פארשנעלערונג פון דעם וואוקס גופא. דאָס האָב איך שוין לאנג געוואוסט, איז דאָס פּאראדאקסאלע געזעץ פון אלע געפיהלען, וועלכע באזירען אויף שרעק. און עס קען זיין, אז דאָס איז געווען נאָר די אורזאַך, וואָס, ווען איך האָב צוריק אויפגעהויבען מיינע אויגען צום הויז אליין, איז אויסגעוואקסען אין מיין געדאנק אַ מאָדנע פאנטאזיע, אזא לעכערליכע פאנטאזיע, ווירקליך, אז איך דערמאָן דאָס נאָר, צו ווייזען די לעבהאפטע קראפט פון די פיה־לונגען, וואָס האָבען מיך געדריקט. איך האָב אזוי געארבייט איבער מיין איינבילדונג, ווי עס וואלט ווירקליך געווען צו גלויבען, אז איבער'ן גאנצען הויז און פּלאַץ הענגט אַן אטמאָספערע, וואָס איז אייגענטימליך נאָר פאר זיי אליין און זייער נאָהענטער סביבה,

אַן אַטמאָספערע, וואָס האָט ניט קיין שייכות מיט דער לופט פון הימעל, נאָר וועלכע האָט אויסגעדונסטעט פון די צעפוילטע בוימער און די סאָרע ווענט און דעם שטילען זומפּ אַ פעסטהאַפּטע און מיסטישע דונסט, אַ שווערע, אַ פוילע, אַ שוואַכליך באַמערקבאַרע און פון אַ בלייערנעם קאָליר.

אָפּטרייסלענדיג פון מיין גייסט דאָס, וואָס האָט ג ע מ ו ז ט זיין אַ חלום, האָב איך גרינדליך באַטראַכט דעם ריכטיגען אויסזעהן פון דעם בנין. זיין הויפּט-שטריך, שיינט, איז געווען דאָס צופיעל פאַרעלטערטקייט. די דיסקאָלירונג פון דורות איז געווען גרויס. פּיצינקע שוועמלעך האָבען באַדעקט דאָס גאַנצע דרויסען פונ׳ם בנין, אַראָפּהענגענדיג אין אַ דין געפלאָנטערט געוועב פון די דאַך-ברעגען. דאָך האָט דאָס אַלעם ניט געהאַט צו טאָן מיט עפּעס אויסערגעוועהנליכער צעשטערונג. קיין טייל פון דעם מויער-ווערק איז ניט געווען אַרונטערגעפאַלען, און עס האָט געשיינט צו זיין אַ ווילדער אומצוזאַמענהאַנג צווישען זיינע נאָך גאַנץ גוטע טיילען און די איינצעלנע שטיינער, וואָס האָבען זיך געהאַלטען אין ברעקלען. אין דעם איז געווען פיעלעס, וואָס האָט מיר דערמאָנט אַן די אָנזיכטיגע גאַנצקייט פון אַלטען האָלצווערק, וואָס האָט יאָהרענלאַנג געפוילט אין עפּעס אַ פאַרנאַכלעסיגטען קעלער, וואו עס איז ניט געשטערט געוואָרען פון דעם אָטעם פון דער דרויסענדיגער לופט. אחוץ, אָבער, די דאָזיגע אָנדייטונג פון שטאַרקער צעפוילטקייט, האָט די געביידע וועניג אָנגעצייגט אויף ניט-פעסטקייט. אפשר דאָס אויג פון אַ גרינדליכען באָאָבאַכטער וואָלט געקענט אויסגעפינען אַ קוים באַמערקבאַרען שפּאַלט, וועלכער, ציהענדיג זיך פון פאָרענט פון דעם דאַך פון דער געביידע, האָט זיך דורכגעבראָכען אַ וועג אַרונטער׳ן וואַנט אין אַ זיגזאַג ריכטונג, ביז ער איז פאַרלאָרען געגאַנגען אין די כמורנע וואַסערען פון סאַזשעלקע.

באַמערקענדיג די דאָזיגע זאַכען, בין איך צוגעפאָהרען צום הויז איבער אַ קורצען וועג. אַ דיענער, וואָס האָט שוין געוואַרט אויף מיר, האָט צוגענומען מיין פערד, און איך בין אריין אין דעם גאָטישען אַרק-דורכגאַנג פונ׳ם קאָרידאָר. אַ דיענער, מיט שטילע

טריט, האט מיך פון דארטען שטיל געפיהרט דורך פיעלע פינסטערע און געדרעהטע וועגען צום צימער פון זיין האר. פיעלעס וואס, איך האב אנגעטראפען אויפ'ן וועג האט, איך וויים ניט ווי אזוי, צוגעגעבען צו דער פארשטארקערונג פון די אומקלארע געפיהלען, פון וועלכע איך האב שוין גערעדט. אין דער צייט וואס די געגענשטאנדען ארום מיר, די שני־צונגען אויף די סופיטען, די טונקעלע טעפיך־טאפעטען אויף די וועגט, די גלאטע שווארצקייט פון די דילען און די פאנטאסמאגארישע וואפען־טראפייען, וועלכע האבען געבריאזגעט בעת איך האב געטראטען, זיינען געווען ניט מעהר ווי זאכען, צו וועלכע, אדער צו אזעלכע ווי זיי, איך בין צוגעוועהנט געווען פון מיין קינדהייט אן: אין דער צייט וואס איך האב זיך געקווינקעלט ניט מודה צו זיין זיך, ווי באקאנט דאס אלץ איז געווען, — בין איך נאך אלץ נייגעריג געווען אויסצוגעפינען, ווי אומבאקאנט זיי־נען געווען די פארשטעלונגען, וואס געוועהנליכע בילדער רופען ארוים. אויף איינער פון די טרעפ האב איך באגעגענט דעם דאק־טאר פון הויז. זיין פנים, האב איך געטראכט, האט געטראגען א געמישטען אויסדרוק פון געמיינער ביטרעקייט און פארלעגענ־הייט. ער האט מיך באגריסט מיט ציטער און איז אוועקגעגאנ־גען. דער דינער האט דערנאך ברייט געעפענט א טיר און מיך אריינגעפיהרט צו זיין האר אין צימער.

דאס צימער, וואו איך האב זיך געפונען, איז געווען זעהר גרוים און הויך. די פענסטער זיינען געווען לאנגע, שמאלע און שפיציגע, און אזוי הויך פון דעם שווארצען דעמבענעם דיל, אז פון אינוועניג האט מען אינגאנצען ניט געקענט דערלאנגען זיי. שוואכע שטראלען פון בלוט־רויטען ליכט האבען זיך דורכגעשלא־גען דורך נעץ־ארטיגע שויבען, און האבען באצוועקט צו מאכען גענוג דייטליך די מעהר וויכטיגע זאכען וואס ארום. דאס אויג אבער האט אומזיסט זיך געמאטערט צו דערגרייכען די ווייטערע ווינקלען פון דעם חדר, אדער די פארטיפונגען פון דעם געוועלב־טען און באצירטען סופיט. שווארצע דראפירונגען זיינען געהאנ־גען אויפ'ן וואנט. די אלגעמיינע כלי־בית איז געווען איבער־

גענוג, ניט־באַפרידיגענד, פּאַרצייטיג און אָפּגעריסען. אַ סך ביכער און מוזיקאַלישע אינסטרומענטען זיינען געלעגען צעוואָרפען אַרום, אָבער זיי האָבען ניט צוגעגעבען קיין שום לעבעדיגקייט צום בילד. איך האָב געפיהלט, אַז איך האָב אַריינגעאָטעמט אין זיך אַן אַטמאָספערע פון צער. אַ לופט פון בייזען, טיפען און אייביגען חושך איז געהאַנגען איבער אַלעם און אַלעם דורכגענומען.

בעת איך בין אַריין, האָט אַשער זיך אויפגעהייבען פון אַ סאָפע, אויף וועלכער ער איז געלעגען אינגאַנצען אויסגעצויגען, און האָט מיך געגריסט מיט אַ לעבעדיגער וואַרימקייט, וועלכע, ווי איך האָב צוערשט געטראַכט, האָט געהאַט אין זיך פיעל גע־מאַכטע האַרציגקייט, אַנגעשטרענגטע באַמיהונג פון אַ מענשען, וועמען די וועלט האָט שוין דערעסען. איך האָב אָבער אַ קוק געטאָן אויף זיין פּנים, און איך האָב געזעהן, אַז ער איז אויפריכ־טיג ביז גאָר. מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט, און פּאָר עטליכע רגע'ס, וואָס ער האָט ניט גערעדט, האָב איך געקוקט אויף איהם מיט אַ געפיהל פון האַלב רחמנות, האַלב שרעק. זיכער, אַ מענש האָט זיך נאָך קיינמאָל אַזוי שרעקליך ניט געענדערט אין אַזאַ קורצער צייט, ווי ראָדעריק אַשער האָט זיך געענדערט! עס איז מיר שווער אַנגעקומען צו רעכט מאַכען ביי זיך, אַז אָט דער טויט־בלאַסער מענש, וואָס איז איצט פאַר מיר, איז דער זעלביגער, וואָס איז געווען מיין חבר אין מיינע פריהסטע אינגעלשע יאָה־רען. דאָך, דער כאַראַקטער פון זיין געזיכט איז אין אַלע צייטען מערקווירדיג געווען. אַ פּנים פון אַ בר־מינן: אויגען גרויסע, פייכטע פון טרערען און גלאַנציגע, אַז קיין פאַרגלייך איז גאָר ניטאָ: ליפּען עטוואָס דינע און זעהר בלאַסע, אָבער אָהן אַ שיעור שוין אויסגעבויגען: אַ נאָז פון אַ דעליקאַטען אידישען מאָדעל, אָבער מיט אַזעלכע אומגעוועהנליך ברייטע נאָזלעכער, וואָס מען זעהט גאַרניט אין אַזעלכע נעזער: אַ פיין געשניצט קין, דער־צעהלענדיג אין זיין מאַנגעל פון בולט'קייט, אויך פון אַ מאַנ־געל אין גייסטיגער ענערגיע: האָר, וואָס זיינען געווען ווייכער און דינער, ווי וואַסער ניט איז געוועב, — די דאָזיגע אַלע שטריכען צוזאַמען מיט אַן אויסברייטונג פון אָהן אַ מאָס איבער די פּלעצער

וואו די שלייפען געהען, האבען ארויסגעבראכט א בילד, וואס מען האט ניט לייכט געקענט פארגעסען. היינט נאך אין דער הוילער איבערטרייבונג פון דעם הערשענדען כאראקטער פון די דאזיגע שטריכען און פון דעם אויסדרוק, וואס זיי פלעגען ארויסגעבען, איז געלעגען אזוי פיעל ענדערונג, אז איך האב אליין ניט געוואוסט צו וועמען איך רעד דאס. און די שרעקליכע בלאסקייט פון דער הויט און דער וואונדערליכער גלאנץ פון די אויגען האבען מיך מעהר פון אלע זאכען ערשטוינט און זאגאר ,געשראקען. היינט די זיידענע האר האט מען געלאזען וואקסען אהן שום אויפמערקזאמקייט, און אזוי ווי אין זייער ווילדען, לייכט־דינעם געוועב האבען זיי גיכער געפלאטערט ווי ארונטערגעפאלען איבער'ן פנים, האב איך דארום, אפילו מיט מאטערניש, ניט געקענט פארבינדען זייער אראבעסקען אויסדרוק מיט וואסער ניט איז באגריף פון איינפאכער מענשליכקייט.

אין דער אויפפיהרונג פון מיין פריינד האב איך גלייך הערזעהן א צוזאמענהאנג, אז אומבאשטענדיגקייט, און איך האב באלד אויסגעפונען, אז דאס קומט פון א סדרה שוואכע און אומזיסטע מאטערנישען בייצוקומען אז איינגעוועהנטע שרעקעדיגקייט, אז איבערמאסיגע נערוועזע אויפרעגונג. אז עטוואס אזוינס זאל מיט איהם זיין, צו דעם בין איך געווען צוגעגרייט, ניט אזוי פון זיין בריף, ווי פון די ערינערונגען אן געוויסע אינגעלשע שטיק, און פון שלוסען, ארויסגעדרונגען פון זיין זונדערבארען קערפערליבען געבוי און טעמפעראמענט. זיין האנדלונג איז געווען אמאל לעבעדיג און אמאל אומעטיג. זיין שטימע האט זיך געביטען שנעל פון א ציטערדיגער אומאנטשלאסענהייט (ווען די לעבעדיגקייט פלעגט, דאכט זיך, פון איהם אינגאנצען ארונטער) צו יענעם סארט ענערגישע קורץ־געפאסטקייט, צו יענע אפגעהאקטע, וואזשנע, ניט־געאיילטע און טעמפ־קלינגענדע דיבורים, צו יענער שווערער, זעלבסט־באלאנסירטער און ביז גאר מאדולירטער האלזאויסשפרעכונג, וואס מען קען באמערקען ביים פארפאלענעם שכור, אדער ביים אומפארבעסערליכען אפיום־עסער, אין די צייטען פון זיין העכסט־אינטענסיווער אויפרעגונג.

אַט אויף אַזאַ אופן האָט ער גערעדט וועגן דעם צוועק פון מיין קומען, וועגן זיין ערנסטען וואונש צו זעהן מיך און וועגן די טרייסט, וואָס ער ערוואַרט פון מיר, איך זאָל איהם געבען. ער האָט ביז אַ געוויסען גראַד זיך צערעדט וועגען דעם, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר זיין קראַנקהייט. דאָס איז, האָט ער געזאָגט, אַן אָרגאַנישער און פאַמיליען־פעהלער, און אַזאַ, צו וועלכען עס איז ניט געוועזן קיין רפואה. עס איז ניט מעהר, ווי אַ נערוועזער מיחוש, האָט ער באַלד צוגעלעגט, וואָס וועט אָהן צווייפעל גיך איבערגעהן. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזען אין אַ מאַסע אומנאַטירליכע געפיהלען. אייניגע פון אָט־אָ־די, ווי ער האָט זיי מיר אויספיהרליך ערקלערט, האָבען מיך פאַראינטערעסירט און צעטומעלט, כאָטש עס קען זיין אפשר, די טערמינען און דער אַלגעמיינער אופן, ווי ער האָט דאָס דערצעהלט, האָבען געהאַט זייער ווירקונג. ער האָט אַ סך געליטען פון אַ קראַנקהאַפטער פאַרשאַרפונג פון די חושים. נאָר די געשמאַקלאָזסטע מאכלים האָט ער געקענט פאַרטראָגען; ער האָט געקענט טראָגען נאָר קליידער פון געוויסע געוועבטע שטאָפען; די ריחות פון אַלע בלומען האָבען איהם געשטיקט; זיינע אויגען פלעגען ניט קענען פאַרטראָגען אפילו דאָס שוואַכסטע ליכט, און נאָר זונדערבאַרע קלאַנגען, איז דאָס פון די אינסטרומענטען אויף סטרונעס, האָבען איהם ניט אָנגעפילט מיט שרעק.

איך האָב איהם געפונען אַ געבונדענעם שקלאַף צו אַן אָנאָמאַלען סאָרט שרעק. „איך וועל אומקומען", האָט ער געזאָגט, „איך מוז אומקומען אין אָט דער קלאָגעדיגער נאַרישקייט. אָט אַזוי, אָט אַזוי, און ניט אַנדערש וועל איך ניט ווערען. איך ציטער פאַר די פּאַסירונגען פון דער צוקונפט. ניט פאַר זיי אַליין, נאָר פאַר זייערע רעזולטאַטען. איך שוידער ביים געדאַנק וועגען וואָסער ניט איז, אפילו דעם טריוויאַלסטען אינצידענט, וואָס קען ווירקען אויף אָט דער אומערטרעגליכער אויפרעגונג פון דער זעלע. מיר קימערט ווירקליך ניט קיין געפאַהר, אויסער אין איהר אַבסאָלוטער ווירקונג, אין שרעק. אין אָט דעם אָפּגעשוואַכטען, אין אָט דעם צרה'דיגען צושטאַנד פיהל איך, אַז די צייט

וועט פריהער אדער שפעטער אנקומען, ווען איך וועל מוזען פאר־לאזען לעבען און פארשטאנד צוזאמען, אין א געוויסען קאמף מיט דער שרעקליכער האלוצינאציע, „ מ ו ר א ״.

נאכמעהר, בינתים, און דורך האלבע און צווייטיטיגע רמזים, האב איך זיך דערוואוסט פון אן אנדער זונדערבארען שטריך פון דעמדאזיגען גייסטיגען צושטאנד. ער איז דורך געוויסע אבער־גלויבישע איינדריקען געווען ווי איין קייטען געשמידט בנוגע דער וואוינונג וואס ער האט באוואוינט, און פון וואנען ער האט יאה־רען־לאנג קיינמאל די נאז ניט ארויסגעשטעקט: בנוגע אן איינ־פלוס, וועמעס איינגערעדטע קראפט איז איבערגעגעבען געווארען אין צו טונקעלע טערמינען, אום צו קענען דאס דא איבערדערצעה־לען — אן איינפלוס, וואס איינגע אייגענטימליכקייטען אין דער הוילער פארמע און סובסטאנץ פון זיין פאמיליען־וואוינונג האָ־בען, זאגט ער, דורך דער קראפט פון לאנגע ליידען געקראגען אי־בער זיין גייסט: א רושם, וואס דער פיזישער געבוי פון די סארע ווענט און טורעמס, און פון דער טונקעלער סאזשעלקע, אין וועל־כער זיי האבען אלע ארונטערגעקוקט, האט געמאכט אויפ׳ן גייסט פון זיין וועזען.

ער האט אבער צוגעגעבען, כאטש קווינקלענדיג זיך, אז פיע־לעס פון דעם מאדנעם אומעט, וואס האט איהם אזוי געפלאגט קען קומען פון א מעהר נאטירליכען און וויים מעהר ממשות׳דיגען מקור: פון דער שטארקער און לאנג־אנהאלטענדער קראנקהייט, פאקטיש ביז צו אויגענשיינליך אנקומענדער אויפלעזונג, פון א צארט געליבטער שוועסטער, זיין איינציגען קאמפאניאן פון יאה־רען־לאנג, זיין לעצטען און איינציגען קרוב אויף דער ערד. „ווען זי זאל שטארבען״, האט ער געזאגט מיט א ביטערקייט, וואס איך וועל קיינמאל ניט פארגעסען, „וועט ער בלייבען (ער דער האפענונגסלאזער און שוואכער) דער לעצטער פון דעם פאר־צייטיגען שטאם פון די אשערס״. בעת ער האט דאס גערעדט, איז די ליידי מאדעליין (אזוי האט מען זי גערופען) דורכגעגאנ־גען דורך א וויטען טייל פון׳ם צימער, און ניט באמערקענדיג

מיין אנווענהייט, איז זי פארשוואונדען געווארען. איך האב זי באטראכט מיט אן אויסערסטער דערשטוינונג, געמישט כמעט ווי מיט שרעק, און דאך האב איך געפונען פאר אוממעגליך צו דערקלערען זיך אזא מין פיהלען. ווי באטויבט האב איך זיך געפיהלט, בעת מיינע אויגען האבען נאכגעפאלגט איהרע אפּגעהענדע טריט. ווען א טיר האט ענדליך זיך צוגעמאכט נאך איהר, האט מיין בליק אינסטינקטיוו און געריג געזוכט דאס געזיכט פון דעם ברודער: אבער ער האט איינגעגראבען זיין פנים אין זיינע הענט, און איך האב נאר געקענט באמערקען, ווי א פיעל מעהר פון א געוועהנליכער בלאסקייט האט באדעקט די אויסגעצעהרטע פינגער, דורך וועלכע א סך הייסע טרערען האבען גערונען.

די קראנקהייט פון דער ליידי מאדעליין האט לאנג צונישט געמאכט די חכמה פון איהרע דאקטוירים. א געשטעלטע אפּאטיע, א גראדענווייזע פארשווינדונג פון דעם מענשען, און אפטע כאטש באלד איבערגעהענדע אנפאלען פון א טיילווייז קאטאלעפּטישען כאראקטער — דאס איז געווען די אומגעוועהנליכע דיאגנאזע. ביז אהער האט זי כסדר אויסגעהאלטען דעם דרוק פון איהר קראנקהייט און האט זיך ענדליך ניט געלעגט צום בעט. נאך ביים ענדע אווענט פון מיין אנקומען אין הויז האט זי זיך אונטערגעגעבען (ווי איהר ברודער האט מיר ביינאכט דערצעהלט מיט אן אונבאשרייבליכער אויפרעגונג) צו דער פארדארבענדער מאכט פון דעם משחית: און איך האב דערגאנגען, אז דער בליק, וועלכען איך האב פון איהר געכאפּט וועט אויך אזא אופן וואהרשיינליך זיין דער לעצטער, וואס איך וועל קענען קריגען — אז די פרוי, ווענינסטענס ווייל זי לעבט, וועל איך שוין מעהר ניט קענען זעהן.

עטליכע טעג נאך דעם איז איהר נאמען ניט דערמאנט געווארען, ניט פון אשער'ן, ניט פון מיר, און פאר דער צייט האב איך זיך ערנסט אפּגעגעבען מאטערנדיג זיך צו פארלייכטערן די מרה־שחורה פון מיין פריינד. מיר האבען געמאלען און געליי־

ענט אינאײנעם, אדער איך האב זיך צוגעהערט ווי אין א חלום צו די ווילדע אימפּראָוויזאציעס, וואס ער האט אויסגעשפּילט אויף זיין גיטארע. און אויף אזא אופן, ווען אלץ א נעהנטערע און נעהנטערע אינטימליכקייט האט מיך אלץ אומבאשרענקטער צו־געלאזען צו די טיפענישען פון זיין נשמה, אלץ ביטערער האב איך באגריפען די אומזיסטקייט פון יעטווידען פארזוך אויפצומונטע־רען א גייסט, פון וועלכען פינסטערקייט, ווי דאס וואלט געווען אן איינגעבארענע פּאזיטיווע אייגענשאפט, האט ארויסגעשטראמט איבער אלע געגענשטאנדען פון דער גייסטיגער און פיזישער וועלט אין איין ניט־אויפהערענדען שטראם פון אומעט.

איך וועל מיט זיך שטענדיג טראגען די ערינערונג פון די פיעלע איינדרוקספולע שטונדען, וואס איך האב אויף אזא אופן פארבראכט אליין מיט'ן האר פון ד ע ם ה ו י ז א ש ע ר. דאך וועט זיך מיר ניט איינגעבען צו פּרובירען געבען א באגריף פון דעם גענויען כאראקטער פון די שטודיען אדער פון די בא־שעפטיגונגען, אין וועלכע ער האט מיך אריינגעשלעפּט, אדער דעם וועג מיר געוויזען. אן אויפגערעגטער און העכסט צערודערטער גייסט האט געווארפען א העל־געלבען גלאנץ איבער אלעס. זיינע לאנגע אימפּראָוויזירטע טרויער־לידער וועלען מיר אייביג קלינגען אין די אויערען. צווישען אנדערע זאכען האלט איך שטארק אין זכרון א געוויסע מאדנע פארדרעהונג און אויסברייטונג פון דעם ווילדען ניגון פון דעם לעצטען וואלץ פון פאן־וועבער. פון די ביל־דער, איבער וועלכע זיין פלייסיגע פאנטאזיע האט געארבייט און וועלכע זיינען שטריך ביי שטריך אויסגעוואקסען אין אן אומ־קלארקייט, אזוי, אז א שוידער האט מיך נאך מעהר דורכגענומען, ווייל איך האב געשוידערט ניט וויסענדיג פארוואס, — פון די דא־זיגע בילדער (לעבעדיג, ווי זיי שטעהען מיר איצטער פאר די אויגען) וועל איך זיך אומזיסט מאטערן ארויסצוברענגען מעהר ווי א קליינע טייל וואס קען ליגען אין דעם קרייז פון הוילע גע־שריבענע ווערטער. מיט דער פולשטענדיגער איינפאכקייט, מיט דער נאקעטקייט פון זיינע אנגעווארפענע פלענער האט ער די אויפמערקזאמקייט צוגעצויגען און א מורא אנגעווארפען. אויב

אַ בשר־ודם האָט ווען געמאָלען אַ אידעע, איז דאָס ראָדעריק אַשער
יענער בשר־ודם געווען. פאַר מיר ווייניגסטענס, אין די אומשטענ־
דען וואָס האָבען מיר דענסטמאָל אַרומגערינגעלט, איז אַרויסגע־
וואַקסען פון די ריינע אַבסטראַקציעס, וועלכע דער היפּאָכאָנדרי־
קער האָט געזוכט אַנצואוואַרפען אויף זיין לייווענט, אַן אינטענ־
סיוויטעט פון אומערטרעגליכער מורא, וואָס קיין שאָטען פון איהר
האָב איך ניט געפיהלט אפילו ביים באַאָבאַכטען די זיכער
היציגע דאָך צו־ממשות׳דיגע, פאַנטאַזיעס פון פיוזעלי.

איינע פון די פאַנטאַסמאַגאָרישע אידעען פון מיין פריינד,
וואָס האָבען ניט אַנגענומען אַזאַ שטרענגען גייסט פון אַבסטראַק־
ציע, קען יאָ געשילדערט ווערען אין ווערטער, באָטש שוואַכליך.
אַ קליין בילד האָט פאָרגעשטעלט דאָס אינווייניגסטע פון אַן אומ־
געהייער לאַנגען און רעקטאַנגולאַרען קעלער אָדער טונעל, מיט ני־
דעריגע ווענט, גלאַטע, ווייסע, און אָהן שום אונטערברעכונג אָדער
איינפאַל. געוויסע זייטיגע שטריכען פון דער צייכענונג זיינען צו־
ניץ געקומען, צו געבען דעם באַגריף, אַז די דאָזיגע אויסגראָבונג
ליגט זעהר טיעף אונטער דער ערד. קיין שום אַר.יסגאַנג איז ניט
געווען צו באַמערקען אין קיין שום טייל פון איהר גרויסען שטח,
און קיין שום פאַקעל אָדער אַן אַנדער קינסטליכען קוואַל פון ליכט
איז ניט געווען צו זעהן: דאָך האָט אַ מבול פון שטאַרקע שטראַ־
לען זיך דורכגעריסען און געבאָדען דאָס גאַנצע אין אַ שרעקליכען
און אַ ניט געהעריגען גלאַנץ.

איך האָב נאָר וואָס גערעדט פון יענעם קראַנקהאַפטען צו־
שטאַנד פון דעם געהער־נערוו, וואָס האָט געמאַכט מוזיק אומער־
טרעגליך פאַר׳ן ליידענדען, אַ חוץ געוויסע ווירקונגען פון אינסטרו־
מענטען מיט סטרונעס. אפשר זיינען דאָס געווען די שמאָלע גרענע־
צען, אין וועלכע ער האָט זיך אַזוי איינגעשלאָסען מיט זיין גי־
טאַרע, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אין אַ גרויסער מאָס דעם פאַנ־
טאַסטישען כאַראַקטער פון זיין שפּילען. אָבער די ברענענדיגע
לייכטקייט פון זיינע עקספּראָמפּטען קען ניט אויף דעם אופן דער־
קלערט ווערען. זיי האָבען געמוזט זיין און זיינען געווען אין די

טענער, ווי אויך אין די ווערטער פון זיינע ווילדע פאנטאזיעס (ווארים ניט גאר זעלטען פלעגט ער זיך אקאמפאנירען מיט געגראמטע ווערטערליכע אימפראוויזאציעס), דער רעזולטאט פון יענער אינטענסיווער מוט־געפאסטקייט און קאנצענטרירונג, אויף וועלכע איך האב פריהער אנגעדייט, אז מען קען דאס באמערקען נאר אין באזונדערע מאמענטען פון דער העכסטער קינסטליכער אויפרעגונג. די ווערטער פון איינער פון די דאזיגע ראפסאדיעס האב איך זיך לייכט אריינגענומען אין זכרון. אפשר דערפאר האט דאס איבערגעוואלד געלאזען א רושם אויף מיר בעת ער האט דאס אימפראוויזירט, ווייל אין דער אונטערשטער אדער מיסטישער־ שטרעמונג פון איהר באדייטונג האב איך זיך פארגעשטעלט, אז איך האב באגריפען, און צום ערשטען מאל, אשער׳ם פולען באוואוסטזיין, אז זיין הויכער פארשטאנד שאקעלט זיך אויף זיין טראהן. דאס געדיכט, וואס האט זיך גערופען מיט׳ן נאמען „דער פון רוחות פארפאלגטער פאלאץ“, האט זיך אומגעפעהר, אויב ניט פונקט, געלייענט אזוי:

אינמיטען פון א טאל א גרינעם,
פון שרפים ליכטיגע באוואוינט,
א פאלאץ הויכען, שטאלצען, שעהנעם
האט ווען א שטראלען־שיין געקרוינט.
און ס׳איז געווען אין רייך פון שטראלען
דער האר — געדאנק.
נאך איז קיין שרף־בליק געפאלען
אויף אזא פאלאץ שעהן און שלאנק.

און ס'זיינען אויף זיי דאָך געהאַנגען
און האָבן אין דער לופט געוועהט
פאָהנען פון גאָלד אויף געלע שטאַנגען
(פאַרגעסען לאַנג אין יענע צייט!)
האָט אַ זעפיר אַהין פאַרטראָגען
אין בלויער לופט,
פון שלאָס האָט ער אוועקגעטראָגען
אַ צאַרטען, צויבערליכען דופט.

און דורך די ליכטענדיגע פענסטער
פאַרנומען האָט אַ וואַנדערער'ס בליק,
ווי ס'האָבן זיך באַוועגט געשפּענסטער
צום שטרענגען ריטם פון מוזיק.
אַרום אַ טראָן די גייסטער שוועבען,
אין פּורפּער קרויז,
אין גלאַנץ און רוהם דאָרט זיצט דערהויבען
דער האַר פון קעניגרייך אַליין.

רובין און פּעריל שיין באַגאָסען
האָט דאָרט דעם הערליכען פּאָרטאַל.
און פריה און שפּעט איז אַלץ געפלאָסען
אַ מחנה עכאָס פון דעם זאַל.
און הערליך האָט אין רוים געקלונגען
דער שטילער באַר.
זיי האָבן פריה און שפּעט באַזונגען
די וויייזהייט פון דעם קעניג נאָר.

דאך גייסטער פיעל פון בייז און זארגען
באפאלען זיינע יענעם טאל.
(א וועה! א וועה! עס וועט דער מארגען
ניט אויפגעהן אויף דעם לאנד קיינמאל!)
דער שלאס, וואס איז א טרוים געוועזען
פון הערליכקייט,
איז איצט א זאגע האלב פארגעסען
פון אן אומדענקליך אלטער צייט.

איצט, דורך די רויט־באשיינטע פענסטער
דארט שוועבען פאר דעם וואנדערער'ס בליק,
א רייה פאנטאסטישע געשפענסטער
צום טאקט פון גרילצענדער מוזיק.
און ס'געהען פון דעם טויער בלייכען
מיט לייכטע טריט
געשטאלטען פינסטערע און לאכען —
זיי שמייכלען קיינמאל ניט.

איך געדענק גוט, ווי די סוגעסטיאנען, וואס זיינען ארויס־געוואקסען פון דער דאזיגער באלאדע, האבען אונז ארייגעפיהרט אין א וועלט פון געדאנקען, וואו ס'איז קלאר באוויזען געווארען אשער'ס א מיינונג, וועלכע איך דערמאן דא ניט אזוי צוליב איהר נייקייט (ווארים אנדערע לייט*) האבען אזוי געדענקט), ווי צו־ליב דער איינגעשפארטקייט, מיט וועלכער ער האט זיך פאר דעם איינגעשטעלט. די דאזיגע מיינונג אין איהר אלגעמיינער פארמע

*) וואטסאן, דר. פערסיוואל, ספאלאנצאני און באזונדערס דער בי־שאף פון לאנדאף.

איז ווענען דער באוואוסטזיניגקייט פון די צמחים. אבער אין זיין צערודערטער פאנטאזיע האט די אידעע אנגענומען א מעהר גע־וואגטען כאראקטער און איז אריבערגעגאנגען, אונטער געוויסע באַדינגונגען, אויף דעם קעניגרייך פון דאס אומארגאנישע. מיר פעהלען ווערטער אויסצודריקען די פולע גרויס, אדער דעם ערנ־סטען ענטוזיאזם פון זיין איבערצייגונג. דער גלויבען אבער איז געווען פארבונדען (ווי איך האב שוין פריהער אנגעדייט) מיט די גרויע שטיינער פון דער היים פון זיינע אבות. די באַדינגונ־גען פון דער באוואוסטזיניגקייט, האט ער זיך פארגעשטעלט, זיי־נען דא מקוים געווארען אין דער מעטאדע פון דער צוזאמענשטע־לונג פון די שטיינער, — אין דעם סדר, ווי זיי זיינען אויסגעלעגט, ווי אויך אין דעם אופן פון די פולע שוועמלעך וואס האבען זיי באדעקט, און פון די צעפוילטע בוימער, וואס זיינען ארום געשטאַ־נען: מעהר פון אלצדינג, אין דעם לאנגען אומגעשטערטען קיום פון דעם דאזיגען סדר און אין דער אפשפּיגלונג אין די שטילע וואסערן פון דער סאזשעלקע. זיין באווייז, דעם באווייז פונ'ם באוואוסטזיין, האט מען געקענט זעהן, האט ער געזאגט (און דא האב איך אויפגעשפּרונגען, בעת ער האט גערעדט), אין דער שטו־פענווייזער דאך זיכערער צוזאמענפרעסונג פון אן אייגענטימליכער אטמאספערע ארום די וואסערן און די ווענט. דעם רעזולטאט האט מען געקענט אויסגעפינען, האט ער מוסיף געווען, אין יענעם שטי־לען דאך באלעסטיגענדען און שרעקליכען איינפלוס, וואס האט הונדערטער יאהרען אויסגעפורעמט די שיקזאלען פון זיין פאמיליע, און וואס האט פון איהם געמאכט דאס וואס איך האב איצט גע־זעהן. אזעלכע מיינונגען דארפען קיין פירושים ניט האבען, און איך וועל טאקע ניט מאכען.

אונזערע ביכער — די ביכער, וועלכע האבען יאהרען־לאנג גע־בילדעט ניט קיין קליינעם טייל פון דער גייסטיגער עקזיסטענץ פון דעם אינוואליד — זיינען געווען, ווי מען האט זיך געקענט פארשטעלען, אין שטרענגער הארמאניע מיט'ן כאראקטער פון דער אילוזיע. מיר האבען אינאיינעם געגראבען זיך אין אזעלכע ווערק ווי „ווערוועער און שארטערען“ פון גרעסע, „בעלפעגאר“ פון

מאקיאוועלי, דער הימעל און גהינום" פון סוועדענבארג, האל־בערג'ס „אונטערערדישע רייזע פון ניקאלאס קלים", די „בי־ראמאנטיע" פון ראבערט פלאד, פון זשאן ד'ענדאזשינע און פון דע לא שאמבר, די „רייזע אין די בלויע ווייטקייט" פון טיעק, און די „שטאט פון דער זון" פון קאמפאנעלא. איין באליבט בוך איז געווען א קליינע אויסגאבע אין אקטאווא־פארמאט פון „דירעקטאריום אינקוויזיטאריום" פון דעם דאמיניקאנער עי־מעריק דע זשיראן, און עס זיינען געווען שטעלען און אין פאמ־פאניוס מעלא" וועגען די אלטע אפריקאנישע סאטירען און עגיפאנען, איבער וועלכע אשער פלעגט זיצען שטונדען־לאנג טרוי־מענדיג. זיין גרעסטען פארגעניגען האט ער אבער געפונען אין ליינען א גאר זעלטענעם און קוריאזען ספר אין גאטישען קווארט־טא־פארמאט, דאס געבעט־בוך פון א פארגעסענער קירכע, — Vigiliae Mortuorum Secundum Chorum Ecclesiae Maguntinae.

איך האב ניט ווילענדיג געמוזט א טראכט טאן וועגען דעם ווילדען ריטואל פון דעם דאזיגען ווערק און וועגען זיין וואהר־שיינליכען איינפלוס אויף דעם היפאכאנדריקער, ווען איין אווענט, קורץ לאזענדיג מיר וויסען, אז די ליידי מאדעליין איז שוין מעהר ניטא, האט ער דערקלערט, אז ער האט בדעה צו באהאלטען איהר טויטען קערפער אויף צוויי וואכען צייט (ביז מען וועט זי ענד־ליך ברענגען צו קבורה) אין איינעם פון די פיעלע קעלערן, וואס צווישען די הויפט־ווענט פון דער געביידע. דער גשמיות'דיגער טעם, וואס ער האט אנגעגעבען פאר זיין מאדנע עובדא, איז גראד געווען אזא, וואס איך פיהל זיך ניט פריי צו דיסקוטירען. דער ברודער איז געקומען צו אט־דעם באשלוס (אזוי האט ער מיר דערצעהלט) צוליב דעם אומגעוועהנליכען כאראקטער פון דער פארשטארבענער'ס קראנקהייט, צוליב געוויסע צודרינגליכע און טשיקאווע חקירות ודרישות פון די דאקטוירים וואס האבען זי בא־האנדעלט, און צוליב דעם וואס דער בעערדיגונגס־פלאץ פון דער פאמיליע איז צו ווייט און אין אן אפענעם פלאץ. איך וועל ניט ליי־קענען, אז ווען איך האב זיך דערמאנט אן דעם ניט גוטען אויסזעה׃

פון דעם פאַרשויז, וואָס איך האָב אנגעטראָפן אויף די טרעפ אין דעם טאָג פון מיין אָנקומען אין הויז, האָב איך שוין ניט גע־וואָלט זיך שטעלן אַנטקעגן אַזאַ באַוואָרעניש, וואָס איך האָב אין בעסטן פאַל געהאַלטן פאַר אומשעדלעך און פאַר קיין פאַל ניט פאַר אומנאַטירלעך.

אויף אשער'ס פאַרלאַנג האָב איך איהם פערזענליך געהאָלפן אין די פאַרבאַרייטונגען צו דער צייטוויילעגער קבורה. אַריינלע־גענדיג דעם קערפּער אין דער טרונע, האָבען מיר דאָס ביידע אומגע־געטראָגען אין זיין רוה אַריין. דער קעלער, וואו מיר האָבען דאָס אַריינגעלעגט (און וועלכער איז אַזוי לאַנג ניט געעפענט געוואָ־רען, אַז אונזערע פאַקעלען, האַלב לעשענדיג זיך אין זיין שטיקענ־דער אַטמאָספערע, האָבען אונז ווייניג געלעגענהייט געגעבען אַרומ־צוקוקען דעם פּלאַץ), איז געווען קליין, פייכט און דורכאויס אָהן שום מעגליכקייט פאַר דער ליכטיגער שיין אַריינצוקומען, און ער איז געלעגען זעהר טיף, גלייך אונטער יענעם טייל פון דער געביי־דע, וואו מיין אייגען שלאָף־צימער איז געווען. עס איז וואָהר־שיינליך באַנוצט געוואָרען אין אַלטע פעאָדאַלע צייטען פאַר די ערגסטע צוועקען פון אַ געפענגעניש־פּלאַץ, און אין שפּעטערדיגע טעג פאַר אַ פּלאַץ צו האַלטען פּולווער, אָדער אַנדערע שטאָפען, וואָס קענען זיך זעהר לייכט אָנצינדען, ווארים אַ טייל פון דעם דיל און דאָס גאַנצע אינווענינגסטע פון אַ לאַנגען אַרק־דורכגאַנג, דורך וועלכען מיר זיינען דורכגעגאַנגען, זיינען געווען גוט באַשלאָגען מיט קופּער. די טיר, פון מאַסיווען אייזען, איז אויך געווען אַזוי באַוואָרענט. איבער דער מורא'דיגער וואָג האָט די טיר שטאַרק געסקריפּעט, דרעהענדיג זיך אויף די זאַוויעסעס.

אַנידערלעגענדיג אונזער טרויעריגע משא אויפ'ן געשטעל אין דעם דאָזיגען גבול פון שרעק, האָבען מיר עטוואָס אָפּגעקערט אָן אַ זייט דאָס נאָך ניט צוגעשרויפטע דעקעל פון דער טרונע און האָבען אַ קוק געטאָן דער טויטער אין פּנים. אַ מערקווירדיגע עהנליכקייט צווישען דעם ברודער און דער שוועסטער האָט דאָן צוערשט צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט, און אשער, טרעפענ־דיג אפשר מיינע געדאַנקען, האָט אַרויסגעמורמעלט עפּעס עגליכע

ווערטער, פון וועלכע איך האב דערגאנגען, אז די געשטארבענע און ער זיינען געווען א צווילינג, און אז סימפאטיען פון א קוים פארשטענדליכען כאראקטער האבען אימער עקזיסטירט צווישען זיי. אונזערע בליקען האבען אבער לאנג ניט גערוהט אויף דער טויטער, ווארים מיר האבען ניט געקענט קוקען אויף איהר אהן אימה. די קרענק, וועלכע האט אריינגעטריבען די פרוי אין קבר אין איהר רעכטער יוגענד, האט איבערגעלאזען, ווי געוועהנליך אין אלע קראנקהייטען פון א שארף קאטאלעפטישען כאראקטער, כלומר׳שט א שוואכע רויטקייט אויפ׳ן בוזים און געזיכט, און יענעם פארדעכטליך זיך קוויינקלענדען שמייכעל אויף די ליפען, וואס איז אזוי מורא׳דיג אין טויט. מיר האבען צוריק ארויפגעלעגט און צוגעשרויפט דאס דעקעל, און צוקומענדיג צו דער אייזערנער טיר, האבען מיר מיט מאטערניש זיך דורכגעשלאגען אונזער וועג צו די קוים ווענינער חושב׳דיגע צימערען פון דעם אויבערשטען טייל פון הויז.

און דערנאך, אז עס זיינען אריבער איינינע טעג פון ביטערען שמערץ, איז א באמערקבארע ענדערונג געקומען אין דעם כאראקטער פון דער גייסטיגער צערודערונג פון מיין פריינד. זיין געוועהנליכע האלטונג איז פארשוואונדען. זיינע געוועהנליכע באשעפטיגונגען זיינען פארנאכלעסיגט אדער פארגעסען געווארען. ער איז ארומגעגאנגען פון צימער צו צימער מיט שנעלע, ניטגלייכע און צוועקלאזע טריט. די בלאסקייט פון געזיכט האט, אויב מעגליך, געקראגען א מעהר טויטליכען אויסזעהן, אבער דער גלאנץ פון זיינע אויגען איז אינגאנצען אויסגעלאשען געווארען. די א מאל צופעליגע הייזעריגקייט פון זיין טאן האט זיך שוין מעהר ניט געהערט, און א ציטערנדע טרעל, ווי פאר גרויס שרעק, האט געוועהנליך כאראקטעריזירט זיין אויסשפראך. עס זיינען ווירקליך געווען צייטען, ווען איך האב געמיינט, אז זיין אומאויפהערליך אויפגערעגטער מוח ארבייט עפעס איבער א דריקענדען סוד, מאטערנדיג זיך צו קריגען דעם נויטיגען קוראזש, אום אויסצוזאגען איהם. אז אנדערש מאל ווידער בין איך געווען געצוואונגען צו באשליסען, אז אלצדינג איז ניט מעהר ווי אומבאגרייפליכע קאפ־

ריזעז פון משוגעת, ווארים איך האב באמערקט איהם קוקענדיג שטונדעז־לאנג אין דער פוסטקייט אריין, אין א פאזע פון טיפ־סטער אויפמערקזאמקייט, ווי ער וואלט זיך צוהערען צו עפעס אן איינגעבילדעטען קלאנג. עס איז קיין חידוש ניט געווען, אז זיין צושטאנד האט געשראקען, אז עס האט מיך אנגעשטעקט. איך האב געפיהלט קריבענדיג איבער מיר, מיט לאנגזאמע אבער זיכע־רע שטופען, די ווילדע איינפלוסען פון זיינע אייגענע פאנטאסטי־שע, דאך איינדרוקספולע אבערגלויבענס.

איבערהויפט האב איך דערפיהלט די פולע מאכט פון אזעלכע פיהלונגען, בעת איך בין געגאנגען שלאפען שפעט ביי נאכט אויפ'ן זיבעטען אדער אכטען טאג נאך אונזער באהאלטען די לײדי מאדעליין אין קעלער. עס איז אוועק א שטונדע נאך א שטונדע, און קיין שלאף האט מיך ניט גענומען. איך האב זיך געמאטערט צו פארטרייבען די נערוועזיטעט, וועלכע האט מיך בא־הערשט. איך האב זיך געמאטערט צו גלויבען, אז פיעל פון דעם, אויב ניט אלעס, וואס איך האב געפיהלט, קומט פון דעם משוגע־מאכענדען איינפלוס פון די חושב'דיגע כלי־בית פונ'ם צי־מער, פון די טונקעלע און אפגעריסענע דראפירונגען, וועלכע, גע־טריבען פונ'ם בלאזען פון אן אנקומענדען שטורעם, האבען קאפ־ריזנע זיך געשאקעלט היז און צוריק איבער די ווענט, און אומ־רוהיג גערוישט ארום די באפוצונגען פון בעט. אבער מיינע באמי־הונגען זיינען געווען אומזיסט. אן אומאונטערדריקבארער ציטער האט ביסלעכווייז דורכגענומען מיין קערפער, און ענדליך האט זיך אויף מיין הארץ ארויפגעלעגט א שווערע משא פון א פולשטענ־דיג גרונדלאזען שרעק. אראפווארפענדיג דאס פון זיך מיט א שווערען אטעם און מאטערניש, האב איך זיך אויפגעהויבען אויף די קישענס, און ארייננדרינגענדיג שארף מיט די אויגען אין די געדיכטע פינסטערניש פונ'ם חדר, האב איך זיך צוגעהארכט (איך ווייס ניט פארוואס, סיידען אז אינסטינקטיווער גייסט האט מיך געטריבען) צו געוויסע נידעריגע און אומבאשטימטע קלאנגען, וועלכע זיינען געקומען דורך די פויזען פון דעם שטורעם, אין לאנ־גע אינטערוואלען, איך ווייס ניט פון וואנען. איבערוועלטיגט פון

אַן אינטענסיווען שרעקענס־געפיהל, אַן אומערקלערבאַרען דאָך ניט דויערהאַפטען. האָב איך שנעל אַרויפגעוואָרפען אויף זיך מיינע זאַכען (וואָרים איך האָב געפיהלט, אַז מעהר וועל איך שוין ניט שלאָפען די נאַכט), און האָב געזוכט דורך שפּאַנען שנעל היין און צוריק איבער'ן צימער צו באַפרייען זיך פון דעם יאַמערליכען צושטאַנד, אין וועלכען איך בין אַריינגעפאַלען.

איך בין אַזוי עטליכע מאָל אַרומגעגאַנגען, ערשט לייכטע טריט פון אַ דערבייאיגער טרעפּ האָבען צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט. איך האָב גלייך דערקענט, אַז דאָס איז אַשער'ס טריט. אין אַ רגע אַרום האָט ער מיט אַ צאַרטען ריהר אַנגעקלאַפּט אין טיר, און איז אַריינגעקומען טראַגענדיג מיט זיך אַ לאָמפּ. זיין פּנים איז געווען ווי שטענדיג טויט־בלאַס, אָבער אַ חוץ דעם איז געווען עפּעס אַ מין משוגענע לוסטיגקייט אין זיינע אויגען, אַ קענטיג איינגעהאַלטענע היסטעריע אין זיין גאַנצער האַלטונג. זיין אויסזעהן האָט מיך דערשטוינט, אָבער עס איז אַלץ געווען בעסער ווי די איינזאַמקייט, וועלכע איך האָב אַזוי לאַנג געליטען, און איך האָב זאָגאָר באַגריסט זיין אַנוועזענהייט ווי אַ דערלייכטערונג.

„און דו האָסט דאָס ניט געזעהן?" האָט ער שאַרף אַ זאָג געטאָן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער שטיל פאַר עטליכע סעקונדעס, — האָסט דאָס אַלזאָ ניט געזעהן!" — אַזוי רעדענדיג און פאַרזיכטיג פאַרשטעלענדיג זיין לאָמפּ, איז ער שנעל צוגעגאַנגען צו איין פענסטער און דאָס פריי אויפגעעפענט אין רעכטען שטורעם.

די האַסטיגע רציחה, מיט וועלכער דער ווינט האָט זיך אַריינגעריסען אין הויז, האָט אונז שיער פון די פיס ניט אומגעוואָרפען. עס איז ווירקליך געווען אַ שטורמדיגע, דאָך אַ בייזע שעהנע נאַכט, אַ נאַכט, וואָס איז מאָדנע ווילד געווען אין איהר שרעק און איהר שעהנקייט. אַ ווירבעל־ווינט האָט מסתמא געזאַמעלט זיינע קרעפטען אַרום אונזער הויז, וואָרים עס זיינען געווען אָפטע און העפטיגע ענדערונגען אין דער ריכטונג פון דעם ווינט, און די אויסערגעוועהנליכע געדיכטקייט פון די וואָלקענס (וועלכע זיינען

געהאַנגען אַזוי נידעריג, אַז זיי האָבען געדריקט די טורעמס פון׳ם הויז) האָט ניט געשטערט אונז צו זעהן די לעבעדיגע שנעלקייט, מיט וועלכער זיי זיינען אין גאַלאָפּ געפלויגען פון אַלע זייטען איי־נע אַנטקעגען די אַנדערע, ניט פאַרשווינדענדיג אין דער ווייטקייט אַריין. איך זאָג, אַז אפילו זייער אויסערגעוועהנליכע גערדיכטקייט האָט ניט געשטערט אונז צו זעהן דאָס: דאָך האָבען מיר קיין סימן ניט געזעהן פון דער לבנה אָדער די שטערן; עס האָט אפילו ניט געבליצט. אָבער די מורא׳דיגע שטיקער באַוועגליכע פאַרע, און אויך די אַלע ערדישע געגענשטאַנדען וואָס אַרום אונז האָבען געגליהט אין׳ם אומנאַטירליכען ליכט פון אַ שוואַך שיינענדיגער און קלאָר זיכטבאַרער גאַז־אַרטיגער אויסדונסטונג, וואָס איז גע־האַנגען אַרום און איינגעהילט דאָס הויז.

„דו טאָרסט ניט, דו דאַרפסט דאָס ניט זעהן!“ האָב איך שוידערנדיג זיך אַנגערופען צו אַשער׳ן, און האָב איהם איידעל שטאַרק אַנגעמענדיג אַפּגעפיהרט פון פענסטער צו אַן אָרט אַוועק־צוזעצען זיך. „די דאָזיגע ערשיינונגען, וועלכע מאַכען דיך צע־מישט, זיינען ניט מעהר ווי עלעקטרישע ערשיינונגען, וואָס זיינען ניט אומגעוועהנליך. אָדער עס קען זיין, אַז זייער שרעקליכקייט נעמט זיך פון דער עקעלהאַפטער מיאַזמע פון דעם זומפּ. לאָמיר פאַרמאַכען דאָס פענסטער. די לופט איז קאַלט און געפעהרליך פאַר דיין אָרגאַניזם. אָט איז איינע פון דיינע באַליבטע געשיכ־טעס. איך וועל לייענען, און דו וועסט הערען, און אַזוי וועלען מיר אַריבערקומען די דאָזיגע שרעקליכע נאַכט צוזאַמען“.

דאָס אַלטע בוך וואָס איך האָב גענומען אויף צו לייענען איז געווען דער „משוגענער טריסט“ פון סער לאַנסעלאָט קאַנינג, נאָר איך האָב דאָס אַנגערופען אַשער׳ס ליבלינג מעהר אין טרויעריגען שפּאַס ווי אין ערנסט, וואָרים אין דער אמת איז אין דער אומגע־לומפּערטער און בילדער־אַרימער צעצויגענקייט פון׳ם בוך געווען וועניג וואָס זאָל קענען אינטערעסירען דעם דערהויבענעם און ריי־כען גייסט פון מיין פריינד. עס איז אָבער געווען דאָס איינציגע בוך, וואָס איז גלייך ביי דער האַנט געווען, און אַן אומקלאָרע האָפענונג איז מיר אַריין אין זינען, אַז די אויפרעגונג, וועלכע האָט

איצט אנגעכאפט דעם היפאכאנדריקער, קען געפינען א דערלייב־טערונג (ווארים די געשיכטע פון גייסטיגער צערודערונג איז פול מיט עהנליכע אנאמאליעס) אפילו אין דער אויסערגעוועהנליכער שטות'ערייי, וואס איך וועל לייענען. וואלט איך ווירקליך גע־קענט אורטיילען נאך דער ווילדער צו־אנגעשטרענגטער לעבהאפ־טער מינע, מיט וועלכער ער האט זיך צוגעהערט, אדער כלומר'שט צוגעהערט, צו די ווערטער פון דער מעשה, וואלט איך געקענט זיך גראטולירען מיט'ן ערפאלג פון מיין פלאן.

איך בין צוגעקומען צו יענעם גוט־באקאנטען טייל פון דער גע־שיכטע, וואו עטעלרעד, דער העלד פון ט ר י ס ט , נאכדעם ווי ער האט אומזיסט געזוכט מיט גוטען אריינצוקומען אין דעם פרוש'ס וואוינונג, האט זיך מיט גוואלד אריינגעריסען אהין. ווען מען זאל זיך דערמאנען, לייענט זיך די געשיכטע אזוי:

„און עטעלרעד, וועלכער איז בטבע געווען א מוטיגער מאן, און איז איצט דערצו נאך קרעפטיג אויך געווען צוליב די סד וויין וואס ער האט אין זיך אריינגעגאסען, האט שוין מעהר ניט געוואלט טענה'ן מיט'ן פרוש, וועלכער איז אין דער אמת געווען אן איינגעשפארטער און בייזער מענש: נאר פיהלענדיג דעם רעגען אויף זיינע אקסלען און מורא האבענדיג פאר'ן אנקומענדען שטורעם, האט ער גלייך אויפגעהויבען זיין דובינע און מיט איין קלאפ נאכ'ן צווייטען האט ער אויף גיך דורכגעבראכען די ברע־טער פון טיר, אזוי אז זיין האנט מיט דער אייזערנער הענטשקע זאל קענען דורכגעהן. דאן האט ער מיט כח א ציה געטאן די טיר, און אזוי שטארק געבראכען און געריסען, אז דער קלאנג פון די טרוקענע און פוסט־קלינגענדע העלץ האט זיך צעטראגען און אפ־געקלונגען איבער'ן גאנצען וואלד".

ענדיגענדיג דעם זאץ בין איך אויפגעשפרונגען, און אויף א ווייל זיך אפגעשטעלט: ווארים עס האט זיך מיר אפגעדוכט (כאטש איך האב גלייך באשלאסען, אז דאס האט מיין אויפגע־רייצטע פאנטאזיע מיך אפגענארט), עס האט זיך מיר אפגע־דוכט, אז פון ערגעץ זעהר א וויטען טייל פון הויז האט ניט קלאר דערגרייכט צו מיינע אויערן, וואס עס האט זיך געקענט

אויסדרוכטען, ווערליג זיין פינקטליכע עהנליכקייט אין כאראקטער, דער אפקלאנג (אבער א פארשטיקטער און א טעמפּער, פארשטעהט זיך) פון דעם קנאקען און רייסען, וואס סער לאנסעלאט האט אזוי גענוי באשריבען. עס איז אהן צווייפעל געווען די צוזאמענטרעפונג אליין, וואס עס האט צוגעצווינגען מיין אויפמערקזאמקייט, ווארים צווישען דעם קלאפּען פון די ראמען פון די פענסטער און די געוועהנליכע צוזאמענגעמישטע קולות פון דעם אלץ גרעסער־ווערענדען שטורעם, האט דער קלאנג אין זיך אליין, זיכער, גארנישט ניט געהאט אזוינס, וואס זאל מיר אינטערעסירען אדער שטערען. איך האב ווייטער געלייענט די מעשה:

„אבער דער גוטער העלד עטעלרעד, אריינקוקענדיג איצט אינווענינג, איז געווען שטארק אויפגעבראכט און איבעראשט, ווען ער האט קיין שום צייכען ניט געזעהן פון דעם בייזען פרוש, נאר אנשטאט איהם — א דראקאן פון א שופּיגען און שרעקליכען אויסזעהן און מיט א פייערדיגער צונג, וועלכער איז געזעסען אויף דער וואך פאר א פאלאץ פון גאלד מיט א דיל פון זילבער, און אויפ'ן וואנט איז געהאנגען א שילד פון גלאנציגען מעש און אויף איהם איז געווען אויפגעשריבען:

„ווער אריינגעהן וועט, דער וועט זיגען",

„ווער דעם דראקאן טויטען קען, דעם שילד וועט קריגען".

„און עטעלרעד האט אויפגעהויבען זיין דובינע און א קלאפּ געטאן איבער'ן קאפּ דעם דראקאן, וועלכער איז געפאלען פאר איהם און האט ארויסגעלאזען זיין גיפטיגען אטעם מיט אזא מין שרעקליכען שארפען און דערצו נאך אזא שניידענדיגען געשריי, אז עטעלרעד האט געמוזט פארמאכען די אויערען מיט זיינע הענט, כדי ניט צו הערען דעם מורא'דיגען קול, וואס נאך אזא קול איז נאך קיינמאל פריהער ניט געהערט געווארען".

דא האב איך זיך ווידער מיט אמאל אפּגעשטעלט, און דערצו נאך מיט א געפיהל פון ווילדער איבערראשונג: ווארים עס האט קיין שום ספק ניט געקענט זיין, אז אין דעם איצטיגען פאל האב איך ווירקליך געהערט (כאטש איך האב בשום אופן ניט געקענט זאגען, פון וואנען דאס איז געקומען) א נידעריגען און דאכט זיך

ווייטען, אבער שארפען, אויסגעצויגענעם און העכסט אומגעוועהנ־ליכען געשריי, אדער קריצענדיגען קלאנג, פונקט א קאפיע פון דעם, וואס מיין פאנטאזיע האט שוין ארויסגערופען פאר דעם דראקאנ'ס אומנאטירליכען געשריי, ווי באשריבען פון דעם מחבר פון דער בבא־מעשה.

איצט ווען עס האט פאסירט צום צווייטען מאל אזא העכסט אויסערארדענטליכע צוזאמענטרעפונג, איז ווי געדריקט איך ביז, פארשטעהט זיך, געווען פון טויזענדער ווידערשפרעכענדע געפיה־לען, אין וועלכע פארוואונדערונג און אויסערגעוועהנליכער שרעק האבען פרעדאמינירט, האב איך אלץ נאך איינגעהאלטען אין זיך גענוג פארשטאנד, ניט צו דערלאזען דורך א ליאדע באמערקונג אויפצורייצען די סענסיטיווע נערוועזיטעט פון מיין קאמפאניאן. איך בין בשום אופן ניט געווען זיכער, צי ער האט באמערקט די קלאנגען, וועגען וועלכע דא רעדט זיך, כאטש געווים איז א זונדער־בארע ענדערונג, פאר די לעצטע עטליכע מינוטען, פארגעקומען אין זיין האלטונג. זיצענדיג די גאנצע צייט אנטקעגען מיר, האט ער דערנאך ביסלאכווייז אומגעדרעהט זיין שטול, אזוי, אז ער איז שוין אויסגעקומען מיט'ן פנים צו דער טיר פונ'ם צימער, און אויף אזא אופן האב איך נאר טיילווייז געקענט באמערקען זיינע שטרי־כען, כאטש איך האב געזעהן זיינע ליפען האבען געציטערט, אזוי ווי זיי וואלטען מורמלען אזוינס, וואס מען קען ניט הערען. זיין קאפ איז ארונטערגעפאלען אויף זיין ברוסט, דאך האב איך גע־וואוסט, אז ער שלאפט ניט, ווייל איך האב געכאפט א קוק פון זיין פראפיל אויף זיין אויג, וואס איז געווען ברייט און שטרענג אפען. אויך די באוועגונג פון זיין קערפער האט ניט געוויזען, אז ער שלאפט, ווארים ער האט שטיל, אבער כסדר און אויף איין אופן, געוויגט זיך פון איין זייט צו דער צווייטער. שנעל כאפענ־דיג דאס אלעס, האב איך זיך ווידער גענומען צו דער מעשה פון סער לאנסעלאט, וועלכע האט זיך ווייטער אזוי געלייענט:

„דערנאך, אז דער העלד איז ניצול געווארען פון דעם שרעק־ליכען צארן פונ'ם דראקאן און ער האט זיך דערמאנט אז דעם מעשענעם שילד און וועגען דעם וואס דער כישוף איז פון דעם

ארונטערגעפאלען, האָט ער אוועקגענומען דעם פגר פון וועג און האָט בראוו גענומען געהן איבער׳ן זילבערנעם דיל פון דעם שלאָס אהין, וואו דער שילד איז געהאנגען אויפ׳ן וואנט. אָבער דער שילד האָט אין דער אמת ניט געווארט ביז ער וועט אינגאנצען צוקומען, און ער איז ארונטערגעפאלען ביי זיינע פיס אויפ׳ן זילבערנעם דיל מיט אַ גרויסען שטארקען און שרעקליכען קלאנג״.

עס זיינען נאָר וואָס ארונטער פון מיינע ליפען די דאָזיגע ווערטער, ערשט אזוי ווי אַ מעשענער שילד איז ווירקליך אין דעם אויגענבליק ארונטערגעפאלען מיט אַ שטארקייט אויף אַ זילבערנעם דיל, און איך האָב דערהערט אַ דייטליכען, פוסטען, מעטאַלישען און הילכיגען כאָטש, דאַכט זיך, אַ פארשטיקטער אָפּקלאנג. ווערענדיג אינגאנצען צעשרויפּט, בין איך אויפגעשפּרונגען פון מיין פּלאַץ: אָבער אַשער האָט אומגעשטערט זיך אַלץ געלאַסען געוויגט. איך בין צוגעלאָפען צום שטול, אויף וועלכען ער איז געזעסען. זיינע אויגען האָבען געקוקט גלייך פאר זיך, און איבער זיין גאנצען געזיכט האָט גערוהט אַ שטיינערנע פארגליווערטקייט. ווען איך האָב אָבער אוועקגעלעגט מיין האנט אויף זיין אַקסעל, איז אַריבער אַ שטאַרקער שוידער איבער זיין גאנצען קערפּער, אַ קרענקליכער שמייכעל האָט אַ ציטער געטאָן ארום זיינע ליפּען, און איך האָב געזעהן, אַז ער האָט גערעדט מיט אַ נידעריגען, שנעלען און אומפארשטענדליכען מורמעל, ווי ער וואָלט ניט וויסען, אַז איך בין דאָ דערביי. אַריבערבויגענדיג זיך נאָהענט איבער איהם, האָב איך ענדליך געכאַפּט דעם שוידערליכען זין פון זיינע ווערטער:

„ניט הערען דאָס? — יאָ, איך הער דאָס, און האָב דאָס געהערט. לאַנג — לאַנג — לאַנג, פיעלע מינוטען, פיעלע שטונדען, פיעלע טעג האָב איך דאָס געהערט, דאָך האָב איך ניט געוואַגט — אָ, האָב רחמנות אויף מיר, אויף מיר, די צרה׳דיגע חורבה! — איך האָב ניט געוואָגט, איך האָב ניט געוואָגט צו רעדען! מיר האָבען זי אַ לעבעדיגע אין קבר אַריינגעלעגט! האָב איך דען ניט געזאָגט, אַז מיינע חושים זיינען שאַרף? איך דערצעהל דיר א י צ ט ע ר, אַז איך האָב געהערט איהרע ער־

שטע שוואכע באַוועגונגען אין דער פּוסטער טרונע. איך האָב זיי
געהערט מיט פיעל, פיעל טעג צוריק, איך האָב אָבער ניט גע־
וואגט, איך האָב ניט געוואַגט צו רעדען! און איצט — היינט
ביינאַכט — עטעלרעד — כאַ! כאַ! דאָס אויפברעכען פון דעם
פרוש'ס טיר און דער טויט־געשריי פון דעם דראַקאָן און דער מע־
טאַלישער קלונג פון דעם שילד, — זאָג בעסער, דאָס אויפרייסען
פון איהר טרונע און דאָס סקריפּען פון די אייזערנע זאָוויעסעס
פון איהר תּפיסה און איהר ראַנגלען זיך דורך דעם מיט קופּער באַ־
שלאָגענעם אַרק־דורכגאַנג פון דעם קעלער! אָ, וואוהין זאָל איך
פליהען? וועט זי דאָ באַלד ניט זיין? אײלט זי זיך דען ניט
צו קומען פירהאַלטען מיך מיין איילעניש? האָב איך ניט
געהערט איהרע טריט אויף די טרעפּ? דערקען איך דען ניט יענעם
שווערען און שוידערליכען קלאַפּען פון איהר הארץ? משוגע־
נער!" — דאָ איז ער ווילד אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ און
אויסגעשריען זיינע ווערטער, ווי ער וואָלט זיך מאַטערן זיין נשמה
אַרויסצולאָזען — „משוגענער! איך זאָג דיר,
אַז זי שטעהט איצטער אויף יענער
זייט טיר".

גלייך ווי עס וואָלט זיך געפונען די קראַפט פון אַ כישוף אין
דער איבערמענשליכער ענערגיע פון זיין רעדען, אַזוי האָבען די
מורא'דיגע אַלטמאָדישע פּאַנעלען, אויף וועלכע דער רעדנער האָט
אַנגעוויזען, לאַנגזאַם פאַנאַנדערגעעפענט אויף דעם אויגענבליק זייערע
שווערע עבען־קינבאַקען. דאָס איז געווען די אַרבייט פון דעם
רוישענדיגען ווינט, אָבער הינטער דער טיר איז טאַקע גע־
שטאַנען די הויכע און אין ווייסען איינגעדעקטע פיגור פון דער
ליידי מאַדעליין אַוואַשער. עס איז גע־
ווען בלוט אויף איהרע ווייסע קליידער און די סימנים פון אַ בי־
טערען קאַמף אויף יעטווידען טייל פון איהר אויסגעדאַרטען קער־
פּער. אויף איין ווײלע האָט זי גענומען ציטערען און וואַרפען
זיך הין און צוריק אויפ'ן שוועל: דאַן מיט אַ נידעריגען קרעכ־
צענדען געשריי איז זי מיט אַ שווערקייט אַריינגעפאַלען אינווייניג,
גלייך אויפ'ן קערפּער פון איהר ברודער, אין איהר העפטיגער און

דאַן לעצטער טויט־אַגאָניע האָט זי איזום א וואָרף געטאָן אויפ'ן דיל א טויטען, און א קרבן צו די שרעקען, וועלכע ער האָט פאַר־אויסגעזעהן.

דערשראָקען אויף טויט, בין איך אַנטלאָפען פון יענעם צימער און פון יענעם הויז. דער שטורעם האָט נאָך געבושעוועט מיט זיין גאַנצען צאָרן בעת איך האָב גענומען אריבערגעהן דעם אַלטען וועג. פּלוצלונג האָט איבער'ן וועג א שאָס געטאָן א ווילדע ליכ־טיגקייט, און איך האָב זיך אָפּגעקערט א קוק צו טאָן פון וואַנען דאָס האָט זיך געקענט נעמען אַזאַ אומגעוועהנליכער בליאַסק, וואָ־רים הינטער מיר איז נאָר געווען דאָס גרויסע הויז מיט זיינע שאָ־טענס. דער אָפּגלאַנץ איז דאָס געווען פון דער פולער אויפגע־הענדער און בלוט־רויטער לבנה, וועלכע האָט איצט לעבעדיג דורכ־געשיינט דורך דעם אמאָל קוים מערקבאַרען שפּאַלט, פון וועלכען איך האָב פריהער דערצעהלט, אַז ער ציהט זיך פון דאַך פון דער געביידע, אין א זיגזאַגעדיגער ריכטונג, צום פונדאַמענט. אין דער צייט וואָס איך האָב געקוקט, איז דער שפּאַלט שנעל ברייטער גע־וואָרען, דער ווירבעל־ווינט האָט מורא'דיג א בלאָז געטאָן, דער גאַנצער דיסק פון דער לבנה האָט זיך מיר פּלוצלונג באַוויזען, דער מאָרד האָט זיך מיר איבערגעקערט, זעהענדיג די מעכטיגע ווענט פאַנאַנדערפאַלען, עס האָט זיך דערהערט א לאַנגער טומעל־דיגער גערויש ווי דער גערויש פון א טויזענט וואַסערן, און די טיפע און קאַלטע סאַזשעלקע ביי מיינע פיס האָט כמורנע און שטיל צוגעדעקט די פאַנאַנדערגעפאַלענע שטיקער פון דעם „הויז פון אשער".

# עלעאָנאָרא.

Sub conservation formae specificae salva anima.

רײמאָנד לולי.

איך קום ארויס פון א גזע, וועלכע האָט גע'שמ'ט מיט איהר שטאַרקע איינבילדונגס־קראַפט און פייערדיגע לײדענשאַפט. לײט פלעגען מיך רופען משוגענער, אָבער עס איז נאָך ניט באַשטימט, צי איז משוגעת יאָ אָדער ניט די העכסטע מדרגה פון פאַרשטאַנד: צי פיעל פון דעם וואָס איז גרויס, צי ניט אַלץ וואָס איז טיף, קוועלט ניט ארויס פון א קראַנקען גייסט — פון א געמיטס־צו־שטאַנד, וואָס דערהויבט זיך אין קראַפט אויפ'ן חשבון פון דעם אַלגעמיינעם פאַרשטאַנד. די וואָס חלומ'ען בייטאָג דערוויסען זיך פון פיעל זאַכען, וואָס מיידען אויס יענע וואָס חלומ'ען נאָר בייַ־נאַכט. אין זייערע גרויע זעהונגען כאַפּען זיי בליקען פון אייביג־קייט, און אויפכאַפּענדיג זיך נעהמט זיי דורך א שוידער, ווען זיי געפינען אויס אַז זיי זיינען געווען ביים ברעג פון דעם גרויסען סוד. ברעקלעכווייז דערגעהען זיי עפּעס פון דער וויזהייט פון גוטס און מעהר פון דעם אבסאָלוטען וויסען פון שלעכטס. ווי רודערלאָז אָדער קאָמפּאַסלאָז זיי זאָלען ניט זיין, דרינגען זיי אריין אין דעם גרויסען אָקעאַן פון דעם „אומאויסדריקליכען ליכט," און ווידער אַמאָל, ווי די נסיעות פון דעם געאָגראַפיסט פון נוביען “Agressi sunt mare tenebrarum, quid in eo esset exploraturi.”

מילא, ווען מיר זאָגען, אַז איך בין משוגע. איך בין מודה וועניגסטענס, אַז עס זיינען דאָ צוויי דייטליכע צושטענדען פון

מיין גייסטיגער עקזיסטענץ: דער צושטאַנד פון אַ קלאָרען פאַר־שטאַנד, וועגען וועלכען עס קען קיין שום פראַגעס ניט זיין, און וועלכער געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס בילדעט די ער־שטע עפּאָכע פון מיין לעבען — און אַ צושטאַנד פון שאָטען און צווייפעל, וואָס געהערט צו דער איצטיגער צייט און צו די ער־אינערונגען פון דעם וואָס עס בילדעט די צווייטע גרויסע ערא פון מיין עקזיסטענץ. דאַרום, דאָס וואָס איך וועל דערצעהלען פון דער פריהערדיגער פעריאָדע, זאָלט איהר גלויבען; און דאָס וואָס איך וועל דערצעהלען פון דער שפּעטערדיגער צייט, זאָלט איהר נאָר גלויבען אויף אַזוי פיעל, וויפיעל איהר וועט געפינען פאַר גע־העריג; אָדער צווייפעלט גאָר אין דעם; אָדער, אויב צווייפלען אין דעם קענט איהר ניט, זאָלט איהר זיין אַן עדיפּוס און טרעפען די רעטעניש.

יענע וועלכע איך האָב געליבט אין דער יוגענד און פון וועל־כער איך שרייב איצט קאַלט און דייטליך די דאָזיגע עראינערונגען, איז געווען די איינציגע טאָכטער פון דער איינציגער שוועסטער פון מיין לאַנג פאַרשטאָרבענער מוטער. עלעאָנאָראַ איז געווען דער נאָמען פון מיין קוזינע. מיר האָבען שטענדיג געוואוינט צוזאַמען, אונטער אַ טראָפּישער זון, אין דעם „טאָל פונם פיעל־קאָלירטען גראָז.“ קיין שום מענשליכער פוס האָט ווען עס איז געטראָטען אַהן אַ וועגווייזער אין דעם דאָזיגען טאָל, וואָרים עס איז געלעגען ווייט־ווייט ארויף אין אַ קייט פון ריזען־בערגלעך, וועלכע זיינען אַרויסגעשפּאַרטע געהאַנגען אַרום און אַרום טאָל. אויסשליסענדיג אויף אַזאַ'ן אופן דאָס זון־ליכט פון זיינע זיסטע פאַרטיפונגען. קיין שום וועגעלע איז ניט געווען אויסגעטראָטען אַרום דעם טאָל, און אום צוצוקומען צו אונזער גליקליכער היים, האָט מען זיך מיט גוואַלד געמוזט דורכשפּאַרען דורך די בלעטער פון פיעל טויזענטער וואַלד־ביימער און צעקוועטשען אויף טויט די גלאָריען פון פיעל מיליאָנען שמעקעדיגע בלומען. אַט אַזוי האָבען מיר גע־וואוינט גאָר אַליין, גאָרנישט ניט וויסענדיג פון דער וועלט אחוצ'ן טאָל, — איך און מיין קוזינע מיט איהר מוטער.

פון די טונקעלע רעגיאָנען וואָס הינטער די בערג ביים אויר־

בערשטען עק פון אונזער ארומגערינגעלטער טעריטאָריע איז ארויסגעקראָכן אַ שמאָלער און טיפער טייך, ליכטיגער פון אַלץ אין דער וועלט, אַ חוץ פון עלעאָנאָראַ'ס אויגען, און דרעהענדיג זיך גע'גנב'עטערהייט אין פאַרדרעהטע וועגעלעך, איז ער צום סוף פאַרשוואונדען געוואָרען דורך אַ שאָטענדיגען גאָרזש, צווישען בערגלעך, נאָך מעהר טונקעלערע ווי די, פון וואַנען ער איז ארויס. מיר האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען „דער טייך פון שטילקייט," ווייל אין זיין פליסען האָט זיך געפיהלט אַן איינשטילענדיגע ווירקונג. קיין שום מורמעל איז ניט ארויסגעקומען פון זיין געלעגער, און ער האָט זיך אזוי שטיל געוואַנדערט, אז די פּערעלדיגע שטיינדעלעך, אויף וועלכע מיר פלעגען ליב האָבען צו קוקען, ווייט ארונטער אין זיין שויס, האָבען זיך קיין ריהר ניט געטאָן, נאָר זיי זיינען געלעגען, אין אַ באַוועגלאָזער צופרידענקייט, יעטווידער שטיינדעלע אויף זיין אַלטען פּלאַץ, כסדר שיינענדיג מיט פּראַכט און גלאַנץ.

דער ברעג פון טייך און פון די סך בלישצענדיגע טייכעלעך, וועלכע האָבען זיך דורכגעגליטשט דורך פאַרדרעהטע וועגעלעך אין זיין קוואַל אריין, און אזוי אויך די רוימען, וועלכע האָבען זיך געצויגען פון די ברעגען ווייט אַראָפּצוצו אין די טיפענישען פון די שטראָמען, ביז זיי האָבען דערגרייכט דאָס געלעגער פון די שטיינדעלעך אויפ'ן אָפּגרונט, — אָט־אָ־די אַלע ערטער, ניט ווייניגער ווי די גאַנצע אויבערפלאַך פון דעם טאָל, פון דעם טייך ביז צו די בערג, וועלכע האָבען עס ארומגעגאַרטעלט, זיינען אַלע געווען אויסגעבעט מיט אַ ווייכען, גרינעם גראָז, דיק, קורץ, גלייך ביז אַ האָר און וואַנילאַ־פּאַרפיומירט, אָבער דורכאויס אזוי שטאַרק באַשפּרינקעלט מיט געלע פּוטער־בלימלעך, ווייסע מאַרגאַריטקעס, פּורפּורנע וויאָלעטקעס און רובינען־רויטע אַספאָדעלען, אז די גרויס־גרויסע שעהנקייט דערפון האָט גערעדט צו אונזערע הערצער מיט די הויכע טענער פון דער ליבע און פון דער גרויסקייט פון גאָט.

און דאָ און דאָרט, ארום אָט די גראָז, זיינען אין קליינע וועלדעלעך, אזוי ווי די ווילדערנישען פון טרוימען, ארויסגעוואַקסען פאַנטאַסטישע בוימער, וואָס זייערע הויכע, שלאַנקע שטאַמען זיינען ניט געשטאַנען גלייך, נאָר גראַציעז אָנגעבויגען צום ליכט,

וואָס איז אינמיטען טאָג אריינגעדרונגען אין דעם צענטער פונ'ם טאָל. אויף זייער געפלעקטער קאָרע האָבען זיך געביטען די לעבעדיגע קאָלירען פון עבען־האָלץ און זילבער, און עס איז געווען גלאַטער פון אלץ אין דער וועלט, א חוץ פון עלעאָנאָרא'ס באַקען, און עס האָט אזוי אויסגעקוקט, אז ווען ניט די גלענצענדע גרינקייט פון די גרויסע בלעטער, וואָס האָט זיך צעשפּרייט פון זייערע שפּיצען אין לאַנגע, וואַקעלדיגע ליניעס, שטיפענדיג מיט די זעפירען, וואָלט מען זיך געקענט פאַרשטעלען, אז דאָס זיינען די ריזיגע שלאַנגען פון סיריען, בוקענדיג זיך צו זייער הערשערין די זון.

פופצעהן יאָהר האָב איך האַנט אין האַנט מיט עלעאָנאָרא'ן ארומגעבראָדזשעט אין דעם דאָזיגען טאָל, נאָך איידער די ליבע איז אריין אין אונזערע הערצער. עס איז געווען איינמאָל אין אַן אָוועגט, ביים ענדע פון איהר פופצעהנטען יאָהר און פון מיין צוואַנציגסטען יאָהר, זיינען מירביידע געזעסען, איינגעשלאָסען איינע אין דעם אנדערענ'ס אָרימס, אונטער די שלאַנגען־אַרטיגע בוימער, און האָבען ארונטערגעקוקט אין די וואַסערען פון דעם „טייך פון שטילקייט" אויף אונזערע געשטאַלטען דאָרטען. מיר האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט דעם גאַנצען יענעם זיסען טאָג, און אונזערע ווערטער אפילו אויף מאָרגען זיינען געווען אומזיכער און ווייניג. מיר האָבען ארויסגעצויגען דעם גאָט עראָס פון יענער כוואַליע, און מיר האָבען דאַן געפיהלט, אז ער האָט אין אונז אָנ־געצונדען די פייערדיגע נשמות פון אונזערע אָבות. די ליידענ־שאַפטען מיט וועלכע אונזער גזע האָט זיך אויסגעצייכענט פאַר הונדערטער יאָהרען, האָבען זיך גענומען שפּאַרען מיט די פאַנטאַ־זיעס, מיט וועלכע זיי זיינען פונקט אזוי געווען באַריהמט, און צו־זאַמען האָבען זיי אויסגעגאָסען א ווילדע גליקזעליגקייט איבער'ן „טאָל פון דעם פיעל־קאָלירטען גראָז." אַן ענדערונג איז געקומען איבער אלע זאַכען. מאָדנע, גלענצענדע בלומען, אזוי ווי שטערען. האָבען ארויסגעשפּראָצט אויף די בוימער, וואו קיין בלומען זיינען פריהער גאָרניט געווען. די פאַרבונגען פון דעם גרינעם גראָז־טעפּיך זיינען טיפער געוואָרען, און ווען די ווייסע מאַרגאַריטקעס זיינען איינע נאָך דער צווייטער נעלם געוואָרען, זיינען אויף זיי־

ערע פלעצער אויסגעוואקסען צעהן מאל אזוי פיעל רובינען־רויטע אספאדעלען. און לעבען איז אויסגעוואקסען אין אונזערע טריט, ווארים דער גרויסער פלאמינגא, וועלכען מען האט ביז אהער ניט געזעהן, מיט אלע העל־פארביג גליהענדע פויגלען, האט זיך אויס־געפיינט פאר אונז מיט זיינע טיף־רויטע פעדערען. גאלדענע און זילבערנע פישלאך האבען זיך באוויזען אין טייך, פון וועמעס שוים זיי האבען ביסלעכווייז ארויסגעלאזען א מורמעל, וועלכער האט זיך ענדליך צעגאסען אין א פארוויגענדע מעלאדיע, נאך געטליכער ווי די מעלאדיע פון דער הארפע פון עאלום — זיסער פון אלץ אין דער וועלט, אחוץ פון עלעאנארא׳ס שטימע. און דאן איז אויך א מורא׳דיג־גרויסער וואלקען, וועלכען מיר האבען שוין פון לאנג געזעהן אין די רעגיאנען פון העספערוס, ארויסגעשוואומען פון דארטען, אין גאנצען אויגעפוצט אין בלוט־רויט און גאלד, און אפ־שטעלענדיג זיך רוהען איבער אונז, איז ער פון טאג צו טאג גע־זונקען, נידעריגער און נידעריגער, ביז זיינע ברעגען זיינען געבלי־בען ליגען אויף די שפיצען פון די בערג, פארוואנדלענדיג זייער גאנצע טונקעלקייט אין הערליכקייט, און אזוי ווי זיי וואלטען אונז אויף אלעמאל איינגעשפארט אין א צויבערליכען געפענגעניש פון פראכט און גלאנץ.

די ליבליכקייט פון עלעאנארא׳ן איז געווען די ליבליכקייט פון די שרפים. זי איז אבער געווען א מיידעל אויפריכטיג און אומשולדיג ווי דאס קורצע לעבען, וואס זי האט געפיהרט צווישען די בלומען. קיין שום פאלשקייט האט ניט פארשטעלט דעם ברען פון דער ליבע, וואס האט באזעלט איהר הארץ, און שפאצירענדיג צוזאמען אינ׳ם „טאל פונ׳ם פיעל קאלירטען גראז,“ האט זי אויס־געקוקט מיט מיר די טיפסטע פארבארגענישען, און מיר האבען באשפראכען די שטארקע ענדערונגען, וועלכע זיינען די לעצטע צייט פארגעקומען דארטען.

ענדליך, איין טאג רעדענדיג אין טרערען פון דער לעצטער טרויעריגער ענדערונג, וועלכע מוז באפאלען די מענשהייט, האט זי פון דעמאלט אן געטאן נאר און גערעדט וועגען אט דער טרויעריגער טעמע, אריינוועבענדיג דאס אין אלע אונזערע געשפרעכען, פונקט

ווי אין די לידער פון דעם דיכטער פון שיראַז ווידערהאַלען זיך כסדר די זעלבע בילדער אין יעטווידער אימפּרעסיווער וואַריאַציע פון פּראָזע.

זי האָט געזעהן דעם פינגער פון טויט אויף איהר ברוסט — אַז, אַזוי ווי דער עפעמעראַן האָט זי דערגרייכט די פאָלקאָמענע שטופע פון ליבליכקייט, נאָר אום צו שטאַרבען. אָבער די שרעקען פון קבר זיינען פאַר איהר אויסשליסליך געלעגען אין א וועג, וועל־כען זי האָט פאַר מיר אַנטדעקט איינמאָל אין א בין־השמשות ביי די ברעגען פונ׳ם „טייך פון שטילקייט.“ עס האָט איהר געשמערצט צו טראַכטען, אַז נאָכדעם ווי איך וועל זי מקבר זיין אין דעם „טאָל פון פיעל־קאָלירטען גראָז,“ וועל איך אויף אייביג פאַרלאַזען זיינע גליקליכע פאַרבאַרגענישען, איבערגעבענדיג די ליבע, וועלכע האָט איצט אַזוי ליידענשאַפטליך געהערט צו איהר אַליין, צו אַן אַנדער מיידעל פון דער דרויסענדיגער און אַלטעגליכער וועלט. און איך האָב זיך דאַן מיט האַסט געוואָרפען צו עלעאָנאָרא׳ס פיס און איך האָב געגעבען א נדר צו איהר אַליין און צום הימעל, אַז איך וועל זיך קיינמאָל ניט פאַרבינדען אין הייראַט מיט קיין שום טאָכטער פון דער ערד, אַז איך וועל פאַר קיין פאַל ניט ווערען אומטריי צו איהר ליבען אַנדענקען אָדער צום אַנדענקען פון דער איבערגעגעבע־נער ליבע, מיט וועלכער זי האָט מיך באַגליקט. און איך האָב גע־רופען צום אַלמעכטיגען פון דער וועלט, ער זאָל זיין אַן עדות פון דער הייליגער פייערליכקייט פון מיין נדר. און די קללה וואָס איך האָב אויסגעבעטען פון א י ה ם און פון איהר, א הייליגע אין העלוזיאַן, אין פאַל איך וועל ניט זיין טריי צום נדר, איז באַשטאַ־נען פון א שווידערליכע שטראָף, אַז איך קען דאָ גאָרניט דערצעה־לען וואָס ראָס איז. און די ליכטיגע אויגען פון עלעאָנאָרא׳ן זיי־נען געוואָרען נאָך ליכטיגער, בעת איך האָב אַרויסגערעדט די ווער־טער, און זי האָט זיך אָפּגעזיפצט, אַזוי ווי א טויטליכע משא ויאָלט אַראָפּגענומען געוואָרען פון איהר האַרצען. און זי האָט א ציטער געטאָן און זיך זעהר ביטער צעוויינט. זי האָט אָבער צוגע־נומען דעם נדר (וואָרים וואָס איז זי געווען, אויב ניט א קינד?) און עס האָט איהר גרינגער געמאַכט איהר טויטען־בעט. און ניט

פיעל טעג נאכדעם, רוהיג שטארבענדיג, האט זי צו מיר געזאגט, אז דערפאר וואס איך האב אזוי פיעל געטאן פאר דער רוהיגקייט פון איהר גייסט, וועט איהר גייסט וואכען איבער מיר נאך איהר טויט, און אויב עס וועט איהר זיין ערלויבט, וועט זי באשיינפערליך קומען צוריק צו מיר אין דער וואך־צייט פון דער נאכט. נאר אויב די זאך איז ווירקליך אן אוממעגליכקייט פאר די נשמות אין גן־עדן, וועט זי דאן ווענינסטענס מיר געבען אפט צו פיהלען פון איהר אנוועזענהייט, זיפצענדיג איבער מיר אין די אווענט־ווינטען, אדער אנפילענדיג די לופט, מיט וועלכער איך אטעם, מיט'ן ריח־ניחוח פון די פייער־פאנען פון די מלאכים. און מיט די דאזיגע ווערטער אויף איהרע ליפען האט זי זיך אפגעשיידט פון איהר אומשולדיגען לעבען, מאכענדיג דערמיט א סוף צו דער ערשטער עפאכע פון מיין אייגענעם לעבען.

ביז דאנען בין איך טריי געווען צום אמת אין מיין דערצעהלונג. אבער ווען איך געה אריבער דעם צאם אינ'ם וועג פון דער צייט, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען דורכ'ן טויט פון מיין ליבסטער, און איך הויב אן ווייטער מיט דער צווייטער ערא פון מיין עקזיסטענץ, פיהל איך, ווי א שאטען קלייבט זיך איבער מיין מארך און איך געטרוי ניט דער אמת'ער קלארקייט פון דאס פארשריבענע. נאך לאמיר געהן ווייטער. — די יאהרען האבען זיך שווער געשלעפט, און איך האב נאך געוואוינט אינ'ם „טאל פונ'ם פיעל־קאלירטען גראז." אבער א צווייטע ענדערונג איז געקומען איבער אלע זאכען. די בלומען וואס אזוי ווי שטערען, זיינען איינגעשרומפען געווארען אין די שטאמען פון די ביימער און מעהר האט מען זיי שוין ניט געזעהן. די שאטירונגען פון דעם גרינעם גראז־טעפיך האבען אפגעבליאקירט, און די רובינען־רויטע אספאדעלען זיינען איינער נאכ'ן אנדערען פארוועלקט געווארען, און אויף זייערע ערטער האבען ארויסגעשפראצט צעהן מאל אזויפיעל טונקעלע וויאלעטקעס, אזוי ווי אויגען, וועלכע האבען זיך אומרוהיג געדרעהט און זיינען אימער געווען באדעקט מיט טוי. און לעבען איז פארשוואונדען פון אונזערע וועגען, וואָרים דער גרויסער פלאמינגא האט שוין מעהר ניט געפראנטעוועט ארום אונז מיט זיינע

בלוט־רויטע פעדערען, נאָר ער איז אומעטיג געפלויגען פון טאָל אין די בערג אריין צוזאמען מיט אלע העל־פארביג גליהענדיגע פויגלען, וועלכע זיינען אנגעקומען אינאיינעם מיט איהם. און די גאָלדענע און די זילבערנע פישעלעך זיינען אוועקגעשוואומען דורכ׳ן גארזש ביים נידעריגען עק פון אונזער טעריטאָריע און זיי האָבען שוין מעהר קיינמאָל ניט באצירט דעם דעק פונ׳ם זיסען טייך. און דער פארוויגענדיגער ניגון, וועלכער איז געווען ווייכער ווי די ווינט־האַרפע פון עאָלוס און געטליכער פון אלץ אין דער וועלט, אחוץ פון עלעאָנאָרא׳ס שטימע, איז בּיסלעכווייז אָפּגעשטאָרבען אין די מורמלען, וועלכע זיינען געוואָרען אלץ שטילער און שטילער, ביז דער שטראָם האָט זיך ענדליך אינגאנצען צוריקגעקעהרט צו דער ערנסטקייט פון זיין אורשפּרינגליכער שטילקייט. און דאַן, צום סוף, האָט זיך דער ריזיגער וואָלקען אויפגעהויבען, און איבער־לאָזענדיג די שפּיצען פון די בערג צו דער טונקעלקייט פון די אלטע צייטען, איז ער צוריקגעפאַלען אין די רעגיאָנעז פון העספּערוס און ער האָט אוועקגענומען אלע זיינע פיעלפאַכיגע גאָלדענע און פּרעכטיגע הערליכקייטען פון דעם „טאָל פון דעם פיעל־קאָלירטען גראַז."

דאָך זיינען די פארשפּרעכונגען פון עלעאָנאָרא׳ן ניט פאר־געסען געוואָרען. וואָרים איך האָב געהערט די קלאַנגען, ווי עס הוידען זיך די פייער־פאַנען פון די מלאכים, און שטראָמען פון א הייליגען ריח־ניחוח האָבען בּסדר געפלאָסען ארום דעם טאָל. און אין איינזאמע שטונדען, ווען מיין הארץ האָט שטארק געקלאַפּט, זיינען די ווינטען, וועלכע האָבען געבאָדען מיינע ברעמען, געקומען צו מיר באַלאָדען מיט ווייכע זיפצען. און ניט־דייטליכע מורמלען האָבען אָפט אנגעפילט די נאכט־לופט, און איינמאָל — אָ, נאָר איינמאָל ! — בין איך אויפגעוועקט געוואָרען פון שלאָף, וואָס איז געווען אזוי ווי דער שלאָף פון טויט, דורך דעם צודריקען פון א פּאָר גייסטיגע ליפּען צו מיינע ליפּען.

אָבער די פּוסטקייט אין מיין הארצען האָט אפילו אויף דעם אופן זיך אנטזאָגט אנגעפילט צו ווערען. איך האָב געבענקט נאָך דער ליבע, וועלכע האָט עס פריהער אנגעפילט ביז אריבער די ברע־

געו. צום סוף האט דער טאָל מיר פאַראורזאַכט שמערצען מיט זיינע עראינערונגען פון עלעאָנאָרא'ן און איך האָב עס אויף אייביג פאַרלאַזען. אוועקגעהענדיג צו די פוסטקייטען און די שטורעמ־דיגע טריאומפען פון דער וועלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין אַנגעקומען אין א פרעמדער שטאָט, וואו אַלצדינג וואַלט אויפ'ן בעסטען אופן געדינט אַפּצומעקען פון מיין זכרוי' די זיסע חלומות, וועלכע איך האָב אזוי לאַנג גע'חלומ'ט אין דעם „טאָל פון דעם פיעל־קאָלירטען גראָז". דער פּאָמפּ און די פּאַראַדען פון א קעניגליכען הויף און דער ווילדער קלאַנג פון וואַפען און די גלענצענדע ליבליכקייט פון א פרוי האָט ווילד געמאַכט און פאַר־שכור'ט מיין מארד. גאָר פונדעסטוועגען איז מיין זעלע נאָך גע־בליבען טריי צו איהר נדר און איך האָב נאָך געפיהלט די אַנוועזענהייט פון עלעאָנאָרא'ן אין די שטילע שטונדען פון דער נאַכט. פּלוצלונג האָבען דידאָזיגע אַלע ערשיינונגען אויפגעהערט. און די וועלט איז פינסטער געוואָרען פאַר מיינע אויגען. און איך בין געשטאַנען דערשראָקען פאַר די ברענענדיגע געדאַנקען, וועלכע האָבען מיך באַהערשט, פאַר די שרעקליכע נסיונות, וועלכע זיינען מיך באַפאַלען. וואָרים פון ערגעץ־וואו א ווייטען, ווייטען און אומבאַקאַנטען לאַנד איז אין דעם פרעהליכען קעניגליכען הויף, וואו איך האָב געדיענט, אַנגעקומען א מיידעל, צו וועמעס שעהנ־קייט מיין גאַנץ אומטריי הארץ האָט זיך גלייך אונטערגעגעבען. און ביי איהר פוסבענקעלע האָב איך אהן א קאַמף זיך אנידער־געבוקט אין דעם העפטיגסטען, אין דעם אונטערטעניגסטען גאָטעס־דיענסט פון ליעבע. וואָס איז באמת געווען מיין ליידענשאַפט פאַר דער יונגער מיידעל פון דעם טאָל אין פאַרגלייך מיט'ן ברען און דעלירִיום און דעם גייסט־אויפהויבענדען עקסטאַז פון פאַרעהרונג, מיט וועלכע איך האָב אין טרערען אויסגעגאָסען מיין גאַנצע זעלע ביי די פיס פון דער עטערישער ערמענגאַרד? אָ, ווי שעהן איז געווען דער שרף ערמענגאַרד! און אין דעם וויסען האָב איך קיין פּלאַץ ניט געהאַט פאַר קיין שום אַנדערע. אָ, געטליך איז

געוועזן דער מלאך ערמענגאַרד! און ווען איך האָב ארונטערגעקוקט אין די טיפענישען פון איהרע אומפארגעסליכע אויגען, האָב איך געטראַכט נאָר פון זיי — און נאָר פ ו ן א י ה ר.

איך האָב חתונה געהאט. איך האָב אפילו זיך ניט געשראָקען פאר דער קללה, וואָס איך האָב אויף מיין קאָפּ גערופען, און איהר ביטערקייט איז אויף מיר ניט געקומען. און איינמאָל — מעהר ניט ווי נאָר איינמאָל, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, זיינען דורך מיין פענסטער־גראַטע געקומען די ווייכע זיפצען, וועלכע האָבען אָן מיר שוין פאַרגעסען, און זיי האָבען זיך אויסגעגאָסען אין דער באַקאַנטער און זיסער שטימע, זאָגענדיג:

„שלאָף אין פרידען! וואָרים דער גייסט פון ליבע רעגירט און הערשט, און נעהמענדיג צו דיין ליידענשאַפטליכען הארץ די, וועלכע הייסט ערמענגאַרד, ביסטו צוליב אורזאכען, וועלכע וועלען דיר באַקאַנט געמאַכט ווערען אויף יענער וועלט, באַפרייט געוואָרען פון דיין נדר צו עלעאָנאָרא׳ן.“

# די גרוב און דער פּאַמפּעדיקעל.

Impia tortorum longas hic turba furores
Sanquivis innocui, non satiata, aluit.
Sospite nunc patria, fracto nunc funeris autro,
Mon ubi dira fuit vita salusque patent.

**א קאַרטען, פאַרפאַסט פאר די טויערען פון א מאַרק וואָס האָט געזאָלט אויפגעשטעלט ווערען אויפ'ן פלאץ פון דעם יאַקאָבינער קלוב־הויז אין פּאַריז.**

איך בין געווען קראַנק — קראַנק ביז טויט מיט דער לאַנגער גסיסה, און ווען זיי האָבען מיך ענדליך אָפּגעבונדען, און איך האָב זיך געמעגט אַוועקזעצען, האָב איך דערפיהלט אז מיינע חושים פאַרלאָזען מיך. דער אורטייל — דער שרעקליכער אורטייל פון טויט — איז געווען די לעצטע דייטליכע באַטאָנונג, וואָס האָט דערגרייכט צו מיינע אויערען. נאָכדעם האָט דער קלאַנג פון די אינקוויזיטאָרישע שטימען אזוי ווי צונויפגעגאָסען זיך אין איין טרוימישען אומבאַשטימטען זשוזשען. עס האָט איבערגעגעבען צו מיין זעלע די אידעע פון ר ע ו ו א ל ו צ י ע, אפשר צוליב דעם וואָס אין דער פאַנטאַזיע האָט זיך דאָס אַסאָציאירט מיט דעם גע־רויש פון א מיל־ראָד. דאָס איז געווען נאָר אויף א קורצע צייט, ווייל באַלד האָב איך מעהר גאָרנישט ניט געהערט. א ווײַלע פונ־דעסטוועגען האָב איך געזעהן, אָבער מיט וואָס פאר א שרעקליכער איבערטרייבונג! איך האָב געזעהן די ליפּען פון די שוואַרץ־געקליידטע ריכטער. זיי האָבען מיר אויסגעזעהן ווייס נאָך ווײַ־סער, ווי דאָס פּאַפּיר. אויף וועלכען איך פאַרשרייב דידאָזיגע

ווערטער. און דין ביז צו משונה׳דיגקייט זאַגאַר; דין מיט דער אינטענסיוויטעט פון זייער אויסדרוק פון שטאַרקייט, — פון אומ־ריהרבאַרער אַנטשלאָסענהייט, פון שטרענגער מיסאַכטונג פאַר מענשליכע יסורים. איך האָב געזעהן די דעקרעטען פון דעם, וואָס פאַר מיר איז געוועזן מיין שיקזאַל, זיינען נאָך ארויסגעגאַנגען פון יענע ליפּען. איך האָב זיי געזעהן קרימענדיג זיך מיט א טויט־ליכען אויסדרוק. איך האָב זיי געזעהן ארויסרעדענדיג מיין נאָמען זילבענווייז, און עס האָט מיך געשוידערט, ווייל קיין קלאַנג האָט זיך ניט געהערט נאָכדעם. איך האָב פאַר אייניגע מאָמענטען אין דעליריעזען שרעק אויך געזעהן דאָס צאַרטע און כמעט אוממערק־באַרע באַוועגען זיך פון די טונקעלע דראַפּירונגען, וועלכע האָבען פאַרדעקט די ווענט פון דעם צימער. און דאַן איז מיין זעהונג גע־פאַלען אויף די זיבען גרויסע ליכט אויפ׳ן טיש. צום ערשטען האָבען זיי געהאַט דעם אויסזעהן פון גוטסקייט; און זיי האָבען געשיינט צו זיין ווייסע שלאַנקע מלאכים, וואָס דאַרפען מיך ראַ־טעווען, אָבער דערנאָך האָט מיט אַמאָל א שלאָג געטאָן מיט דער טויטליכסטער איבעלקייט איבער מיין גייסט, און איך האָב דער־פיהלט ווי יעטווידער פיבער אין מיין אָרגאַניזם ווערט דורכגעשוי־דערט, גלייך ווי איך וואָלט אַנגעריהרט די דראָט פון א גאַלוואַ־נישער באַטאַרעע, אין דער צייט וואָס די מלאכים־געשטאַלטען זיינען געוואָרען באַדייטונגסלאָזע געשפּענסטער, מיט קעפּ פון פלאַ־מען, און איך האָב געזעהן, אז פון זיי וועט קיין הילף ניט קומען. און דאַן האָט זיך אין מיין פאַנטאַזיע אריינגעגנב׳עט, אזוי ווי א רייכער מוזיקאַלישער טאָן, דער געדאַנק, וואָס פאַר א זיסע רוה עס מוז זיין אין קבר; דער געדאַנק איז געקומען שטיל און בגנבה, און עס האָט אויסגעזעהן, עס האָט געדויערט ביז עס האָט געקראָגען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. אָבער ווי נאָר מיין גייסט האָט ענדליך גענומען ריכטיג פיהלען עס און באַנעהמען עס, זיינען די פיגורען פון די ריכטער ווי דורך א כישוף פאַרשוואונדען געוואָרען פון מיר; די גרויסע ליכט זיינען גאַרנישט געוואָרען, זייערע פלאַמען זיינען אינגאַנצען אויסגעגאַנגען, די שוואַרצקייט פון די טונקעלקייט האָט

זיך פארשטארקט, אלע געפיהלען האבען געשיינט פארשלונגען צו ווערען אין א ווילדען ראשיגען תהום אזוי ווי די נשמה לאזט זיך ארונטער אין דער גייסטער־וועלט. דאן איז שווייגען, שטילקייט און נאכט געווארען דאס אוניווערזום.

איך האב גע׳חלש׳ט, אבער דאך וועל איך ניט זאגען, אז איך האב מיין גאנצען באוואוסטזיין פארלארען. איך וועל ניט פרו־בירען צו דעפינירען, אדער אפילו צו שילדערן דאס וואס איז פון דעם איבערגעבליבען; אבער עס איז ניט אלעס פארלארען געווען. אין דעם טיפסטען שלומער — ניט! אין דעלירויום — ניט! איז אהנמאכט — ניט! אין טויט — ניט! אפילו אין קבר איז ניט אלעס ווערט פארלארען. אניט, איז דאך ניטא קיין אומשטערב־ליכקייט פאר׳ן מענשען. אויפכאפענדיג זיך פון דעם טיפסטען שלאף, רייסען מיר פאנאנדער דאס שפינוועב פון עפעס א חלום. דאך אין א רגע ארום (ווי שוואך דאס שפינוועב איז ניט געווען) געדענקען מיר שוין ניט וואס אונז האט זיך גע׳חלומ׳ט. אין דעם צוריקקעהרען זיך פון חלש׳ען צום לעבען זיינען דא צוויי מדרגות: די ערשטע מדרגה איז ווען מען פיהלט מיט׳ן גייסט, מיט דער נשמה; די צווייטע מדרגה איז, ווען מען פיהלט מיט׳ן קערפער, מיט׳ן גוף. עס זעהט אויס אלס וואהרשיינליך, אז אויב, דערגרייכענדיג די צווייטע מדרגה, זאלען מיר זיך דערמאנען די איינדריקען פון דער ערשטער, וועלען מיר געפינען דידאזיגע איינ־דריקען שטארק אויסגעדריקט אין עראינערונגען פון דעם תהום, וואס אויף יענער זייט. און יענער תהום איז — וואס? ווי זאלען מיר לכל־הפחות אונטערשיידען זיינע שאטענס פון די וואס פון קבר? אבער אויב די איינדרוקען פון דעם וואס איך האב באצייכענט אלס די ערשטע מדרגה קומען ניט פרייוויליג ארויף אויפ׳ן זינען, דאך נאך א לאנגער הפסקה קומען זיי דען ניט אומ־געבעטען, בעת מיר ווערען נשתומם, פון וואנען קומען זיי דאס? דער וואס האט קיינמאל ניט גע׳חלש׳ט, דער קען ניט געפינען וואונדערבארע פאלאצען און מאדנע באקאנטע פנימ׳ער אין קויהלען וואס גליהען; ניט ער קען באמערקען שווימענדיג אינמיטען דער לופט די אומעטיגע וויזיאנען, וועלכע פיעלע קענען גארניט זעהן;

ניט ער קען זיך פאַרטראַכטען איבער'ן ריח־ניחוח פון עפּעס א חידושים'דיגע בלום; ניט ער איז דער מענש, וועמעס מאַרך עס ווערט צעמישט פון דעם זין פון עפּעס א מוזיקאַלישער קאַדענץ. וועלכע האָט גאָר פריהער קיינמאָל ניט צוגעצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט.

צווישען אָפּטע און אויפמערקזאַמע שטרעבונגען צו דערמאָנען זיך, צווישען ערנסטע קעמפען ווידער אויפצוקלייבען עפּעס סימנים פון א צושטאַנד פון שיינבאַרער פּוסטקייט, אין וועלכער מיין נשמה איז אריינגעפאַלען, זיינען געווען מאָמענטען, ווען איך האָב געטרוימט פון ערפאָלג; עס זיינען געווען קורצע, זעהר קורצע פּעריאָדען, ווען איך האָב ארויסגערופען זכרונות, וועלכע דער קלאָרער פאַרשטאַנד פון א שפּעטערדיגער עפּאָכע פאַרזיכערט מיר וואָלטען געקענט האָבען א שייכות נאָר צום צושטאַנד פון שיינבאַרער אומבאַוואוסטזיניגקייט. דיזאָזיגע שאָטענס פון זכרון דערצעהלען אומקלאָר פון גרויסע געשטאַלטען, וועלכע האָבען שווייגענדיג מיך אויפגעהויבען און געטראָגען מיך ארונטער, ארונטער און ארונטער, ביז א שווינדעלדיג קאָפּשווינדעל האָט מיך אָנגעכאַפּט בלויז ביים געדאַנק פון דער אומענדליכקייט פונ'ם תהום. זיי דערצעהלען אויך פון אן אומבאַשטימטען שוידער אין מיין האַרצען, צוליב דער אומנאַטירליכער שטילקייט פונ'ם האַרץ. דאַן קומט א געפיהל פון פּלוצלינגער באַוועגלאָזיגקייט איבער אַלצדינג, פּונקט ווי די וואָס וואָלטען מיך געטראָגען (א שרעקליכער צוג!) וואָלטען אריבערגעיאָגט אין זייער אראָפּשטייגען די גרענעצען פון דאָס גרענעצלאָזע, און זיך אָפּגעשטעלט פון די מידיגקייט פון זייער האָרעוואַניע. נאָכדעם געהט מיר ארויף אויפ'ן זכרון פלאַכקייט און פייכטקייט, און דאַן איז אַלץ מ ש ו ג ע ת — די משוגעת פון א זכרון, וועלכער פאַרנעהמט זיך מיט פאַרבאָטענע זאַכען.

גאָר פּלוצלונג איז צו מיין זעלע צוריקגעקומען באַוועגונג און קלאַנג — די רוישיגע באַוועגונג פונ'ם האַרץ, און אין מיינע אויערען דער קלאַנג פון זיין קלאַפּען. דאַן א פּויזע, אין וועלכער אַלעס איז פּוסט. דאַן ווידער א קלאַנג און באַוועגונג און באַריהרונג — א שמערצליך געפיהל האָט דורכגענומען מיין קערפּער. דאַן

דער בלויזער באוואוסטזיין פון עקזיסטענץ, אהן דעם גערדאנק — א צושטאנד, וועלכער האט לאנג אנגעהאלטען. דאן, גאר פלוצלונג, א ג ע ד א נ ק און דורכדרינגענדער שרעק און ערנסטע שטרע־בונג צו באגרייפען מיין ריכטיגען צושטאנד. דאן — א שטארקער ווונש ארייגצופאלען אין אומבאוואוסטזיניגקייט. דאן — א האסטיגע ווידעראויפלעבונג פון דער נשמה און אן ערפאלגרייכע באמיהונג צו באוועגען זיך. און דערנאך זיך אינגאנצען דערמאנט אן דעם משפט, אן די שופטים, אן די שווארצע דראפירונגען, אן דעם פסק־דין, אן דער קראנקהייט, אן דעם חלש'ען. דאן — זיך אינגאנצען פארגעסען אן אלצדינג וואס איז נאכדעם געקומען, אן אלץ וואס א שפעטערדיגער טאג און פיעל ערנסטער שטרעבען האבען געגעבען מיר די מעגליכקייט אויף אן אומקלארען אופן צו דערמאנען זיך.

דערוויילע האב איך נאך מיינע אויגען ניט אויפגעעפענט. איך האב געפיהלט, אז איך ליעג אויף מיין רוקען, אן אפגעבונדענער. איך האב אויסגעשטרעקט מיין האנט, און עס האט זיך שווער ארונטערגעלאזען אויף עפעס פייכטס און הארטס. פאר היבשע מינוטען האב איך עס אזוי געלאזען ליעגען בעת איך האב געשטרעבט פארצושטעלען זיך, וואו און וואס איך האב געקענט זיין. איך האב גע'חלש'ט, דאך האב איך ניט געוואגט, צו באנוצען מיין פאנטאזיע. איך האב זיך געשראקען פאר'ן ערשטען קוק אויף די זאכען וואס ארום מיר. עס איז ניט געווען דערפאר, וואס איך האב מורא געהאט א קוק צו טאן אויף זאכען וואס זיינען שוידער־ליך, נאר ווייל איך האב זיך געשראקען, טאמער וועט גארנישט ניט זיין צו זעהן. ענדליך, מיט א ווילדער פארצווייפלונג אין הארצען, האב איך אויף גיך אויפגעמאכט מיינע אויגען. מיינע ערגסטע געדאנקען זיינען דעמאלט באשטעטיגט געווארען. די שווארצקייט פון אייביגער נאכט האט מיך ארומגערינגעלט. איך האב זיך געמאטערט צו אטעמען. די אינטענסיוויטעט פון דער פינסטערניש האט קענטיג געדריקט און געשטיקט מיך. די לופט איז געווען אומערטרעגליך פארשטיקט. איך בין נאך געלעגען שטיל און האב זיך באמיהט צו באנוצען מיין פארשטאנד. איך

האָב זיך דערמאָנט אַז די אינקוויזיטאָרישע געריכטס־פאַרהאַנד־לונגען, און פון יענעם פונקט האָב איך זיך געמאַטערט צו דער־געהן, וואו איך האַלט מיט אַן אמת אין דער וועלט. דער פּסק־דין איז ארויסגעגעבען געוואָרען, און עס האָט מיר אויסגעזעהן. אַז א זעהר לאַנגע צווישען־צייט איז פון דעמאָלט אַן אוועק. דאָך האָב איך אויף קיין איין אויגענבליק ניט זיך באַטראַכט אַלס ווירקליך טויט. אַזאַ מין השערה, ניט אַכטענדיג אויף דעם וואָס מיר לייענען אין מעשה־ביכער, שטימט ניט לחלוטין מיט דער אמת'ער ווירקליכקייט. אָבער וואו און אין וואָס פאַר א צושטאַנד בין איך געווען? די צום טויט פאַראורטיילטע, האָב איך גע־וואוסט, זיינען געוועהנליך אומגעקומען אויפ'ן אויטאָ־דאַ־פע, און אַזאַ אַקט איז פאַרגעקומען אין דער סאָמער נאַכט פון דעם טאָג פון מיין משפּט. בין איך אריינגעוואָרפען געוואָרען אין מיין תפיסה, צי וואַרטען אויפ'ן נעקסטען אויטאָ־דאַ־פע, וואָס וועט ניט פאַרקומען מאָנאַטען לאַנג? דאָס האָב איך גלייך געזעהן, קען ניט זיין. קרבנות האָט מען גלייך געדאַרפט האָבען. נאָכמעהר, מיין תפיסה, פונקט ווי די אַלע צעלען פאַר פאַראורטיילטע אין טאָלעדאָ, האָט געהאַט א שטיינערנעם דיל, און די ליכטיגע שיין איז ניט געווען לגמרי פאַרשטעלט.

א שרעקליכער געדאַנק האָט דאַן פּלוצלונג א טריב געטאָן דאָס בלוט אין שטאַרקע שטראָמען צו מיין האַרץ, און אויף א קורצע צייט בין איך ווידער אַמאָל אריינגעפאַלען אין באַוואוסטלאָזיגקייט. קומענדיג צו זיך, בין איך גלייך אויפגעשפּרונגען אויף מיינע פיס, ציטערענדיג קאָנוואולסיוו מיט יעדען פיבער. איך האָב ווילד געוואָרפען מיינע אָרימס איבער מיר און ארום מיר אין אַלע זייטען. איך האָב גאָרנישט ניט געפיהלט, דאָך האָב איך זיך גע־שראָקען א טראָט צו מאַכען, טאָמער ווער איך געשטערט פון די ווענט פון א קבר. שוויים האָט געשפּאַרט פון יעדען פאָר און איז געשטאַנען אין קאַלטע גרויסע פּערל אויף מיין שטערען. די אַגאָניע פון אומזיכערהייט איז ענדליך געוואָרען אומערטרעגליך, און איך האָב פאָרזיכטיג געמאַכט א טראָט פאָרווערטס, מיט מיינע הענט אויסגעשטרעקט און מיינע אויגען האָבען זיך געשפּאַרט פון

זייערע לעבער, אין דער האפענונג צו כאפען כאטש א שוואכען שטראל פון דער ליכטיגער שיין. איך האב געמאכט א סך טריט, אבער עס איז נאך אלץ געווען חושך און פוסט. איך האב געאַ־טעמט פרייער. מען האט געקענט זעהן באשיינפערליך, אז מיין גורל איז לכל־הפּחות ניט געווען דער שוידערליכסטער.

און נון, ווי איך האב אזוי ווייטער פארזיכטיג געטראטען, ערשט עס זיינען געקומען צו שפּארען זיך אין מיין זכרון טויזענטער אומקלארע קלאנגען פון די שרעקען פון טאלעדא. פון די תפיסות זיינען אומגעוועהנליכע זאכען דערציילט געווארען — ווי פאבעל־האפט זיי האבען מיר שטענדיג ניט אויסגעזעהן — אבער דאך אומגעוועהנליך און צו שרעקליך צו ווידערהוילען זיי, סיידען אין א פליסטער. האט מען מיך איבערגעלאזען אויסצוגעהן פון הונגער דא אין דער אונטערערדישער וועלט פון פינסטערניש, אדער וואסער אנדער גורל, אפשר א מעהר שרעקליכער אפילו, ווארט אויף מיר? אז דער סוף וועט זיין טויט, און נאך א טויט מעהר ביטער ווי געוועהנליך, אין דעם האב איך ניט געקענט צווייפלען, וויסענדיג צו גוט דעם כאראקטער פון מיינע ריכטער. דער צושטאנד און די צייט — דאס איז אלעס געווען, וואס האט מיך באשעפטיגט אדער צעשטרייט.

מיינע אויסגעשטרעקטע הענט האבען ענדליך זיך אנגעשטוי־סען אן עפּעס א הארטע זאך. עס איז געווען א וואנט, קענטיג פון שטיין געבויט, זעהר גלאט, קלעפּיג און קאלט. איך בין ווייטער נעגאנגען, טרעטענדיג מיט'ן גאנצען פארזיכטיגען אומצו־טרויען, מיט וועלכען געוויסע פארצייטיגע ערצעהלונגען האבען מיך אינספּירירט. דער דאזיגער פּראצעס אבער האט מיר ניט געגעבען קיין שום מעגליכקייט צו דערגעהן דעם שטח פון מיין תפיסה. איך האב זיך געדרעהט ארום און ארום און בין צוריקגעקומען צום פונקט, פון וואנען איך האב אנגעהויבען, אליין ניט וויסענדיג פון דעם, אזוי פולשטענדיג איינפערמיג איז געווען די וואנט. איך האב דעריבער געזוכט מיין מעסערל, וואס איך האב געהאט אין קעשענע, בעת מען האט מיך אריינגעפיהרט אין אינקוויזיטארישען צימער;

אָבער דאָס מעסערל איז ניט געווען ; מיינע קליידער האָט מען אומגעביטען אויף עפּעס א באַלאַכאָן פון גראָבען סאַרזש. איך האָב געטראַכט, איך וואָלט דאָס קלינגעל ארײנגעשפּאַרט ערגעץ וואו אין א שמאָלינקען שפּעלטעל פון דער וואַנט, און אזוי וואָלט איך געקענט אָנצייכענען דעם פּונקט, פון וועלכען איך הויב אָן צו געהן. די שווערינקייט איז פונדעסטוועגען געווען ניט מעהר ווי א קלייניגקייט, כאָטש אין מיין צערודערטער פאַנטאַזיע האָט דאָס צוערשט אויסגעזעהן, אז קיין בעסערער איינפאַל קען גאָרניט געבען. איך האָב אָפּגעריסען א טייל פון דעם ברעג בגד מיינעם און דאָס צוגעלעגט צום וואַנט אין דער גאַנצער לענג און אין גלייכע ווינק־לען. טאַפּענדיג מיין וועג ארום און ארום געפענגעניש, וואָלט איך געמוזט זיך אָנשטויסען אָן דעם שטיקעל שמאַטע נאָכדעם ווי איך וואָלט פאַרטיג געוואָרען מיט'ן עיגול. אזוי וועניגסטענס האָב איך געטראַכט. אָבער איך האָב פון חשבון אויסגעלאָזען די גרויס פון דעם קערקער אָדער מיין אייגענע שוואַכקייט. דער באָדען איז געווען פייכט און גליטשיג. איך האָב אביסעל צייט זיך געשלעפּט מיט מיינע פיס, ביז איך האָב זיך אויסגעגליטשט און בין געפאַלען. איבער מיין צו שטאַרקער מידיגקייט האָב איך געמוזט בלייבען ליגען אויף דר'ערד, און ליגענדיג אזוי, בין איך באַלד איינגעשלאָ־פען.

ווען איך בין אויפגעשטאַנען און האָב אויסגעצויגען מיין האַנט, האָב איך אָנגעטאַפּט א לעבעל ברויט און א קרוג וואַסער. איך בין געווען צופיעל אויסגעמאַטערט, אום צו טראַכטען, ווי אזוי דאָס קומט אהער, נאָר איך האָב געגעסען און געטרונקען מיט גרויס אַפּעטיט. קורץ נאָכדעם האָב איך ווידער גענומען מאַכען מיין עיגול ארום דעם געפענגעניש, און מיט גרויס מאַטערניש בין איך ענדליך צוגעקומען צום שטיקעל סאַרזש. ביז צו דער צייט וואָס איך בין געפאַלען האָב איך געהאַט אָפּגעצעהלט צוויי־און־פופציג טריט, און ווען איך האָב ווידער גענומען געהן, האָב איך אָפּגע־צעהלט נאָך אכט־און־פערציג, ביז איך בין צוגעקומען צו דער שמאַטקע. אינאיינעם איז אַלזאָ געווען א הונדערט טריט. און אָננעהמענדיג, אז עס מוז זיין צוויי טריט אין אן אייל, איז ביי

מיר אויסגעקומען, אז די תפיסה פאַרנעהמט א פופציג איילען אין עיגול. איך האָב אָבער אין דער וואַנט א סך ווינקלען אַנגעטראָפען, האָב איך אַלזאָ ניט געקענט משער זיין זיך, וואָס פאַר א פיגור דער קעלער האָט, וואָרים איך האָב זיך אַנדערש ניט געקענט פאָרשטעלען, אז דאָס זאָל ניט זיין קיין קעלער.

איך האָב געהאַט א קנאַפּען צוועק — זיכער ניט קיין האָפּעַנונג — אין די דאָזיגע אויספאָרשונגען. אָבער אַן אומקלאָרע קוריאָזיטעט האָט מיך געטריבען פאָרטצוזעצען ווייטער. אָפּלאָזענדיג די וואַנט, האָב איך באַשלאָסען איבערצוקרייצען דעם שטח פון דער שטייג. צוערשט בין איך געגאַנגען מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט, וואָרים דער דיל, כאָטש ער האָט אויסגעזעהן צו זיין געמאַכט פון שטאַרקען מאַטעריאַל, איז אָבער געווען פאַררעַטריש, פול מיט בלאָטע. ענדליך אָבער האָב איך זיך אַנגענומען מיט מוט און האָב זיך ניט געקווייקעלט צו טרעטען פעסט, וועלענדיג אריבערגעהן צו דער אַנדער זייט אין א ווי ווייט מעגליך גלייכער ליניע. איך בין אויף דעם אופן אַפּגעגאַנגען א צעהן אדער צוועלף טריט, ערשט דאָס שטיקעל אָפּגעריסענע ברעג פון מיין בגד האָט זיך אריינגעפּלאָנטערט צווישען מיינע פיס. איך האָב א טראָט געטאָן אויף דעם און בין שטאַרק געפאַלען אויף מיין פנים.

צעטומעלט ווערענדיג פון דעם פאַל, האָב איך גלייך ניט באַגריפען עטוואָס א זונדערבאַרע זאַך, וועלכע האָט אָבער אין עטליכע רגע'ס ארום, און ליעגענדיג נאָך אלץ אויסגעצויגען אויף דר'ערד, צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט. עס איז געווען אָט וואָס: מיין מאָרדע איז געלעגען אויפ'ן דיל פון דער תפיסה, אָבער מיינע ליפּען און דער אויבערשטער טייל פון מיין קאָפּ, כאָטש זיי זיינען שיינבאַר געלעגען נידעריגער ווי די מאָרדע, האָבען גאָרנישט ניט אַנגעריהרט. אין דער זעלבער צייט האָט מיין שטערען קענטיג געבאָדען זיך אין א קלעפּיגער פּאַרע, און דער מאָדנער ריח פון פוילע שוועמלעך האָט א שפּאַר געטאָן מיר אין נאָז אריין. איך האָב אויסגעשטרעקט מיין אָרים, און איך האָב אויפגעשווידערט, ווען איך האָב אויסגעפונען, אז איך בין געפאַלען ביים ראַמען ראַנד

פון א קיילעכדיגער גרוב. די גרויס פון דער גרוב האָב איך נאָטירליך אין יענעם מאָמענט ניט געקענט דערגעהן. טאַפּענדיג ארום די ווענט אקוראט אונטער'ן ברעג, האָט זיך מיר איינגעגעבען אָפּצוברעכען א שטיקעל פון דער וואַנט און איך האָב דאָס ארונטערגעלאָזען אין אָפּגרונט. פיעל סעקונדען נאָכדעם האָב איך זיך צוגעהערט צו די אָפּקלאַנגען פון דעם אָפּגעבראָכענעם שטיקעל, בעת דאָס האָט פאַלענדיג זיך אָפּגעשלאָגען אָן די זייטען פון דעם תהום. ענדליך האָט זיך דערהערט אָן אומעטיגער פּליושק אין וואַסער און נאָכדעם הויכע עכאָס. אין דער זעלבער רגע האָט זיך דערהערט א קלאַנג, עהנליך אויף דעם שנעלען עפענען און האַסטיגען צומאַכען פון א טיר איבער'ן קאָפּ, בעת א שוואַכער שיין פון ליכט האָט פּלוצלינג א בליאַסק געטאָן דורך דער פינסטערניש און איז מיט דער זעלבער פּלוצלונקייט פאַרשוואונדען געוואָרען.

איך האָב קלאָר געזעהן דעם שלימזל, וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאַר מיר, און איך האָב זיך באַגריסט מיט דער סיבה, וואָס האָט געטראָפען מיט מיר אין צייט, אום צו ראַטעווען מיך פון טויט. ווען איך פאַל ניט און איך מאַך נאָך איין טריט, וואָלט די וועלט שוין פאַר מיר ניט עקזיסטירט. און דער טויט, וועלכען איך האָב נאָר וואָס אויסגעמיטען, איז געווען פון דעם זעלבען סאָרט, וואָס איך האָב באַטראַכט אלס פאַבעלהאַפט און קינדעריש אין די מעשיות פון דער אינקוויזיציע. פאַר די קרבנות פון איהר טיראַניי איז געווען די ברירה, אָדער צו שטאַרבען מיט א טויט פול מיט די שוידערליכסטע פיזישע יסורים, אָדער א טויט פול מיט די שוידערליכסטע גייסטיגע שרעקען. מיר האָט מען געגעבען די לעצטע ברירה. פון לאַנגע יסורים זיינען מיינע נערווען צעשרויפט געוואָרען, ביז איך האָב גענומען ציטערען פאַר דעם קלאַנג פון מיין אייגענער שטימע, און איך בין אין יעטווידער הינזיכט געוואָרען דער פּאַסענדער סוביעקט פאַר די מיני מאַטערנישען, וואָס האָבען געוואַרט אויף מיר.

ציטערענדיג מיט יעטווידען אבר, האָב איך דורכגעטאַפּט מיין וועג צוריק צו דער וואַנט, באַשליסענדיג דאָרטען בעסער אומצוקומען, איידער צו ריזיקירען אריינצופאַלען אין די שרעקען פון

די ברוני‏מער, וועלכע מיין פֿאַנטאַזיע האָט איצט זיך אויסגעמאָלט אַ סך אין פֿאַרשיידענע ערטער פֿון דער תּפֿיסה. אין אַן אַנדער גייסטיקן צושטאַנד וואָלט איך געהאַט דעם מוט צו ענדיקן מיינע ליידן מיט איין מאָל דורך אַ שפּרונג אין איינעם פֿון אָט די אָפּ־גרונטן, אָבער איצטער בין איך געווען דער גרעסטער פּייגלינג אין דער וועלט. איך האָב אויך ניט געקענט פֿאַרגעסן וואָס איך האָב געלייענט וועגן די דאָזיקע גריבער — אַז דער פּ ל ו צ ל ו נ־ג ע ר סוף פֿון לעבן איז ניט דער מיין פֿון זייער העכסט־טייוועל־שען פּלאַן.

די אויפֿרעגונג פֿון גייסט האָט מיך געהאַלטן וואַכעדיק שטונ־דען־לאַנג, אָבער ענדלעך בין איך ווידער איינגעשלאָפֿן. ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, האָב איך, ווי פֿריִער, געפֿונען לעבן מיר אַ לעבעל ברויט און אַ קריגעל וואַסער. אַ ברענענדיקער דאָרשט האָט מיך געמוטשעט, און איך האָב די כּלי אויסגעליידיקט מיט איין מאָל. עס האָט געמוזט זיין מיט עפּעס אַ באַטויבונגס־שטאָף, וואָרים ווי נאָר איך האָב אויסגעטרונקען, אַזוי בין איך אומווי־דערשטעהליך שלעפֿעריק געוואָרן. אַ טיפֿער שלאָף איז אויף מיר אָנגעפֿאַלען — אַזוי ווי אַ טויט־שלאָף. ווי לאַנג דאָס האָט גע־דויערט, ווייס איך נאַטירליך ניט. אָבער ווען איך האָב ווידער מיינע אויגען אויפֿגעמאַכט, זיינען די געגענשטענדען אַרום מיר געוואָרען זיכטבאַר. דורך אַ ווילדען, העל־געלען שיין, וואָס צו־ערשט האָב איך ניט געקענט דערגעהן פֿון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען, האָב איך געקראָגען די מעגליכקייט צו זעהן די גרויס און דאָס אויסזעהן פֿון דער תּפֿיסה.

וועגען דער גרויס האָב איך געהאַט אַ גרויסען טעות. דער גאַנצער עיגול פֿון די ווענט פֿון דער תּפֿיסה איז ניט געווען מעהר פֿון פֿינף־און־צוואַנציג איילען. אויף עטליכע מינוטען צייט האָט דער דאָזיגער פֿאַקט מיר פֿאַרשאַפֿט אַ גאַנצע וועלט מיט אומזיסטע ערגערניש; ווירקליך, אומזיסטע, וואָרים אונטער די שרעק־ליכע אומשטענדען וועלכע האָבען מיך אַרומגערינגעלט, וואָס איז דאָס וויכטיג, וויפֿיעל דער שטח פֿון מיין תּפֿיסה פֿאַרנעהמט? אָבער

מיין זעלע האָט זיך ווילד אינטערעסירט מיט קלייניגקייטען. און איך האָב זיך פאַרנומען מיט מאַטערען זיך צו דערגעהן, פאַרוואָס האָב איך דאָס א טעות געהאַט אין מיין אויסמעסטען. ענדליך האָט דער אמת מיר א בליאַסק געטאָן. אין מיין ערשטען פאַרזוך אויסצופאַרשען מיין תפיסה האָב איך אָפּגעצעהלט צוויי־און־פופ־ציג טריט ביז צו דער זייט וואָס איך בין געפאַלען. איך האָב דעמאָלט געמוזט זיין ביי איין טראָט אָדער צוויי פון דעם שטיקעל סאַרזש; פאַקטיש, האָב איך כמעט ווי דורכגעמאַכט דעם עיגול פון דעם סקלעפּ. איך בין דאָן איינגעשלאָפען, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך זיך געמוזט איבערמאַכען פון דאָס ניי מיינע טריט, און אזוי האָב איך זיך משער געווען דעם עיגול כמעט ווי אין צווייען מעהר, ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט געווען. מיין מוח איז געווען אזוי צעמישט אז איך בין אומשטאַנד ניט געווען צו באַמערקען, אז איך האָב אָנגעהויבען צו געהן מיט דער וואַנט צו דער לינקער זייט און האָב געענדיגט מיט דער וואַנט צו דער רעכטער זייט.

איך האָב זיך אויך אָפּגענאַרט בנוגע דער פיגור פון דער שטייג. טאַפּענדיג מיין וועג, האָב איך זיך אָנגעשטויסען אָן א סך ווינ־קלען, און אזוי האָב איך געדרונגען, אז דער פּלאַץ איז שטאַרק אומרעגעלמעסיג אין פאָרמע. אזוי שטאַרק ווירקט די פולשטענ־דיגע פינסטערניש אויף איינעם וואָס כאַפּט זיך אויף פון לעטאַרגיע אָדער פון שלאָף! דאָס זיינען איינפאַך געווען ווינקלען פון איינע־גע לייכטע אויסהוילונגען אָדער נישעען אין פאַרשיידענע אינטער־וואַלען. די אַלגעמיינע פאָרמע פון דער געפענגעניש איז געווען פיערקאַנטיג. וואָס איך האָב אָנגענומען פאַר א געמויערטע אַר־בייט, האָט איצט גאָר אויסגעזעהן אזוי ווי אייזען, אָדער עפּעס אַן אַנדייער מעטאַל, אין גרויסע פּלאַטען, און די אויסהוילונגען זיינען דאָס אַרויסגעקומען פון די נעט אָדער די צונויפשליסונגען פון אָט די פּלאַטען. די גאַנצע אויבערפלאַך פון דער דאָזיגער מעטאַלישער שטייג איז געווען גראָב אויסגעמאָלט מיט די שווידערליכסטע און עקעלהאַפטסטע פיגורען, וועלגע עס האָט נאָר געקענט אַרויסברענ־גען דער פינסטערער אָבערגלויבען פון די מאָנאַכען. די פיגורען

פון טייוואַלים מיט דראָהענדיגע געזיכטער, מיט'ן אויסזעהן פון סקעלעטען, און אַנדערע נאָך מעהר שרעקליכע געשטאַלטען האָבען באַדעקט און פאַרפּאַטשקעט די ווענט. איך האָב באַמערקט, אַז די קאָנטורען פון די דאָזיגע פאַרזעהענישען זיינען געווען גענוג קענטיג, אָבער די קאָלירען האָבען געשיינט צו זיין אָפּגעבליאַקעוועט און אָפּגעווישט, אַזוי ווי פון דער ווירקונג פון דער פייכטער אַטמאָספערע. איך האָב איצט באַמערקט אויך דעם דיל, וועלכער איז געווען פון שטיין. אין צענטער האָט ארויסגעקוקט די קיילעכדיגע גרוב מיט איהר מורא'דיגען מויל, וואָס האָט מיך שיער ניט איינגעשלונגען, אָבער דאָס איז געווען די איינציגע גרוב אין דער תפיסה.

דאָס אַלץ האָב איך דייטליך געזעהן און מיט גרויס אָנשטרענגונג, ווארים מיין פערזענליכער צושטאַנד האָט זיך שטאַרק איבערגעאַנדערשט פאַר דער צייט וואָס איך בין געשלאָפען. איך בין איצט געלעגען אויף מיין רוקען, און אין דער גאַנצער לענג, אויף אַ מין נידעריגער הילצערנער ראַם. צו דעם בין איך געווען שטאַרק צוגעבונדען מיט אַ לאַנגען רימען, וואָס איז געווען עהנליך אויף אַ בויך־גאַרטעל פון אַ פערד. דער רימען האָט אַ סך מאָל, ספּיראַלמעסיג ארומגעבונדען מיינע גלידער און מיין קערפּער, לאָזענדיג פריי נאָר מיין קאָפּ און מיין לינקען אָרים נאָר אויף אַזוי פיעל, אַז איך זאָל קענען דורך שטאַרקער אָנשטרענגונג באַזאָרגען זיך מיט שפּייז פון אַן ערדענער כלי, וואָס איז געלעגען לעבען מיר אויפ'ן דיל. איך האָב צו מיין שרעק דערזעהן, אַז דעם קרוג האָט מען צוגענומען. איך זאָג: צו מיין שרעק, ווייל איך בין געווען געמאַטערט פון אַן אומערטרעגליכען דאָרשט. קענטיג מיינע פאַרפאָלגער האָבען געזוכט צו מאַכען מיך דאָרשטיג, ווארים די שפּייז אין דער כלי איז געווען שאַרף צוגעווירצטע פלייש.

קוקענדיג ארויפצוצו, האָב איך באַטראַכט דעם סופיט פון מיין געפענגעניש. עס האָט געכאַפּט ביי דרייסיג אָדער פערציג פוס איבער מיין קאָפּ און איז געווען געבויט פיעל עהנליך אַזוי ווי די זייטיגע ווענט. אין איינעם פון זיינע פאַנעלען האָט אַ מאָדנע פיגור צוגעצויגען מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. עס איז געווען די אויס־

געמאַלטע פיגור פון „פּאַטער־צייט," ווי דאָס ווערט געוועהנליך פאַרגעשטעלט, אויסער וואָס אָנשטאָט א קאָסע האָט ער געהאַלטען, וועדליג דעם צופעליגען בליק ווי איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, א גרויסען פּאַמפּעדיקעל, וועלכען מיר זעהען אין פאַרצייטיגע זייגערס. עס איז אָבער עפּעס געווען אין דעם אויסזעהן פון דער דאָזיגער מאַשין, וואָס האָט געטריבען מיך צו באַטראַכטען עס מעהר אויפמערקזאַם. בעת איך האָב געקוקט אויף דעם גלייך ארויפצוצו (וואָרים זיין פּאָזיציע איז געווען גלייך איבער מיר), האָב איך זיך פאַרגעשטעלט, אַז איך זעה עס באַוועגענדיג זיך. אין א רגע ארום איז מיין פאַרשטעלונג באַשטעטיגט געוואָרען. דער מאָך איז געווען קורץ, און פאַרשטעהט זיך, אז לאַנגזאַם. איך האָב עטליכע מינוטען צייט געקוקט אויף דעם, עטוואָס מיט שרעק, אָבער מעהר מיט באַוואונדערונג. ענדליך, ווערענדיג אויסגעמאַטערט פון קוקען אויף זיין לאַנגווייליגער באַוועגונג, האָב איך א קעהר געטאָן מיינע אויגען צו די אנדערע געגענשטענדען אין דער צעלע.

א לייכטער גערויש האָט צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט, און א קוק טוענדיג אויפ'ן דיל, האָב איך דערזעהן דורכגעהענדיג עטליכע גרויסע ראַטען. זיי זיינען ארויסגעקראָכען פון ברונים, וועלכער איז געלעגען נאָהענט צו מיין רעכטער זייט, אז איך האָב עס מיט'ן אויג געקענט כאַפּען. אפילו דאָן, ווען איך האָב געקוקט, זיינען זיי ארויפגעקומען מחנות'ווייז, שנעל, מיט זשעדנע אויגען, צוגעצויגען פון דעם ריח פונ'ם פלייש, און אום אָפּצוטרייבען זיי האָט מען געדאַרפט אָנווענדען א סך מיה און אויפמערקזאַמקייט.

עס האָט גענומען אוועק א האַלבע שטונדע, און אפשר א שטונדע אפילו (וואָרים איך האָב ניט געקענט גוט באַמערקען די צייט), ביז איך האָב ווידער אויפגעהויבען מיינע אויגען אין דער הויך. וואָס איך האָב דאָן געזעהן, האָט מיך צעמישט און ערשטוינט. דער שוואונג פון דעם פּאַמפּעדיקעל האָט זיך פאַרגרעסערט אויף כמעט אַן אייל. אלס א נאַטירליכע פאָלגע, איז זיין שנעלקייט אויך געוואָרען א סך גרעסער. איך האָב איצטער באַמערקט — מיט וואָס פאַר א שרעק, איז ניט נויטיג צו זאָגען — אז זיין אונטערשטער טייל איז באַשטאַנען פון א האַלבע לבנה פון שיינענ־

דיגען שטאָל, ביי איין פוס די לענג פון האָרן ביז האָרן; די הערנער אַרויפּצוצו און דער אונטערשטער ברעג זיינען קענטיג געווען שאַרף ווי אַ גאָלמעסער. אַזוי ווי אַ גאָלמעסער האָט עס אויך געשיינט צו זיין מאַסיוו און שווער, ציהענדיג זיך פון ברעג אַלץ קלענער און קלענער ביז צו אַ מאַסיווע און ברייטע סטרוקטור פון אויבען. עס איז געווען צוגעטשעפּעט צו אַ שווערען מעשענעם דראָט, און אינגאַנצען האָט עס ג ע צ י ש ע ט ווינענדיג זיך דורך דער לופט.

איך האָב שוין מעהר ניט געקענט צווייפלען וועגען דעם גורל, וואָס די מאַנאַכישע ביטערקייט האָט פאַר מיר אָנגעגרייט צו מאַ־טערען מיך. מיין וויסען וועגען דער גרוב איז דערגאַנגען צו די אינקוויזיטאַרישע אַגענטען — די ג ר ו ב, וועמעס שרעקען זיי־נען באַשטימט געוואָרען פאַר אַזאַ חוצפה׳דיגען אפּיקורוס ווי איך בין, די ג ר ו ב, אַ טיפּישער גיהינום, און ווערליג די קלאַנגען איז זי באַטראַכט געוואָרען אַלס דאָס Ultima Thule פון אַלע זייערע שטראָפען. אַז איך בין ניט אַריינגעפאַלען אין דער דאָ־זיגער גרוב, איז דאָס געווען ניט מעהר ווי אַ בלויזער צופאַל, און איך האָב געוואוסט, אַז צו איבערראַשען אָדער אַריינצופּאַקען אין אַ פּייניגונג איז געווען אַ וויכטיגער טייל פון די אַלע משונה׳דיג־קייטען פון די דאָזיגע קערקער־מיתות. אַזוי ווי איך האָב זיך אויסגעדרעהט און בין ניט אַריינגעפאַלען, איז דעם טייוועל׳ס פּלאַן ניט געווען דוקא מיך אַריינצושליידערען אין דעם תהום, און דאָרום (קיין אַנדער ברירה איז דאָך ניט געווען) האָט אַן אַנדערע און מילדערע פאַרניכטונג מיך ערוואַרט. אַ מילדערע! איך האָב האַלב געשמייכעלט אין מיין אַגאָניע, בעת איך האָב געטראַכט וועגען אַנווענדען אַזאַ טערמין.

וואָס איז די פּעולה צו דערצעהלען פון די לאַנגע, לאַנגע שטונ־דען פון שרעק, מעהר ווי טויט־שרעק, אין פאַרלויף פון וועלכע איך האָב געצעהלט די האַסטיגע הין־הער באַוועגונגען פון דעם שטאָל! צאָל פאַר צאָל, שטריך פאַר שטריך, אַרונטערשטייגענדיג אויף אַזאַ אופן, אַז מען האָט עס געקענט באַמערקען נאָר אין אינטער־וואַלען, וואָס האָבען זיך געצויגען דורות־לאַנג — איז דער פּאָמ־

פּעדיקעל אַרונטערגעקומען אַלץ נידעריגער און נידעריגער! טעג זיינען אַוועק — אפשר אַ ס ך טעג זיינען אַוועק — ביז עס איז אַרונטער אַזוי נאָהענט אויף מיר, אַז עס האָט מיך גענומען פּאַכען מיט זיין שאַרפער לופט. דער ריח פון דעם שאַרפען שטאָל האָט זיך אַריינגעריסען אין מיינע נאָזלעכער. איך האָב תפילה געטאָן, איך האָב דעם הימעל פאַרמאַטערט מיט מיין געבעט, אַז עס זאָל זיך נאָך שנעלער אַרונטערלאָזען. איך בין געוואָרען משוגע ווילד, און איך האָב זיך געמאַטערט אויפצוהויבען זיך, אום דער שרעקליכער אינסטרומענט זאָל מיך דערלאַנגען. און דאָן בין איך פּלוצלונג רוהיג אַנידערגעפאַלען און בין געלעגען שמייכלענדיג צום פינקלענדיגען טויט, פּונקט ווי אַ קינד קוקט שמייכלענדיג אויף עפּעס אַ זעלטענע צאַצקע.

עס איז ווידער געקומען אַן הפסקה פון פולשטענדיגער באַוואוסטלאָזיגקייט. עס איז געווען קורץ, וואָרים ווען איך בין צוריקגעקומען צום לעבען, האָב איך ניט באַמערקט, אַז דער פּאַמפּעדיקעל זאָל זיך האָבען אַרונטערגעלאָזען נאָך נידעריגער. נאָר עס קען זיין, אַז עס האָט געדויערט לאַנג, וואָרים איך האָב געוואוסט, אַז עס זיינען געווען טייוואָלים, וועלכע האָבען באַמערקט מיין חלש'ען און אַז זיי האָבען געוואָלט זיי געקענט אָפּשטעלען די באַוועגונג פון דעם פּאַמפּעדיקעל. ווען איך בין צו זיך געקומען, האָב איך זיך אויך דערפיהלט זעהר קראַנק און שוואַך — אַזש איך קען דאָס גאַרניט אויסדריקען — אַזוי ווי דאָס וואָלט קומען פון לאַנגער אויסגעמאַרעטקייט. אפילו אינמיטען דער אַגאַניע פון יענער פּעריאָדע האָט די מענשליכע נאַטור געגאַרט נאָך שפּייז. מיט שמערצפולער מאַטערניש האָב איך אויסגעשטרעקט מיין לינקען אָרים, אַזוי ווייט ווי מיינע קייטען האָבען מיר געלאָזען, און איך האָב דערלאַנגט דאָס ביסעל שיריים, וואָס די ראַטען האָבען מיר איבערגעלאָזען. אַריינלעגענדיג אַ טייל פון דעם צווישען מיינע ליפּען, האָט זיך צו מיין מוח האַסטיג אַ לאָז געטאָן אַ האַלב־אויסגעטראַכטער געדאַנק פון פריידע, פון האָפענונג. אָבער ווי קום א י ך צו האָפען? עס איז געווען, ווי איך האָב געזאָגט, אַ האַלב־אויסגעטראַכטער געדאַנק. מענשען האָבען אַ סך

אזעלכע געדאַנקען, וועלכע ווערען קיינמאָל ניט פאַרענדיגט. איך האָב געפיהלט, אז עס איז געווען פון פרייד, פון האָפענונג, אָבער איך האָב אויך געפיהלט, אז דער געדאַנק איז אָפּגעשטאָרבען אין זיין פאָרמירען זיך. אומזיסט האָב איך זיך געמאַטערט צו דערענדיגען דעם געדאַנק, צוריקצוקריגען איהם. לאַנגע יסורים האָבען כמעט ווי אינגאַנצען פאַרניכטעט אלע מיינע געוועהנליכע דענקונגס־קרעפטען. איך בין געוואָרען א תם, א אידיאָט.

די וויבראַציע פון דעם פּאָמפּעדיקעל איז געווען אין גלייכע ווינקלען צו מיין לענג. איך האָב געזעהן די האַלבע לבנה איז געווען באַשטימט איבערצוגעהן די געגענד פון מיין האַרץ. עס וואָלט אויסגעריבען די סאַרזש פון מיין בגד, עס וואָלט ווידערהוילט הינהער זיינע אָפּעראַציעס, אָבער אמאָל און ווידער אמאָל. ניט קוקענדיג אויף זיין מורא'דיגען ברייטען שוואונג (א דרייסיג פוס אָדער מעהר) און די צישענדיגע קראַפט פון זיין אַרונטערלאָזען זיך, שטאַרק גענוג פאַנאַנדערצורייסען אָט די סאַמע ווענט פון אייזען, איז פונדעסטוועגען וואָלט ער פאַר די עטליכע מינוטען נאָר דאָס אויפגעטאָן, וואָס ער וואָלט אויסרייבען מיין בגד. און ביי דעם דאָזיגען געדאַנק בין איך געבליבען שטעהן. איך האָב ניט געוואַגט צו געהן ווייטער פון אָט דעם געדאַנק. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם מיט א פאַר'עקשנ'טער אויפמערקזאַמקייט, פּונקט ווי אָפּשטעלענדיג זיך אזוי, וואָלט איך געקענט אָפּהאַלטען דאָ דאָס אַרונטערלאָזען זיך פון דעם שטאָל. איך האָב זיך געצוואונגען צו פאַרטראַכטען זיך וועגען דעם קלאַנג פון דער האַלבער לבנה, בעת דאָס וואָלט אַריבער איבער'ן בגד — וועגען דער מאָדנער דורכשוידערענדיגער ווירקונג, וואָס די רייבונג פון די סחורה קען האָבען אויף די נערוועז. איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגען אָט די אלע קלייניגקייטען, ביז די ציינער האָבען מיר גענומען סקריהען.

עס האָט זיך אַלץ גערוקט אַרונטער און אַרונטער. עס האָט מיר משוגע הנאה געטאָן צו מאַכען דעם קאָנטראַסט צווישען זיין אַרונטערגעהענדיגע שנעלקייט און זיין הינהעריגע שנעלקייט. רעכטס און לינקס האָט זיך דאָס געוויגט ווייט און ברייט מיט א געשריי פון אן פאַרשאָלטענעם גייסט! צו מיין האַרצען האָט זיך

דאָס ארונטערגעלאָזען מיט די גע'גנב'עטע טריט פון דעם טיגער! און איך — אָט האָב איך געלאַכט, אָט האָב איך געוואָיעט, עס האָט זיך געווענדט, וועלכער געדאַנק האָט געקראָגען די אויבער־האַנט.

ארונטער איז עס געגאַנגען, מיט זיכערקייט, אָהן רחמנות! עס האָט זיך באַוועגט אַ דריי צאָל פון מיין ברוסט! איך האָב זיך געוואַלדיג געמאַטערט, מיט אַ ווילדקייט, צו באַפרייען מיין לינקען אָרים. מיין אָרים איז געוועזען נאָר פריי פון עלענבויגען ביז דער האַנט. איך האָב די האַנט נאָר געקענט דערלאַנגען פון שיסעל, וואָס איז געשטאַנען לעבען מיר, צום מויל, איז דאָס מיט גרויס מאַטערניש, אָבער ניט ווייטער. וואָלט איך געקענט צעברעכען די קייטען איבער מיין עלענבויגען, וואָלט איך אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאַמפּעדיקעל און געזוכט איהם אָפּצושטעלען. איך וואָלט אפילו געקענט פּרובירען אָפּצושטעלען אַן אַוואַלאַנש!

ארונטער און ארונטער, אַלץ אָהן אויפהער, אַלץ אומפאַרמייד־ליך איז עס געגאַנגען ארונטער! איך האָב געסאָפּעט און געמאַ־טערט זיך ביי יעטווידער באַוועגונג זיינע. איך האָב קאָנוואול־סיוו זיך צוזאַמענגעצויגען ביי יעטווידען מאַך זיינעם. מיינע אוי־גען האָבען נאַכגעפאָלגט זיינע ווירבעל־באַוועגונגען אין די זייטען און ארויפצוצו מיט דער גערינגקייט פון דער זינלאָזסטער פאַר־צווייפלונג; זיי האָבען זיך אין ספּאַזמעס צוגעמאַכט ביים ארונ־טערלאָזען זיך פונ'ם פּאַמפּעדיקעל, כאָטש דער טויט וואָלט געוועזען אַ דערלייזונג, אָ, אַזאַ דערלייזונג, אַז איך קען דאָס גאָר מיט ווערטער ניט אויסדריקען! דאָך האָט אין מיר יעטווידער נערוו גע־פלאַטערט, טראַכטענדיג, אַז דער לייכטסטער שטויס פון דער מאַ־שינעריע וואָלט ארונטערגעשליידערט יענע שאַרפע, בלישטשענדיגע האַק אויף מיין ברוסט. דאָס איז געוועזען די ה אָ פ ע נ ו נ ג, וועלכע האָט געמאַכט די נערווען אויפצופלאַטערען, דעם קערפּער צוזאַמענצוציהען זיך. דאָס איז געוועזען די ה אָ פ ע נ ו נ ג, וואָס טריאומפירט אויף דער טאָרטור־מאַשין — וועלכע רוימט אריין עפּעס אין אויער דעם צום טויט־פאַראורטיילטען אפילו אין די קערקערס פון דער אינקוויזיציע.

איך האָב געזעהן, אַז ביי אַ צעהן אָדער צוועלף וויבראַציעס וואָלט געבראַכט דעם שטאָל אין ווירקליכער באַריהרונג מיט מיין בגד, און מיט אָט דער באַאָבאַכטונג איז איבער מיין גייסט פּלוצ־לינג געקומען די שטאַרקסטע, געלאַסענסטע רוהיגקייט פון פאַר־צווייפלונג. צום ערשטען מאָל פאַר אַזוי פיעל שטונדען אָדער אפשר טעג, האָב איך אַ ט ר אַ כ ט ג ע ט אָ ן. עס האָט מיר איצט אויסגעזעהן, אַז דער באַנדאַזש, אָדער גאַרטעל, וואָס האָט מיך אַרומגעדרעהט, איז געוועזן מאָדנע. איך בין ניט געוועזן גע־בונדען מיט באַזונדערע שטריק. דער ערשטער האַק פון דער שאַר־פער האַלבער לבנה אין דער קרים פון אַבי וועלכען טייל פון דעם באַנדאַזש, וואָלט עס אַזוי צעהאַקט, אַז איך וואָלט דאָס דערנאָך געקענט אַפּוויקלען פון מיין קערפּער מיט מיין איין לינקער האַנט. ווי שרעקליך אָבער וואָלט אויף דעם אופן געפיהלט זיך די נאָ־הענטקייט פון דעם שטאָל! דער לייכטסטער קאַמף וואָלט דעם טויט געבראַכט! נאָכמעהר, צי קען דאָס זיין, אַז די משרתים פון דעם תליון האָבען ניט פאַראויסגעזעהן און ניט פאַרהינדערט די דאָ־זיגע מעגליכקייט? קען דאָס זיין, אַז דער באַנדאַזש האָט איבערגע־קרייצט מיין ברוסט אין וועג פון דעם פּאַמפּענדיקעל? ציטערענ־דיג, אַז מיין שוואַכע, און ווי עס האָט אויסגעזעהן, אויך מיין לעצ־טע האָפענונג זאָל צונישט ניט ווערען, האָב איך אויפגעהויבען מיין קאָפּ אויף אַזוי פיעל, אַז איך זאָל קענען גוט זעהן מיין ברוסט. דער גאַרטעל האָט שטייף איינגעדרעהט מיינע גלידער און מיין קערפּער אין אַלע זייטען — אַ ח ו ץ א י ן ד ע ם װ ע ג פ ו ן ד ע ר פ אַ ר נ י כ ט ע נ ד י ג ע ר ה אַ ל ב ע ר ל ב נ ה.

קוים האָב איך געלאָזט פאַלען מיין קאָפּ צוריק אויף זיין פרי־הערדיגען אָרט, ערשט עס האָט אַ בליץ געטאָן אין מיין קאָפּ עט־וואָס, וואָס איך קען דאָס ניט אָנרופען בעסער ווי די ניט־פאָרמיר־טע העלפט פון יענעם געדאַנק פון באַפרייאונג, וועגען וועלכען איך האָב פריהער אָנגעדייט, און פון וועלכען נאָר איין טייל איז אויף אַז אומבאַשטימטען אופן דורכגעשוואומען מיין מאָרך, בעת איך האָב צוגעטראָגען דאָס שפּייז צו מיינע ברענענדיגע ליפּען. איצט

איז שוין ביי מיר דער גאַנצער געדאַנק — שוואַך, קוים וואָס קלאָר, קוים וואָס באַשטימט, אָבער דאָך אינגאַנצען. איך בין גלייך צו־געטראָטען, מיט דער נערוועזער ענערגיע פון פאַרצווייפלונג, פּרו־בירען עס דורכצופיהרען.

שטונדען־לאַנג האָט האַרט אַרום דער נידעריגער, הילצענדער ראַם, אויף וועלכער איך בין געלעגען, בוכשטעבליך געקישעט מיט ראַטען. זיי זיינען געווען ווילד, פרעך, זויל־וסובאַ׳דיג — זיי האָ־בען געגלאָצט אויף מיר מיט זייערע רויטע אויגען, ווי זיי וואָלטען נאָר וואַרטען, איך זאָל ווערען באַוועגלאָז און זיי זאָלען קענען מאַ־כען מיך פאַר זייער רויב. „צו וועלכער שפּייז,‟ האָב איך גע־טראַכט, „זיינען זיי צוגעוועהנט געוואָרען אין דעם ברונים?‟

כאָטש איך האָב זיך געמאַטערט ניט צו לאָזען זיי, האָבען זיי דאָך אַלעס אויפגעפרעסען, איבערלאָזענדיג נאָר אַ קליין ביסעל פון׳ם עסען אין דער כלי. איך האָב זיך אַזוי איינגעוועהנט צו רוקען די האַנט כסדר צו דער שיסעל, און ענדליך האָב איך דורך דער אומ־באַוואוסטזיניגער איינפערמיגער באַוועגונג אויסגעלעדיגט די שי־סעל ביז גאָר. אין זייער זשעדנעקייט האָבען די פּאַסקודנע באַ־שעפענישען אָפט אַריינגעהאַקט זייערע שאַרפע נעגעל אין מיינע פינגער. מיט די ברעקלעך פעטע און געווירציגע שפּייז, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך גוט אויסגעשמירט דעם באַנדאַזש, וואו איך האָב נאָר געקענט דערלאַנגען. דאַן, אויפהויבענדיג מיין האַנט פון דער ערד, בין איך געבליבען ליגען אָטעמלאָז.

פון אָנהויב זיינען די זשעדנע חיות ערשטוינט און דערשראָ־קען געוואָרען פון דער ענדערונג — וואָס איך האָב אויפגעהערט זיך צו באַוועגען. זיי זיינען אין שרעק אָפּגעטראָטען; אַ סך פון זיי האָבען געזוכט צוריק דעם ברונים. אָבער דאָס איז נאָר גע־ווען אויף איין מאָמענט. איך האָב קיין טעות ניט געהאַט אין מיין רעכענונג וועגען זייער זשעדנעקייט. באַמערקענדיג, אַז איך בין געבליבען אָהן באַוועגונג, האָבען איינע אָדער צוויי פון די פרעכסטע אַ שפּרונג געטאָן אויף דער ראַם און אַ שמעק געטאָן דעם גאַרטעל. דאָס איז קענטיג געווען אַ סיגנאַל פאַר אַן אַלגע־מיינעם געלאַף. און פרישע מחנות זיינען אָנגעלאָפען פון ברונים.

זיי האָבען זיך צוגעכאַפּט צום האַלז, זיי זיינען דאָס באַפאַלען און הונדערטער פון זיי זיינען געשפּרונגען אויף מיר. די געמאַסטענע באַוועגונג פון דעם פּאַמפּעדיקעל האָט זיי גאָרניט געאַרט. אויס־מיידענדיג די קלעפּ פון דעם פּאַמפּעדיקעל, האָבען זיי זיך שטאַרק צוגעריסען צו דעם באַשמירטען גאַרטעל. זיי האָבען זיך געדוקט, זיי האָבען זיך געשפּאַרט אויף מיר אין אַלע גרעסערע און גרעסערע קופּעס. זיי זיינען געקראָכען אויף מיין האַלז, זייערע קאַלטע ליפּען האָבען געזוכט מיינע ליפּען. איך בין באַלד דערשטיקט גע־וואָרען פון זייער שפּאַרען זיך און קוועטשען זיך אויף מיר. עקעל, פּאַר וועלכען די וועלט האָט קיין נאָמען ניט, האָט אָנגעפילט מיין ברוסט, און מיט א שווערער קלעפּיגקייט געקיהלט מיין האַרץ. אָבער נאָך איין מינוט, און איך האָב געפיהלט, אז דער קאַמף וועט זיין פאַראיבער. איך האָב איינפאַך דערפיהלט, ווי דער באַנדאַזש ווערט לויז. איך האָב געוואוסט, אז עס איז שוין מעהר ווי אין איין פּלאַץ איבערגעהאַקט געוואָרען. איך האָב זיך איבערמענשליך אָנגעשטרענגט, אום צו ליגען שטיל.

ניט איך האָב א טעות געהאַט אין מיין חשבון, ניט איך האָב געליטען אומזיסט. ענדליך האָב איך דערפיהלט, אז איך בין פ ר י י. דער גאַרטעל איז אין שטיקלעך ארונטערגעהאַנגען פון מיין קערפּער. אָבער דער קלאַפּ פון פּאַמפּעדיקעל האָט שוין גע־דריקט זיך צו מיין ברוסט. עס האָט פאַנאַנדערגעטיילט די סאַרזש פון מיין בגד. עס האָט שוין דורכגעשניטען די לייווענט וואָס פון אונטען. עס האָט זיך צוויי מאָל ווידער א וויג געטאָן און א שאַרפער געפיהל פון וועהטאָג האָט דורכגעדרונגען מיין יעטווידען נערוו. אָבער דער מאָמענט פון באַפרייאונג איז אָנגעקומען. איך האָב א מאַך געטאָן מיט׳ן האַנט, און מיינע באַפרייער זיינען מיט א געררויש אַנטלאָפען געוואָרען. מיט א כסדר׳דיגער באַוועגונג, פאָרזיכטיג, אָן א זייט, צוזאַמענציהענדיג זיך און פּאַמעליך האָב איך זיך ארויסגעגליטשט פון דער אומאַרמונג פון׳ם באַנדאַזש, און דער פּאַמפּעדיקעל האָט שוין מיך מעהר ניט געקענט דערלאַנגען. אויף דעם מאָמענט, וועניגסטענס, ב י ן א י ך ג ע ו ו ע ן פ ר י י.

פריי! — און אין די נעגעל פון דער אינקוויזיציע! איך
בין נאָר וואָס ארויס פון מיין הילצערנעם בעט פון שרעק און זיך
געשטעלט אויפ'ן שטיינערנעם דיל פון געפענגעניש, ערשט די באַ־
וועגונג פון דער העלישער מאַשין האָט אויפגעהערט, און איך
האָב באַמערקט, ווי זי ווערט ארויפגעצויגען דורך דער סטעליע פון
עפּעס אַן אומזיכטבאַרע קראַפט. דאָס איז מיר געווען א לעהרע,
וועלכע איך האָב זיך שטאַרק צום האַרצען גענומען. מען האָט
אָהן שום צווייפעל געהיט מיין יעטווידע באַוועגונג. פריי! —
איך האָב זיך נאָר ארויסגעדרעהט פון איין סאָרט מיתה משונה,
אום אריינצופאַלען נאָך אין אַן ערגערען טויט. מיט אָט דעם גע־
דאַנק האָב איך נערוועז א קייקעל געטאָן מיינע אויגען ארום און
ארום אויף די אייזערנע באַריערען, וועלכע האָבען מיך איינגע־
קלעמט. עפּעס אומגעוועהנליכעס, עפּעס אַן ענדערונג, וועלכע איך
האָב צוערשט ניט גוט באַמערקט, איז הפנים פאַרגעקומען אין דעם
חדר. מינוטען־לאַנג, אין א פאַר'חלומ'טער און שרעקעדיגער אַב־
סטראַקציע, האָב איך אומזיסט און אָהן א טאָלק זיך געבראָכען
דעם קאָפּ אויף השערות. פאַר דער צייט בין איך געוואָהר געוואָ־
רען, צום ערשטען מאָל, פון וואַנען עס נעהמט זיך די העל־געלבע
שיין, וועלכע האָט באַלויכטען די צעלע. עס איז ארויסגעקומען
פון א שפּאַלט, ביי א האַלבען צאָל די ברייט, וואָס האָט זיך גע־
צויגען ארום און ארום געפענגעניש ביי די בּרעגען פון די ווענט,
וועלכע האָבען אזוי אויסגעזעהן און זיינען געווען לגמרי אָפּגעטיילט
פון דיל. איך האָב זיך געמאַטערט, אָבער, פאַרשטעהט זיך, אומ־
זיסט, אריינצוקוקען דורכ'ן שפּאַלט.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון דעם פאַרזור, האָט מיך
גלייך א בליץ געטאָן אין מוח דאָס געהיימניש פון דער ענדערונג
אין דעם חדר. איך האָב באַמערקט, אַז כאָטש די קאָנטורען פון
די פיגורען אויף די ווענט זיינען געווען גענוג דייטליך, דאָך האָ־
בען די קאָלירען אויסגעזעהן אָפּגעבליאַקירט און אומבאַשטימט.
די דאָזיגע קאָלירען האָבען אָבער איצטער געקראָגען, און זיי האָ־
בען צו יעדער רגע געקראָגען, א שטוינענדען און ביז גאָר שטאַר־
קען גלאַנץ, וואָס האָט צוגעגעבען די גייסטערהאַפטע און טייוולאַ־

נישע בילדער אַז אויסזעהן, וועלכער האָט געקענט אויפטרייסלען אפילו שטאַרקערע נערווען ווי מיינע. דעמאָנישע אויגען, פון א ווילדער און שרעקליכער לעבהאַפטיגקייט, האָבען געקוקט אויף מיר פון טויזענטער ריכטונגען, וואו פריהער האָט מען גאָרנישט ניט געזעהן, און זיי האָבען געפינקעלט מיט דעם בלייכען גלאַנץ פון א פייער, אַזוי, אַז איך האָב ניט געקענט צווינגען מיין פאַנמאַזיע צו באַטראַכטען עס אלס אומרעאַל.

א ו מ ר ע אַ ל ! — אפילו אָטעמענדיג איז אין מיינע נאָזלעכער אריין דער ריח פון דער פּאַרע פון אָנגעברענטען אייזען! א שטיקענדיגער גערוך האָט אָנגעפילט די תפיסה. א טיפערער פייער האָט יעדען מאָמענט אויפגעפלאַמט אין די אויגען, וועלכע האָבען געקוקט אויף מיינע יסורים! א שטאַרקערע שאַטירונג פון בלוט־רויט האָט זיך צעגאָסען איבער די אויסגעמאָלטע שרעקען פון בלוט. איך האָב געסאָפּעט! איך האָב לופט געזוכט! עס האָט קיין שום צווייפעל ניט געקענט זיין וועגען דעם פּלאַן פון מיינע פּייניגער — אָ, די אומבאַרעמהערציקסטע! אָ, די דעמאָנישסטע צווישען מענשען! איך האָב אָפּגעשפּרונגען צוזאַמענגעקאָרטשעט פון דעם גליהענדיגען מעטאַל צום צענטער פון דער צעלע. אין מיטען דעם טראַכטען פון דער פייערדיגער פאַרניכטונג, וואָס האָט מיר געדראָהט, איז דער געדאַנק, אַז אין ברונים איז קיהל, געקומען איבער מיין זעלע אַזוי ווי א באַלזאַם. איך האָב א לאָף געטאָן צי זיין טויטליכען ברעג. איך האָב א וואָרף געטאָן מיין אָנגעשטרענגטען בליק אונטען. דער רויטער שיין פון דעם אָנגעצונדענעם דאַך האָט באַלויכטען זיינע פאַרבאָרגענסטע ווינקלען. דאָך, אויף איין ווילדען מאָמענט האָט מיין גייסט בשום אופן ניט געוואָלט באַגרייפען די באַדייטונג פון דעם וואָס איך האָב געזעהן. ענדליך האָט עס זיך דורכגעשפּאַרט, עס האָט זיך דורכגעבראָכען א וועג אין מיין נשמה אריין, עס האָט דורכגעברענט מיין אויפשוידערנדיגען מוח. אָ, וואָלט א שטימע גערעדט! אָ, שרעק! אָ, זאָל זיין וואָסער ניט איז שרעק, אבי ניט דער! מיט א געשריי בין איך אָפּגעשפּרונגען פון ברעג און איך האָב איינגעגראָבען מיין פּנים אין מיינע הענט, ביטער וויינענדיג.

די היץ האָט זיך שנעל פאַרגרעסערט, און איך האָב ווידער אמאָל ארויפגעקוקט, און עס האָט מיך געוואָרפן אין קעלט ווי אין א קדחת. עס איז געווען א צווייטע ענדערונג אין דער צעלע — און איצט איז אפנים די ענדערונג געווען אין דער פ אַ ר מ ע. פונקט ווי פריהער אזוי אויך איצט איז צווערשט אומזיסט געווען מיין מיה צו באַנעהמען אָדער צו פאַרשטעהן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אָבער ניט לאַנג בין איך איבערגעלאָזען געוואָרען אין צווייפעל. די אינקוויזיטאָרישע נקמה האָט זיך געאיילט צו קומען צוליב מיין צוויי מאָל ארויסדרעהען זיך, און דער קעניג פון טעראָר האָט זיך שוין מעהר ניט געוואָלט שפּילען מיט מיר. דאָס צימער איז געווען פיערקאַנטיג. איך האָב געזעהן, אז צוויי פון זיינע אייזערנע ווינקלען זיינען איצט שוין געווען שפּיציג — צוויי, פאַלגליך, ניט שפּיציג. דער שרעקליכער אונטערשייד איז שנעל פאַרגרעסערט געוואָרען דורך א נידעריגען ברומענדיגען אָבער קרעכצענדיגען קלאַנג. אין איין רגע האָט דאָס צימער איבערגעביטען זיין פאָרמע אויף א ראָמבוס. אָבער די ענדערונג האָט דאָ זיך ניט אָפּגעשטעלט — ניט איך האָב געהאָפּט, ניט איך האָב געוואָלט, עס זאָל זיך אָפּשטעלען. איך וואָלט געקענט צודריקען די רויטע ווענט צו מיין ברוסט, ווי א קלייד פון אייביגען פרידען. „טויט," האָב איך געזאָגט, „זאָל זיין וואָסער ניט איז טויט, אָבי ניט יענע גרוב!" נאַר וואָס איך בין! האָב איך ניט געקענט וויסען, אז דער צוועק פון דעם ברענענדיגען אייזען איז געווען צו טרייבען מיך דוקא א י ן ד ע ר ג ר ו ב? וואָלט איך דען געקענט ביישטעהן די היץ? אָדער אפילו ווען יאָ, וואָלט איך דען געקענט אויסהאַלטען דעם דרוק? און דאָ איז דער ראָמבוס געוואָרען אַלץ פּלאַטשיגער און פּלאַטשיגער מיט א שנעלקייט, וואָס האָט מיר קיין צייט ניט געגעבען אויף צו טראַכטען. זיין צענטער, און פאַרשטעהט זיך, זיין גרעסטע ברייט, איז אויסגעקומען פונקט איבער'ן גענעצענדיגען שלונד. איך האָב זיך אָפּגערוקט אהינטער, אָבער די ווענט האָבען מיך אָהן רחמנות געשטופּט אַלץ פאָרוועטס און פאָרוועטס. ענדליך איז פאַר מיין געפּייניגטען קערפּער שוין ניט איבערגעבליבען אין תפיסה אפילו א

שפּאַן פּעסטען באַדען, אויף וועלכע איך זאָל זיך קענען האַלטען. איך האָב שוין מעהר ניט געקעמפט, אָבער די מאַטערניש פון מיין נשמה האָט געפונען אַ אויסוועג אין איין הויכען, לאַנגען און לעצטען געשריי פון פאַרצווייפלונג. איך האָב דערפיהלט, אַז איך האָב זיך אַ וואַקעל געטאַן איבער׳ן ברעג... איך האָב אָפּגעקעהרט מיינע אויגען —

עס האָט זיך דערהערט אַ ערב־רב פון מענשליכע קולות! עס האָט זיך דערהערט אַ טרומייטערען פון אַ סך טרומייטערס! עס האָט זיך דערהערט אַ שאַרפע רייבערייַ ווי פון טויזענטער דור־נערען! די פייערדיגע ווענט זיינען אָפּגעטראָטען אַהינטער! אַ אויסגעשטרעקטער אָרים האָט אַ כאַפּ געטאַן מיינעם, בעת איך האָב חלש׳ענדיג אַ פאַל געטאַן צום אָפּגרונט. דאָס איז געווען דער אָרים פון גענעראַל לאַסאַל. די פראַנצויזישע אַרמיי איז אריין אין טאָלעדאָ. די אינקוויזיציע איז געווען אין די הענט פון איהרע שונאים.

# באַמערקונגען:

## וויליאַם וו לסאַן

peine forte et dure (פראַנצויזיש) — די ערגסטע און שטאַרקסטע שטראָף.

Oh, le bon temps, que ce siécle de fer! (פר.) — אָ ס'אַראַ גוטע צייט אין דעם דאָזיגען דור פון אייזען!

## די מאָרדען איין דער מאָרג־גאַס

et id genus omne (לאַטייניש) — און זיין גאַנצער מין.

Perdidit antiquum litera prima sonum (לאַט.) — ער האָט פאַרלאָרען די אַלטע ערשטע קלינגענדע בוכשטאַבען.

Sacré (פר.) — הייליגער.

Diable (פר.) — טייוועל.

Robe-de-chambre (פר.) — שלאָפראָק.

pour mieux entendre la musique (פר.) — אום בעסער צו פאַרשטעהן די מוזיק. — דער זין דערפון איז וואָס זיי מאַכען פאַראַדעס, ניט נויטיגע צערעמאָניעס.

Loge de concierge (פר.) — דער פּלאַץ פון דעם אויפפּאַסער פון הויז.

Je les ménageais (פר.) — דער זין דערפון איז: איך האָב זיי געדולדעט באַהאַנדעלט מיט זיידענע הענטשקעס, פריינדליך אויפגענומען.

au troisiéme (פר.) — אויפ׳ן דריטען שטאָק.

de nier ce qui est, ct d'expliquer ce qui n'est pas. (פר.) — איגנאָרירט דאָס וואָס איז פאַראַן און דערקלערט דאָס וואָס ס־איז ניטאָ; איגנאָרירט די פאַקטען און דערקלערט די השערה.

## אַ מאַנוסקריפּט וואָס מען האָט געפונען אין אַ פלעשעל

Ignes fatui (לאַט.)—בלאָנדזשענדע פייערען — אַ מין פאָספאָר־שיין וואָס זעהט זיך אין דער לופט איבער זומפּען.

## די גרוב און דער פּאָמפּעדיקעל

די שפּאַנישע אינקוויזיציע, וועלכע איז געוואָרען אַ רעגיערונגס־טריבונאל אין 15טען יאָהרהונדערט, איז אונטערדריקט געוואָרען אין יאָהר 1808, אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָנ׳ס אינוואַזיע, און אין 1835 איז זי אינגאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען. פּאָו האָט זיך באנוצט מיט די געשיכטע פון די שרעקען פון דער אינקוויזיציע אין איהרע אלטע צייטען, אום צו מאכען אַן ער־צעהלונג פון קונציגער גרויזאמקייט, ערלויבענדיג זיך אין דער זעלבער צייט אַריבערצוטראָגען די האנדלונג אין 19טען יאָהרהונדערט. דאָס מאָ־טאָ פון דער ערצעהלונג איז גענומען געוואָרען פון דיזראַעלי׳ס Curiosities of Literature אָבער דער מאַרק וואָס איז אויפגע־שטעלט געוואָרען אויפ׳ן פּלאַץ, וואָס ער דערמאָנט, האָט, לויט באָדלער׳ן, קיינמאָל ניט געהאט ניט קיין טויערען, ניט קיין אויפשריפט.

# אינהאַלט: